# דוד פרישמאַן

## צווייטער באַנד

ערשטע אויפלאַגע

Published by
LILI FRISHMAN
IN MEXICO CITY

אַרויסגעגעבן דורך לילי פרישמאַן

# צו כל-נדרי

ווידער איז עס גריידאָוו — דאָס קליינע, וואונדערליכע שטעטעל, און צוזאַמען מיט'ן שטעטעל שווימט אַרויף פאַר מיר דאָס גאַנצע קינדער־לעבען מיינס: אָט איז די אַלטע שול מיט איהרע וואונדערליכע און גרויליכע „מעשיות"; אָט איז ליבוש חקרן, „דער לעהרער" פון גרויס־פּוילען, וואָס האָט כל ימיו רק געגריבעלט זיך און געחוקר'ט' ביז ער איז צום סוף אַראָב פון זינען; אָט זענען מיינע חברים, לויטער „עלויים", וועלכע האָבען זיך דאַן גלאַט אַזוי, כמעט אַלע ביז אויף איינעם אויסגעשמד'ט; און אָט איז אויך די קליינע רחל'ע מיט איהרע בלאָנדע גאָלדענע לאָקען, אין וועלכע איך האָב אַזוי ליעב געהאַט צו גראַבלען אפילו שוין זייענדיג אַ היבש־דערוואַקסענער בחור — אַלעס, אַלעס לעבט היינט אויף פאַר מיינע אויגען. און דעם קליינעם איגנאַץ געדענק איך, און ציפּצעריק, אונזער גרויסען שוואַרצען קאָטער, און דעם קאַטוילישען גלח מיט די לאַטיינישע ביכער. און דאַן שטייגט־אויף פאַר מיר די ערינערונג אָן דער גרויסער בריק, וואָס טיילט אָב די ניי־שטאָדט פון דער אַלט־שטאָדט, און פון ביידע זייטען בריק מורמעלט דאָס וואַסער פון דער וואַרטאַ און שווענקט די סטאָלבעס, אויף וועלכע די בריק ליגט. אָפט דאַכט זיך מיר גאָר, אַז איך הער, ווי דאָס וואַסער פּלעטשערט און גיסט זיך און רוישט, און דאָס רוישען בעריהרט ווייך מיין האַרץ, אַז עס דערלאַנגט אַ ציטער און בעוועגט זיך און וויעגט זיך.

אָבער די בריק וואָס טיילט־פונאַנדער וואַסער פון וואַסער, האָט אויך פונאַנדערגעטיילט מענשען פון מענשען; דען ביז צום יאָהר טויזענד־אַכט הונדערט־דרייאונזעכציג זענען די טויערען פון דער ניי־שטאָדט געווען אָבגעשלאָסען פאַר'ן יודענס וועגען. דער יודישער בית־הקברות איז געווען די גרעניץ צווישען דער אַלט־און דער ניי־שטאָדט, און איהם האָט מען געקענט זעהן פון דער בריק אויס — דער ווייטסטער פונקט, צו וועלכען אַ יוד

האָט געקענט דערלאַנגען לעבעדיגערהייט. אמת, עס האָט פּאַסירט עטליכע מאָל, אַז יודען, יחידים, זענען אַמאָל אַריבער ביז אויף יענער זייט בריק נאָך פאַר׳ן לעבען, אָבער דערפאַר זענען זיי אַריין אין „פּנקס״, בעשריבען געוואָרען אַלס זעלטענע אויסנאַהמען — מאַנכע צו אייביגען כבוד, ווייל זיי האָבען מקדש־השם געווען, און מאַנכע צו שמאַך און צו שאַנד...

און פערשיעדען זענען זייערע געשיכטען — און לייענען מיר אין יענעם פּנקס, קומען אונז אויפ׳ן זין אַרויף וואונדערבאַרע מחשבות, און עפּעס אַ וועהטאָג, וואָס מיר קענען זיך אַליין נישט דערקלערען, וואָס עס בעדייט, דריקט אונז ביים האַרץ. ווי אַזוי אייגענטליך איז דאָס געשעהן? ווער האָט דעם ווייטען אָבגרונד געגראָבען, וואָס טיילט־אָב איין מענשען פונ׳ם אַנדערען? און דער סוף פון דעם וואָס וועט זיין? און וועט שוין קיינמאָל, קיינמאָל דאָס נישט אויפהערען? — אַט לייענען מיר אין דעם דאָזיגען בוך געשיכטען, וואָס האָבען פּאַסירט אין באַגדאַן כמיעלניצקים און גאָנטעס צייטען: אַ יודיש מיידעל, עפּעס איינע מרים סגל, איז די בריק אַריבער. אַ פּוילישער פּריץ האָט זי מיט געוואַלד אַהין מיט זיך אַריבערגענומען. אָבער אין אַ פּאָר טעג שפּעטער איז דאָס מיידעל צוריקגעקומען, צוזאַמען מיט איהר מאַן דעם פּריץ און נאָך אין דעמזעלבען טאָג איז דער פּריץ געגאַנגען צום רב, און דער רב האָט איהם אין אַ בעזונדער חדר אַריינגעפיהרט, וואו זיי האָבען זיך לאַנג געסוד׳עט, און דערנאָך האָט זיך דער פּריץ מגייר געווען און מען האָט איהם אַ נאָמען געגעבען אברהם בן אברהם. זיין גאַנץ פערמעגען אָבער האָט דער דאָזיגער גר אַוועקגעשאָנקען דער יודישער קהלה, מען זאָל דערמיט די אַלטע שוהל, דעם מהר״ם׳ס שוהל, בויען, און דערנאָך איז ער מיט זיין וויב אַרויס פון שטאָדט און אַוועק קיין ארץ־ישראל. און ווייטער לייענען מיר: אַמאָל האָט זיך עפּעס אַ יודעל, אַ שניידער אָדער אַ שוסטער, אויפגעהויבען פּלוצים און איז מיט׳ן אייגענעם ווילען אַריבער די בריק. אין יענער צייט — דאָס וועט שוין זיין עטליכע הונדערט יאָהר — האָבען די פּאָליאַקען געהאַלטען גראָד מלחמה מיט עפּעס אַנ׳אַנדער פאָלק. מען האָט בעלאַגערט די שטאָדט, די לאַגע פון די פּאָליאַקען איז געווען זעהר אַ געפעהרליכע, דאָ איז דאָס דאָזיגע יודעל געקומען און האָט זיי עפּעס אַנ׳עצה געגעבען — און פּלוצלינגע ישועה איז אויף זיי געקומען. דאָס

דאָזיגע יודעל אָבער איז שוין קיינמאָל נישט מעהר צו זיין פאָלק צוריק־געקומען, און קיינער ווייסט נישט מעהר וואָס מיט איהם איז געוואָרען; נאָר זאָגען זאָגט מען, אז די פּאָליאַקען האָבען איהם זעהר הויך געשעצט און א שטיינערנעם דענקמאָל האָבען זיי איהם געשטעלט אין דער אַלעק־סאַנדער־גאַס, דאָרט אין דער ניי־שטאָדט, און אַנדערע זאָגען, אז צו דעם דאָזיגען דענקמאָל איז אויך צוגעזעצט געווען א יעזוס־בילד. —

אזוי דערצעהלט אויך דער פּנקס פון צוויי בחורים, „עלויים" ביים רב, אויף וועלכע עס איז עפּעס מיטאמאָל אַנ׳אַנשיקעניש געקומען, און זיי האָ־בען זיך אין א שעהנעם טאָג אויפגעהויבען און די בריק אריבער און זענען קיינמאָל נישט מעהר אין די אַלט־שטאָדט צוריקגעקומען. פון דער ניי־שטאָדט זענען זיי אָבער אויך אוועק, נאָך טערקיי זענען זיי געגאַנגען, דאָרט זענען זיי די גרעסטע געגעראַלען אין טערקישען חייל געוואָרען, און האָבען אויף די באַלקאַנישע בערג גרויסע מלחמות געפיהרט און גרויס העלדישקייט בעװיזען, פון וועלכע מען דערצעהלט זיך נאָך ביז צום היינטיגען טאָג. איינער פון זיי האָט זיך א נאָמען געגעבען אָסמאַן אָדער סולימאַן, אָדער אפשר נאָר מאַחמאַד עפענדי, און דער צווייטער האָט זיך אויך געלאָזט רופען אזא שטייגער נאָמען...

אזוי איז דער פּנקס.

נאָר איין־איינציגער יוד וואוינט אין דער ניי־שטאָדט פראַנק און פריי און קיינער זאָגט איהם קיין בייז וואָרט נישט, און דעם דאָזיגען יודען רופט מען משה׳לע חסיד. איהם האָט דער „קאָצקער" געהייסען ארויסציהען זיך פון דער אַלט־שטאָדט און זיך בעזעצען אין דער ניי־שטאָדט און דאָרטען האַלטען א שענק; דאָס איז געווען אזא מין „סגולה". און דער דאָזיגער יוד האָט נישט גערוהט און נישט געשלאָפען און האָט זיך געלאָזט קאָסטען אוצרות מיט גאָלד ביי „נאַטשאַלסטוואָ", ביז איהם האָט זיך איינגעגעבען צו בעקומען די ערלויבעניש, זיך אריבערצוציהען איבער די בריק און זיך צו בעזעצען אין דער ניי־שטאָדט — און דאָס איז געווען ביי אַלעמען א מין מופת.

און דערמאָהנענדיג זיך היינט אַלע יענע אַלטע מעשיות, מוז איך זיך אויך דערמאָהנען אָן די משוגענע, אָן שרה דעם כלי־זמר׳ס ווייב, אָדער שרה

די אלמנה, און איך געדענק פּלוצלינג אַלץ, וואָס מיט איהר איז געשעהן, און אַלץ וואָס זי האָט אין איהר לעבען אָבגעטהון.

דען טעגליך, געהענדיג אין חדר, בין איך פאר די אַלטע משוגענע פאַרבייגעגאַנגען. טיילמאָל האָב איך זי געזעהן, טאַנצענדיג און שפּרינגענדיג און זינגענדיג ליעדער אויף אַ הויך קול, אָדער זאָגענדיג אויסוועניג גאַנצע קאַפּיטלעך תהלים און שבת'דיגע זמירות; טיילמאָל האָב איך געזעהן, ווי ווייסע חברה יאָגט זיך נאָך איהר און זי לויפט נעבעך מיט אַלע כוחות און בעהאַלט זיך פון די שטיינער, וואָס זיי וואַרפען איהר נאָך. נאָר אָפט האָט אויך פּאַסירט, אַז זי פלעגט זיך אוועקזעצען ביים סלופּ, וואָס ביים עק בריק, און אָבזיצען אַזוי שעה'ן לאַנג, נישט ריהרענדיג זיך פון אָרט, די ליפען צונויפגעפּרעסט איינע צו די אַנדערע און קיין איינציג וואָרט פון מויל, נישט אַרויסגעלאָזט, נישט צומאָל קיין בליק וואַרפענדיג אויף דער קאָמפּאַניע יונגלעך, וועלכע שטעהען נעבען איהר. איינמאָל נאָכמיטאָג געה איך אַזוי אין חדר אַריין און דערזעה די משוגענע אַרומגערינגעלט פון אַ גאַנצער חברה יונגלעך. איך האָב מיך אוועקגעשטעלט קוקען אויף איהר אַ מינוט, און נישט זייענדיג פּאַרזיכטיג גענוג, האָב איך אומגערן זי אָנגעריהרט מיט דער האַנד. די משוגענע הויבט זיך פּאַמעלעך אויף פון איהר אָרט, קוקט מיך לאַנג, לאַנג אָן און לאָזט מיר פּלוצלינג אַראָב אַ פּאַטש, וואָס האָט מיר די אויערען פערקלונגען, און אין דער אייגענער רגע זעצט זי זיך צוריק אַוועק אויף איהר אָרט, און זיצט ווידער שטום, נישט אויסצורעדען אַ האַלב וואָרט. איך האָב זיך צעוויינט אויפ'ן קול, בין אַוועק פון יענעם אָרט און געלאָפען אין חדר אַריין. —

ביי דער טהיר פון חדר האָב איך מיר די טרעהרען אויסגעווישט און קיין וואָרט נישט דערצעהלט. נאָר נאָכ'ן לערנען, אַז אַלע חברים מיינע זענען שוין געוועזען אהיימגעגאַנגען, בין איך צום רבי'ן צוגעגאַנגען און האָב געפרעגט:

— ווער איז דאָס די משוגענע?

— די משוגענע? שרה די אלמנה?

— יאָ, רבי, יאָ, שרה די אלמנה מיין איך.

— וואָס איז דאָ צו פרעגען, נאַרעלע! אַ משוגענע איז זי, זייט איך

געדענק איז זי א משוגענע, אפשר שוין צעהן, צוואנציג יאהר, אפשר נאך מעהר.

— איך ווייס, — האב איך אויסגעשריגען און האב זיך פערטראכט — אבער, רבי, פארוואס זאגט זי דען תהלים אויסווענדיג? פארוואס דערצעהלט מען אויף איהר, אז זי ווייסט אויסווענדיג כמעט דעם גאנצען מחזור מיט אלע יוצרות און פיוטים? ווער האט מיט איהר דען גמרא געלערנט, ווארום מען זאגט, אז זי קען גמרא אזוי ווי א מאנסביל? . . .

עטליכע מינוטען איז דער רבי געשטאנען ווי פערשטומט, גלייך ווי ער הערט דאס אלעס צום ערשטען מאל, נאר באלד האט ער דעם פארטיגען ענטפער געהאט: מיין קינד, איך וועל דיר אלץ דערצעהלען! אט די דאזי־גע פרוי האט אמאל געקענט דעם גאנצען תנ"ך אויף אויסווענדיג, זי האט אויך א סך גמרא געלערנט. נאר קוים האט זי זיך אונטערגעשטעלט צוצו־טרעטען אויך צו קבלה־ספרים, גענומען לערנען דעם ספר רזיאל און זוהר, דא האט זי דער „קאצקער" זכרונו־לברכה פערשאלטען. אזוי איז די דאזי־גע פרוי אראב פון גלייכען יודישען וועג, געגאנגען אין שלעכטע דרכים, אראב פריהער פון וועג און דערנאך פון זינען און אזוי איז זי געב־ליבען א משוגענע ביז אויפ'ן היינטיגען טאג . . .

איך האב מיך נישט געקענט בערוהיגען מיט דעם רבי'ס ווערטער, און קומענדיג אהיים האב איך זיך בעקלאגט פאר דער מאמען, אז די משוגענע האט מיך געשלאגען.

— רעכט אויף דיר — האט דער טאטע מיך אנגעשריגען אנשטאט מיך צו בעדויערען — וואס טשעפעסט דו זיך מיט אנ'אומגליקליכער, קראנקער פרוי, מיט א געשלאגענער פון גאט?

— און ווער איז זי, טאטע? — איז זי נישט א שלעכטע, זינדיגע נשמה, וועלכע דער קאצקער רבי האט פערשאלטען פאר איהרע שווערע עבירות? האט זי זיך נישט אריינגעלאזט אין געפעהרליכע חקירות און האט געוואלט געגען גאט צו קלוג זיין? . . .

— ווער האט דיר דאס אלץ דערצעהלט, נאריש יונגעל?

— דער רבי! — האב איך אויסגערופען, ווי מען רופט אוים א מאטע־מאטישען בעווייז, און האב געציטערט מיט'ן גאנצען קערפער.

— קיין וואונדער נישט, אז אזא מענש רעדט אזוינע רייד — האט דער טאטע שטיל, ווי צו זיך אליין רעדענדיג, געענטפערט. און דאן האט ער מוסיף געווען: איבערהויפט, ווען נישט פיעל ווייסען דאס דאזיגע, וואס מיט איהר האט פאסירט . . .

און אז איך האב זיך געבעטען ביים טאטען, מיר צו דערצעהלען אלץ, וואס ער ווייסט וועגען איהר, איז ער מיר אויסגעוויכען. און האט מיר גע־רעדט ווערטער, וועלכע איך האב צו יענער צייט נישט געקאנט פערשטעהן:

— ביסט נאך צו יונג, מיין קינד, און וועסט נאך נישט פערשטעהן! דו קענסט נאך נישט דאס לעבען און זיין פינסטערע מאכט, ווען עס קומט מיט שטורם און געוואלט און ריהרט־אן ביז צום נפש. דאן פרעגט מען און מען בעקומט נישט קיין ענטפער, מען זוכט ערקלערונגען און מען געפינט זיי נישט, און אז דער מענש ווערט פערביטערט און פערצאגט, דאן פלוכט ער זיין גאט און אלע הייליגע; דו ווייסט נאך גארנישט די גרויסע שרעקליכע ליידען, וואס דאס דאזיגע לעבען קען מיט זיך מיטברענגען . . .

יעצט בין איך אויסגעוואקסען און איך קען עס שוין; איך קען דאס לעבען מיט זיין פינסטערער מאכט, מיט זיינע שטורמען און געוואלטען, איך ווייס, אז מען פרעגט און מען בעקומט נישט קיין ענטפער, מען זוכט ער־קלערונגען און מען געפינט זיי נישט, און אויך אלע יענע שווערע ליידען, וואס דאס דאזיגע לעבען קען מיט זיך ברענגען, זענען מיר נישט מעהר פרעמד . . . און אויך אלץ, וואס האט איבערגעלעבט יענע אומגליקליכע פרוי, איז מיר יעצט גענוי בעקאנט מיט אלע איינצעלהייטען — און דאס וויל איך היינט דערצעהלען.

דען שלעכט איז עס, ווען די פינסטערע מאכט ריהרט־אן ביז צום נפש, דאן ווען דאס יונגע בלוט אין די יוגענד־יאהרען שטורעמט און רוישט — דאן צעפאלען זיך די שטריק, וואס דער מענש האט זיך אלס מענש אויף די הענד געלעגט, און דאס געוועב, וואס די געוואוינהייט האט איהם אין זיך איינ־געוועבט, קריכט־פונאנדער און עס רייסט זיך ווי א פלאקסענער פאדים ביים דערשמעקען פייער . . .

*

אויך די דאזיגע פרוי האט אמאל געלעבט גליקליך, אמת אז איהר גליק

איז אויך דאָן נישט בעשטאַנען אין גאָלד און זילבער און רייכטימער, דען שטענדיג איז זי געווען אַנ׳אָרעם מענש, אַ וויסטע אלמנה, וואָס האָט גע־לעבט מיט איהר איינציג טעכטערל אין דחקות און נויט; אָבער דאָס דאָזי־גע טעכטערל, די קליינע אסתר, איז געווען דאָס גליק. ווינטער פלעגט זי די אלמנה פליקען פעדערען פאַר די רייכע הייזער, איינקויפען פאַר זיי גענז, היהנער און אַנדערע עופות, און זומער פלעגט זי פערקויפען אין גאַס פרוכ־טען, און פלעגט דערמיט זיך און איהר אסתר׳לען דערנעהרען.

גריידאָוו איז קליין, און די עשירים און די קויפער קען מען אויף די פינגער צעהלען. אָבער אויך איהרע בעדערפעניסען זענען געווען קליין און קנאַפּ. געוואוינט האָט זי אין אַ דאַך־שטיבעל הינטער דער שטאָדט, געגעסען האָט זי אַ שטיקעל גריעס־ברויט, און פאַר׳ן קינד האָט זי געברויכט עטוואָס מילך מיט אַ סוכאַרקע; חוץ שבת האָבען זיי קיין פלייש נישט געגעסען. און אויך מלבושים האָט מען נישט צופיעל בעדאַרפט.

איהר אסתר׳ל איז גאָט־זיי־דאַנק אַ מלכות אויך אין די אָבגעריסענע שמאַטקעס! און זי, די אלמנה אליין, דאַרף דאָך אוודאי און אוודאי זיך נישט צו פוצען; חתונה האָבען אַ צווייט מאָל וועט זי דאָך סיי־ווי־סיי נישט מעהר.

און האָט זיך אַ מאָל געמאַכט, אַז עס האָט אַ טאָג אינגאַנצען פער־פעהלט אויף עסען, האָט זי זיך אויך דאָס נישט שטאַרק גענומען צום האַר־צען; דען וואָס זי זאָל נישט טהון, וועט זי עס דאָך טהון נאָר צוליעב אסתר־לען — און אַזוי פלעגט זי נעהמען די ביידע קישענס פון בעט אַראָב, פלעגט געהן דערמיט אין שטאָדט אריין צום דאָזאַר און פלעגט עס פערזעצען ביי איהם פאַר אַ פּאָר גילדען און קויפען מילך מיט סוכאַרקעס. אָפט פלעגט זי זאָגען: „יאָ, ווען מיין יוסף האָט געלעבט, איז אַזעלכעס נישט פאָרגעקו־מען...״ אָבער אויך דאָן, ווען איהר מאַן יוסף האָט געלעבט, זענען איהר די געבראָטענע טויבען נישט געפלויגען אין מויל אריין, דען דער דאָזיגער מאַן האָט זעהר שווער געאַרבייט אויפ׳ן שטיקעל ברויט; אָבער דער עול איז דענסטמאָל נישט געלעגען אויף איהר קאָפּ. יעדען זונטאָג פריה פלעגט יוסף אַרויסגעהן אין די דערפער, צו די פּריצים אין די הויפען, פון וועלכע ער האָט זיין חיונה געצויגען, דען ער האָט אַ מאָדנע פרנסה געהאַט: ער

איז געווען א וואנדער־כלי־זמר. — די פרנסה פונ׳ם יודישען כלי־זמר איז געווען א מאָדנע: פארציימען האט דער יודישער כלי־זמר אין פוילען פער־נומען אנ׳אָרט ביי די פריצים אין די הויפען; קיין יום־טוב און קיין באל האט זיך נישט אָנגעהויבען אָהן דעם יודישען כלי־זמר. דער יוד פלעגט שפּיעלען א „לכה דודי“ א „מה יפית“ און א „כל נדרי“, וואלסען און פּאָל־קעס, אויך עטליכע אריעס פון בעקאנטע אָפּערעס, און דערפאר פלעגט מען דעם יודישען מוזיקאנט מכבד זיין מיט א גלעזעל משקה, צוווארפען איהם עטליכע גילדען, מען פלעגט אויך אריינפיהרען מארישען די דיענסט, און דער כלי־זמר האט מיט איהר געמוזט טאנצען א קאזאק. אָפט פלעגען זיך צונויפטרעפען אין הויף א דריי, פיער אזעלכע מוזיקאנטען, און אזוי פלע־גען זיי ארומוואנדערען פון דאָרף צו דאָרף פון זונטאג פריה ביז פרייטאָג, אזוי אז דער „יודען־טערצעט“ און „יודען קווארטעט“ איז געוואָרען שפּריכט־ווערטליך.

אזא סאָרט כלי־זמר איז געווען אויך יוסף. יעדען זונטאג אינדערפריה פלעגט ער זיך מאכען אין וועג אריין און יעדען דאָנערשטאָג אָדער שפּעטס־טענס פרייטאָג פריה פלעגט ער צוריק אהיימקומען. ווער האט איהם אויס־געלערנט די דאָזיגע מלאכה? — אויף די פראגע האט יוסף קיינמאל נישט געוואוסט וואס צו ענטפערען. ער האט צופעליג א מאל א פיעדעל אין די האנד געקריגען, די פינגער זיינע האבען זיך אין איהרע סטרונעס פערטשע־פּעט און פערשידענע טענער האבען זיך פון דער פיעדעל ארויסגעגאָסען; עפּעס האט זיך ביי איהם אין האַרצען אָבגערופען, און וואס עס איז געווען, האט ער נישט געוואוסט: עפּעס וויינעס, עפּעס מילדעס, ווי נאָך קיינמאל נישט אין זיין גאנצען לעבען.

פון דענסמאל אן האט ער אָנגעהויבען אָפטער שפּיעלען אויף דער פיע־דעל, און א צווייטער כלי־זמר האט איהם צוגעלערנט. טיילמאל פלעגט ער זיך אויפכאפּען אין מיטען נאכט, אראָבשפּרינגען פון בעט, אראָבכאפּען די פיעדעל פון דער וואנד און אָנהויבען שפּיעלען. אין אזוינע מינוטען פלעגט ער פיהלען ווי עפּעס אינעווייניג אין הארץ זינגט זיך, און ער פלעגט זיך צעוויינען. עס איז אָבער געקומען דערנאָך א צייט, ווען ער האט שוין נישט מעהר געוויינט, און אויך יענע וויכקייט און מילדקייט האבען זיך

נישט מעהר אָבגערופען — דאַן האָט ער שוין רוהיג געשפּיעלט זיינע „מהד־יפית׳ען", געטאַנצט מיט מאַרישען דעם קאַזאַק, געטרונקען זיין גלעזעל און געכאַפּט זיינע עטליכע גילדען, אָפּט פלעגט ער אַהיימקומען אינגאַנצען בש־לום, מיט אַ גאַנצען גוף און מיט די עטליכע גילדען אין דער קעשענע, נאָר דאַן פלעגט איהם אָפּט פעהלען אַ פּאָלע פון זיין קאַפּאָטע, און ער פלעגט זיך פאַר דעם ווייב פערענטפערען: „שרה! מיר האָבען זיך בלויז אַ שפּאַס גע־מאַכט, איך און דער הערר גראַף. און דער הערר גראַף, שוין אַ ביסעל אויפ־געררוימט, האָט אויף מיר אָנגערייצט זיין קאַסטאַר׳ן דעם גרויסען הונד"...

און שרה הערט דאָס אויס און איז זיך גאַנץ גלייכגילטיג; עס האָבען דאָך דאָס געטהון די גרויסע שררות, וואָס דער מאַן האָט די גאַנצע חיונה פון זיי, און זי, מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס איז זי גאָר? אַ יודיש ווייבעל! און וואָס איז איהר מאַן? אויך נישט מעהר ווי אַנ׳אָרעמער יוד — און וואָס פאַר אַ רעכט קען זי גאָר האָבען, זיך צו בעקלאָגען? און איבערהויפּט איז דאָס ווייבעל נישט געווען געוואוינט פיעל צו גריבלען זיך און צו קלערען; זי האָט נאָר געוואוסט, אַז דריי מאָל אין טאָג דאַרף מען דאַווענען, און דאָס האָט זי געטהון מיט גרויס כוונה, אינדערוואָכען ביי זיך אין שטיבעל און שבת אין דער ווייבערשער שוהל. יעדעס מאָל, ווען דער מאַן פלעגט פון דאָרף צוריקקומען, האָבען איהר ווערטער געפעהלט, צו רעדען מיט איהם. ער פלעגט זי פרעגען: „נישטאָ עפּעס צו עסען שרה?" און זי פלעגט אַלע־מאָל ענטפערן: „ס׳איז דאָ", און פלעגט איהם דערלאַנגען דאָס עסען, אַ מאָל אַביסעל וואַרעמע זופּ, אַ מאָל פיש־יויך מיט אַ קיכעל — מעהר האָט זי נישט געוואוסט . . .

אָבער דאָס דאָזיגע רוהיגע, איינפאַכע לעבען איז מיט אַ מאָל אַנדערש געוואָרען; שרה האָט אַ מאָכמער געבוירען — די קליינע אסתר.

דענסמאָל האָט זיך ביי שרה׳ן צום ערשטען מאָל דאָס ווייבליך מוטער־ליכע אָבגערופען, זי האָט טיעף אויפגעאָטעמט, ווי נאָך קיינמאָל נישט אין לעבען, זי האָט אַליין נישט געוואוסט, וואָס מיט איהר איז און פאַרוואָס טהוט זי דאָס. נאָר געפיהלט האָט זי ביי זיך דאָס ערשטע מאָל אין איהר לעבען, אַז זי איז עפּעס, וואָס זי איז פריהער נישט געווען, און אַז זי האָט יעצט קייטען אויף די הענד, וועלכע זי טראָגט זעהר גערן; ערשט יעצט האָט זי

אַנגעהויבען פיהלען דאָס ערשטע מאָל אין איהר לעבען, גלייך מיט אַלע איהרע אומגליקליכע טויזענדער שוועסטער, אַז אַ חוץ דעם סידור מיט'ן טייטש־חומש און דער ווייבערשער שוהל האָט זי נאָר עפּעס אַ חלק אין לעבען, וואָס קיין מענש טאָר עס נישט בעריהרען, און ווער עס ריהרט עס אָן, בעריהרט איהר נשמה. — דענסמאָל האָט זי זיך געפיהלט די גליקליכסטע אין דער וועלט, און שטענדיג האָט זי יענע גליקליכע צייט דערמאָהנט. און אַלעמאָל ווידער דערמאָהנט.

וואונדערבאַר האָט דאָס קינד אין איהרע אויגען אויסגעזעהען, און עס איז ווירקליך אַ וואונדערבאַר קינד געווען!

דער טאַטע איז געווען אַ כלי־זמר, אַ מענש מיט אַ מוזיקאַלישער בע־גאַבונג — קיין וואונדער נישט, אַז נאָך אין דער פריהסטער יוגענד האָט אויך דאָס קינד געוויזען, אַז עס וואַקסט אַ מוזיקאַלישע קינסטלערין. און דאָס מיידעל איז אַלץ עלטער און שענער געוואָרען און איז ווי אַ בליהענדי־גע בלום געווען, און דאָס האַרץ ביי דער מאַמען איז געוואַקסען פאַר נחת.

ווען מען אַהרט עס, אַז אסתר האָט נישט אַזאַ שעהן קליידעל, ווי עס טראָגען די גבירישע קינדער? זענען די אַנדערע אפשר אויך אַזוי קלוג ווי איהר אסתר, אויך אַזוי שעהן ווי זי און האָבען זיי אפשר אויך אַזאַ זיס קול ווי איהר קליינע אסתר? און אויך די קליינע אסתר האָט זיך נישט געקימערט וועגען די אַנדערע און האָט זיך נישט צוגעקוקט צו זיי און האָט מיט זיי קיינמאָל נישט געשטיפט און זיך געשפּיעלט. שטיל פלעגט זי זיצען פאַר זיך, און פלעגט זיין פערקלעמט. זי איז געווען עפּעס גאָר אַ בעזונדער קינד. אַלעמאָל, ווען יוסף פלעגט אַהיימקומען פריה פון זיין וועג, שוין דאָ־נערשטאָג ביינאַכט, פלעגט ער נעהמען צו זיך דאָס קינד אויפ'ן שויס און פלעגט איהר אויף דער פיעדעל פאָרשפּיעלען און פאָרזינגען, און דאָס קינד פלעגט זיך טיעף איינהערען און פלעגט פּרובען מיט דעם צאַרטען, דיניטשקען שטימעלע אַלעס פונקט ווי דער פאָטער נאָכצומאַכען! און דער פאָטער פלעגט אַלעמאָל פערזיכערן שרה'ן, אַז אסתר איז צו עפּעס גרויסעס געבוירען און וואָלט זי זיין אַ יונגעל, וואָלט זי גאַנץ זיכער אויסגעוואַקסען אַ וועלט־בע־

ריהמטער חזן, עפּעס אַ מין קאַשטאַן, אַ ישראל׳קע שקודער און נאָך אַזעל־כע גרויסע.

דאַן איז פּלוצלינג דאָס גרויסע אומגליק געקומען: דער כּלי־זמר איז מיט אַנ׳אומנאַטירליכען טויט געשטאָרבען — דורך אַ גנעדיגליכען שפּאַס פון אַ הערר גראַף. ביי שרה׳ן אין האַרץ אָבער האָט זיך אַ געדאַנק ענטוויקעלט — אַזוי מאָדנע און פאַרט אמת — אַז עס איז גאָר רעכט און גוט, וואָס דער מאַן איהרער איז געשטאָרבען, דען יעצט וועט אסתר נאָר איהר אליין געהערען, איהר אליין און מעהר קיינעם נישט. פון יעצט אָן וועט איהר לעבען פעסטער זיין צוגעקניפּט און איינגעפלאָכטען אין אסתר׳ס לעבען.

די ערשטע צייט האָט זי געקלאָגט און געוויינט, אַז אייביג וועט זי נאָך איהר מאַן טרויערען און אַז קיינעם האָט נאָך נישט פּאַסירט אַזאַ אויס־געפּאַלענע שטראָף ווי איהר; אָבער אויך די דאָזיגע ביטערע צייט איז אַריבער. „גאָט האָט דאָך מיר מיין טאָכטער געשאָנקען — פּלעגט זי אין ביטערע מינוטען צו זיך אליין רעדען — און מיין טאָכטער איז אַנ׳אוצר, און גליקליך איז די מאַמע, וואָס פערמאָגט אַזאַ אוצר, און איך, איך בין דאָס די גליקליכע מאַמע״. און טויזענדער מאָל האָט זי די דאָזיגע ווערטער איבערגעחזרט, ביז טיילמאָל האָט זי שוין אליין נישט געוואוסט וואָס זי רעדט; טיילמאָל האָט זיך איהר געדאַכט, אַז ערשט יעצט האָט זי אָנגעהויבען וויסען, ווי טייער איהר טאָכטער איז איהר, אַז איהר האַרץ איז צו ענג, אום צו קענען פערטראָגען די דאָזיגע גרויסע ליעבע צו איהר טאָכטער און אַז דער מאַן איהרער איז נאָר אַ שטערעניש געוועזען אין איהר ליעבע צו איהר טאָכטער — אָבער די קינדער פון דעם דאָזיגען אומגליקליכען פאַלק זענען נישט שולדיג, ווען זיי זינדיגען אַזוי שווער, דען זיי וויסען נישט וואָס זיי טהוען. טיילמאָל פּלעגט זיך דאָס קינד אויפכאַפּען ביינאַכט פון שלאָף, און פּלעגט זיך שטאַרק דערשרעקען, זעהענדיג ווי די מאַמע זיצט נאַקעט ביי איהר בעטעל און קוקט איהר גלייך אין געזיכט און די ליפּען איהרע שעפּטשען: „יאָ, טאָכטער־שי, יאָ, מיין גאָלד־טעכטער׳ל, מיין לעבען! פינף און דרייסיג יאָהר בין איך יעצט אַלט, און ביז דו וועסט אויסוואַקסען, ביז דו וועסט חתונה האָבען, וועל

איך שוין זיין אַ יאָהר פופציג — אוי גאָט, אוי גאָט! ווי לאַנג דאָס איז נאָך, און ווער ווייסט וואָס מיר איז נאָך בעשערט צו ליידען ביז יענער צייט!״

און דאָס מיידעל ווערט וואָס אַ טאָג שענער, וואָס אַ טאָג קליגער און גראָטענער! קומט איהר צו די אויערען עפּעס אַ טאָן פון אַ שפּיעלען אָדער אַ זינגען, דאַן שטרעקט זי זיך אויס אויף דער ערד, ליגענדיג אויפ׳ן בויך, שפּרייט־אויס די ענדטעלעך מיט די פיסלעך, ווי איינער וואָס שווימט, די אויגען קוקען שטייף, די אויערען זענען אויפגעשטעלט, און אַזוי ליגט זי, ווי זי וואָלט אָן אַלץ אין דער וועלט האָבען פערגעסען. אָבער ווער וועט זיך אין דער יודישער גאַס אויף איהר אומקוקען און זי פערשטעהן? און וואָס ווייסט די מאַמע פון איהר און וואָס האָט זי צו דערצעהלען?

עס קומט קיינעם נישט אויפ׳ן זין אַרויף, אַז אַ מאָל וועט זיין אַ צייט, וואָס טויזענדער וועלען זיך אויף איהר אומקוקען און וועלען זי פערשטעהן. אויך אסתר אַליין ווייסט נישט, וואָס אין איהר קומט פאָר.

ווי אַ רויז איז זי אויפגעגאַנגען און האָט געבליהט פון טאָג צו טאָג מעהר און פון חודש צו חודש, און ווער עס האָט זי אין דער יודישער גאַס געזעהן, האָט זיך אומגעקוקט און איז שטעהן געבליבען. יעדען טאָג געהט זי יעצט דורך די יודישע גאַס ביז צום עק בריק מיט אַ קוישעל אויף דער האַנד און שרייט: „עפּעל, עפּעל! קאַרשען! באַרנעס! קויפט, קויפט!״ — און די מאַמע, די אלמנה, זיצט יעצט אין שטוב און קאָכט אַ זופּ פאַר איהר טאָכטער און גרייט איהר צו אַ ריין קליידעל, און אַז די טאָכטער קומט צו־ריק פון גאַס, אין אָווענט, זינגט זי דער מאַמען ליעדעלעך פאָר, און די מאַמע הערט זיך איין און איהרע אויגען ווערען גרוים; טיילמאָל מאַכט זיך, אַז די טאָכטער צעזינגט זיך און די מאַמע הויבט אָן צו וויינען — דען זי פיהלט זיך אַזוי גליקליך, אַזוי איבערגליקליך, און איהר ווילט זיך פלו־צים אַז די צייט זאָל שוין זיין וואָס גיכער אַוועקגעפלויגען און איהרע אויגען זאָלען שוין דערלעבען צו זעהן איהר אסתרל נעבען איר בעשערטן: נאָך זיבען יאָהר, זעקס, נאָך פינף! אָ, גאָט אין הימעל, טאַטע פאָטער! קרעכצט די אלמנה, — ווי לאַנג איז נאָך די צייט און שווער איז דאָס וואַרטען!״

נאָך פינף און פיער יאָהר, נאָך דריי און צוויי — און אויך די דאָזיגע לאַנגע צייט איז ענדליך אַריבער. אָבער וואָס אַלץ אין דער וועלט וואָלט די אלמנה נישט יעצט געגעבען, אַז יענע צייט זאָל נישט זיין אַריבער, אָדער עס זאָלען זיין אייביגע יאָהרען, וועלכע קענען זיך קיינמאָל נישט ענדיגען! אינצווישען אָבער איז די קליינע אסתר אַ גרויס מיידעל געוואָרען, אַ שעהן רייצענד מיידעל, און קאָן טהון אַלץ, וואָס איהר האַרץ גלוסט. ווי אָבער יענע צייט איז אַריבער, דאָ זענען אַריבער אויך אַלע יענע זיסע חלומות, וואָס עס האָבען זיך געחלומט דער אלמנה וואָכעדיג און שלאָפענדיג, און דענסמאָל איז אַלץ אַזוי אַנדערש געוואָרען, אַזוי אינגאַנצען אַנדערש־אַנדערש פון אָנהויב ביז'ן סוף. דענסמאָל איז אַ שטורמווינד אויפ'ן שטילען הייזעל געקומען און האָט עס אומגעדרעהט, אַזוי אַז קיין מענשליכע האַנד איז נישט אימשטאַנד געוועזען דעם שטורם אָבצוהאַלטען, און אויך די אלמנה, און אויך די מאָכטער האָבען נישט די קראַפט געהאַט איהם אָבצוהאַלטען. וואָס ווייסט די אָרימע אלמנה און וואָס פערשטעהט זי, וואָס עס טהוט זיך? ווער וועט פאַר איהר עפענען דאָס בוך פון לעבען און ווער וועט איהר אויסטייטשען, וואָס אין איהם שטעהט געשריבען?—אסתר אָבער האָט יאָ געלייענט אין דעם דאָזיגען וואונדערליכען בוך, וואָס האָט זיך איהר אויפגעעפענט, און עס האָט זיך פון זיך אַליין געלייענט, און אַז דאָס לעבען האָט זיין שטימע צו איהר אויפגעהויבען, האָט איהר שטורמישער גייסט קיין שום גרעניץ נישט מעהר געקענט, דען עס האָט אין איהר ווי אַ פלאַם־פייער זיך אָנגעצונדען, און די שטריק אויף איהרע הענד זענען צעפאַלען ווי אַ פלאַקסענער פאָדים ביים דערשמעקען פייער, און דאָס געוועב, וואָס די געוואוינהייט האָט פערטיג געמאַכט, איז צעקראָכען ווי אַ קלייד וואָס איז פון מאָלען צעפרעסען...

און מערקווירדיג! — נישט די ליעבע האָט דאָסמאָל איהרע וואונדער געוויזען, נאָר אַנדערע פערבאָרגענע רעדלעך האָט די איבער אונז געוועלטיגענדע האַנד אין בעוועגונג געזעצט און אַ ניי לעבען איז געשאַפען געוואָרען. —

דאָס בעוועגענדע רעדעל איז דאַסמאָל געווען אַ קליין ליעדעל פון וואַלפּ־גאַנג פאָן געטהע, מיט מוזיק פון לודוויג וואַן בעטאָהווען...

*

גריידאָוו פון יענער זייט בריק.

ריין און ניי און פריש ליעגט עס אויסגעגאָסען, און די וואַסערן פון דער ווארטאַ רינגלען עס אַרום פון אַלע זייטען, און דער „קוריער ווארשאַווס־קי״ רופט עס — „דאָס קליינע ווענעדיג״. אויך די נאַטור אַליין שיינט אָנ'אונטערשיעד צו מאַכען; ליכטיג און גאָלד־שטראַהלענד הויבט זיך די זון אויף איבער דעם דאָזיגען טייל שטאָדט, וועהרענד זי קוקט פינסטער און פערכמורעט איבער די אַלט־שטאָדט, ווי זי וואָלט חוזק מאַכען פון דעם בי־סעל יודען מיט זייער פינסטערען דלות. אָבער די יודען פונ'ם געסעל ווייסען דאָס נישט און פערשטעהן דאָס נישט; דען אויך טויטע ווייסען נישט און פערשטעהן נישט! דערצו נאָך האָט דער פּאָליאַק פון תמיד אָן זיי צוגע־וואוינט, גרייט צו זיין שטענדיג, צו שפּאָט און לאַכען, און אויך די גויים פון דער ניי־שטאָדט פיהלען נישט, וואָס זיי טהוען שלעכטס און ווי זיי פּייניגען. דער איינציגער יוד, וואָס וואוינט דאָ צווישען זיי, איז ר'משה חסיד; ער האַלט דאָ די ווינשענק. וואוינען וואוינט ער אין דעם שענסטען הויז פון דער גאַנצער שטאָדט, פּונקט אַנטקעגען דער קירכע „די הייליגע אננאַ״. אין דעם טייל, וואָס די שטאָדט פערמאָגט. אין דער צווייטער זייט איז די „נאַ־ראַדאָווא שקאָלאַ״, און אינ'ם אויבערשטען שטאָק איז דער רעדוטען־זאַל, וואו עס ווערט אין פריהלינג און אין זומער טעאַטער געשפּיעלט.

גריידאָוו איז גאָר אַ קליין שטעדטעל, און דער שטראָם פון דער נייער צייט איז ביז אַהין נאָך נישט געקומען; אָבער פּאָרט ווערט דאָ אין פריה־לינג און אין זומער טעאַטער געשפּיעלט און עס קומען אַרטיסטען און מו־זיקער אויף גאַסטראָלען, דען בעמיהט וועגען דעם האָט זיך דער „פּאַן ראַד־צאַ״; אַזוי וועניגסטענס זאָגט ער אַליין, און מיר מוזען עס איהם גלויבען. ווער איז דער „פּאַן ראַדצאַ״ און פאַר וואָס רופען איהם יודען און קריסטען

דער „פאָן ראַדצאַ״? דאָס לאָזען מיר איבער פאַר די געשיכטס־פאָרשער, און פאַר אונז איז גענוג, ווען מיר ווייסען, אַז דער הערר „ראַדצאַ״ האָט אַ שטאַרקע הנאה דערפון, וואָס מען רופט איהם „פאָן ראַדצאַ״, און דעם הערר „ראַדצאַ׳ס״ הויפּט־בעשעפטיגונג איז צו זיצען גאַנצע טעג ביי רבי משה שענקער אין דער וויינשענק אָדער פאַר׳ן מאַגיסטראַט, וואו עס איז אויך „דער סאָנד״; דאָרט זיצט ער זיך אויפ׳ן בענקעל, און דאַרף עמיצער אַנ׳ עדות, וואָס זאָל האָבען געזעהן אָדער געהערט עפּעס, איז דער הערר „ראַד־צאַ״ שטענדיג גרייט צו זיין דער געוואונשטער עדות. אמת דער „פאָן ראַד־צאַ״ האָט קיין פּרייז־קוראַנטען פאַר עדות־זאָגען קיינמאָל נישט פערעפענט־ליכט, און דאָך האָט יעדער געגוי געוואוסט די טאַקסע: עדות זאָגען אָהן שבועה האָט געקאָסט צוויי גילדען פּויליש, מיט אַ שבועה — דריי גילדען; פלעגט ער דאַרפען ביי דער זעלבער „ספּראַוועו״ צוויי אָדער דריי מאָל זיין, פלעגט ער געבען אַנ׳הנחה אויף אַ דריטעל. נאָר ווידער זאָגען, אַז די פּרייזען ביי איהם זענען געווען „פּרי־פיקס״ קען מען אויך נישט. דער „פאָן ראַדצאַ״ איז בטבע געווען זעהר אַ גוטער מענש, אַ מענש, וואָס לאָזט זיך האַנדלען און האָט אמאָל פּאַסירט, אַז מען האָט נישט בעצאָהלט די פולע טאַקסע פלעגט ער אויך שווייגען. אַ חוץ די אַלע מעלות טובות, וואָס גאָט האָט איהם געשענקט, האָט דער הערר פּאַלעסקי — אזוי האָט ער געהייסען — געהאַט אויך עפּעס אַ היטעל מיט אַ גרינעם לאָמפּאַס און אַ קאָקאַרדע; דערצו האָט ער זיך נאָך געלאָזט וואַקסען אַ פּאָר לאַנגע, געדיכטע וואָנסעס, און זיך פערשאַפט אַ נאָז פון אַ רויט־בלויען קאָליר; אזוי אויך האָט דער הערר „ראַדצאַ״ פערשטאַנען גאַנץ געלויפיג פראַנצויזיש — און אויך דאָס מוזען מיר איהם גלויבען. ער דערצעהלט אונז, אַז צוריקקומענדיג פון פּאַריז, האָט ער דאָס גאַנצע שטעדטעל געמאַכט פאַר געבילדעטע לייט, ער האָט פאַר זיי אויפגעעפענט אַ נייע וועלט, האָט זיי געגעבען דעם געשמאַק פון מוזיק און קונסט, האָט זיי געלערענט טאַנץ און שפּיל, האָט זיי אויסגעפּיי־נערט און אויסגעאיידעלט דעם עסטעטישען זין און האָט זיי געמאַכט בים־לעבוויז פאַר אמת׳ע אייראָפּעער. אזוי קומט, אַ דאַנק איהם, יעדעס יאָהר

קיין גריידאָוו אַ טרופּע אויף אַ גאַסט־שפּיעל, אַזוי שפּיעלט זי עטליכע וואָ־כען און אַזוי גיהט זי ווידער איהר וועג.

און נאָך דעם אַלעם האַלט זיך דער הערר „ראַדצאַ" ביי זיך נישט גרויס און שטאָלצירט נישט מיט זיינע וואוילטהאַטען, וואָס ער טהוט מיט דעם שטעדטעל; ער איז אַזוי ווייט בעשיידען, אַז ער שעמט זיך אַפילו נישט צו זיצען אין אַ יודישער ווײנשענק. אַלע ווייסען שוין: טרעפט מען נישט דעם הערר „ראַדצאַ" זיצענדיג אויף'ן בענקעל פאַר'ן מאַגיסטראַט, זיצט ער אין דער ווײנשענק ביי ר' מאָשקע'ן.

יודען — פלעגט פּאַלעסקי שטענדיג זאָגען — זענען אָרענטליכע מענ־שען, זיי געבען ריינעם שפּירט און גיסען קיין קאַפּ וואַסער נישט צו, און דעריבער פּאַסירט אויך אָפט, אַז ער ווערט, נישט ווילענדיג, שכור; אַ חוץ דעם — פלעגט ער מוסיף זיין שטילערהייט — האָבען די יודען נאָך אַ מעלה: ביי זיי קאָן מען קריגען אַמאָל אַ גלעזעל משקה אויך אויף קרייד, ווען עס מאַכט זיך אַמאָל, אַז עס פערפעהלט גראָד דער גראָשען...

און נאָר איהם האָט דער יוד מאָשקע צו פערדאַנקען — אַזוי זאָגט פּאַלעסקי — וואָס ער האָט בעקומען די ערלויבעניש, צו וואוינען אין דער ניי־שטאָדט און זיך דאָרט צו עפענען די ווײנשענק. אויב דער הערר „ראַד־צאַ" האַלט זיך דאַסמאָל זעהר געניו אין דעם אמת, איז שווער צו זאָגען; אמת איז יעדענפאַלס, אַז ער האָט פּונ'ם יודען שעהנע עטליכע הונדערט גיל־דען גענומען אויף אָוועקגעבען ווייטער צו די פערשיעדענסטע טשינאָווניקעס אין דער גובערניע; אויב, און וויפיעל, עס האָט זיך אויך ביי איהם אָב־געשטעלט, איז שווער פעסטצושטעלען. ווי די מעשה אָבער איז: ר' מאָשקע האָט די ערלויבעניש בעקומען, און האָט פון דאָ אָן אָנגעהויבען וואוינען אין דער ניי־שטאָדט, איבערהויפּט איז די גאַנצע מעשה מיט ר' מאָשקעס וואוינען אין דער גויאישער גאַס געוועזען אַ רעכט ביסעל מערקווירדיג. דען ר' משה איז געוועזען אַנ'אומגליקליכער מענש: עס האָבען זיך ביי איהם קיין קינדער נישט געהאַלטען; ווי באַלד עס איז ביי איהם איינס געבוירען געוואָרען, איז עס באַלד געשטאָרבען. דאָ האָט איהם „דער קאָצקער" אַ קור־פערנע קמיע געגעבען, ער זאָל זי שטענדיג אויפ'ן האַלז טראָגען; און אויך

האָט ער איהם אָנגעזאָגט, ער זאָל באַלד אַרויס פון דער אַלט־שטאָדט און זיך אַריבערציהען אין די ניי־שטאָדט אויף דער אַנדערער זייט בריק, צווישען די גוים. דערהערענדיג דעם רבי'ס רייד, איז ר' משה שטאַרק דערשראָקען געוואָרען: פאַרוואָס הייסט איהם דאָס דער צדיק, ער זאָל זיך אַריינציהען צווישען גוים? וואָס זאָל ער דערמיט מיינען? — עפּעס אַ מערקווירדיגע „סגולה"! — עס פערשטעהט זיך, אַז באַלד האָט ר' משה געפאָלגט, וואָס דער צדיק האָט איהם געהייסען, און האָט זיך געלאָזט קאָסטען אוצרות געלד ביז ער האָט בעקומען די ערלויבניש צו וואוינען אין דער ניי־שטאָדט. ער האָט זיך בעזעצט אין דער גויאישער גאַס פון יענער זייט בריק. ר' משה האָט זיך געעפענט דאָרט אַ ווייַנשענק, און אַלע איינוואוינער פון דער ניי־שטאָדט האָבען זיין שענק בעזוכט; דאָרט פלעגען זיי זיך צוזאַמענקומען און אָבהאַלטען זייערע אסיפות בייטאָג און דאָרט פלעגען זיי שפּיעלען זייער־רע־קאָרטען ביינאַכט און זייער ביליאַרד און שאַך.

ר' משה איז געוואַקסען און איז ביסלעכווייז רייך געוואָרען. און איבערהויפּט זומער־צייט, ווען די אַקטיאָרען פלעגען קומען, פלעגען חברה גאָר נישט מעהר אָבטרעטען פון ר' מאָשקעס שענק; גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט פלעגען זיי דאָרט פערברענגען. דען די אַרטיסטען פלעגען אין איינעם פון די שענק־צימערן מאַכען יעדן טאָג די רעפּעטיציעס פון די שטיקער, וועלכע האָבען געזאָלט ביינאַכט אויפגעפיהרט ווערען פאַר'ן פובליקום, און דעריבער פלעגט דאָרט אַ גרויסער עולם געוועהנליך זיך צוזאַמענקומען און אַ לעב געבען מיט די אַרטיסטען. עס פערשטעהט זיך, אַז דער „ראַדצאַ" פאַן פאַלעסקי איז אַלע מאָל געווען אין דער שפּיץ, און ווער רעדט נאָך, אַז ער האָט גנעדיגליך געמאַכט אַ ליעבעס־ערקלערונג דער קליינער בלאָנדער קרוּ־ליקאָווסקאַ, אַ סוברעטין מיט אַ רויט פּנימ'ל, דענסמאָל איז ער שוין אויף אַ רגע נישט אָבגעטרעטען פון ר' מאָשקע'ס ווייַנשענק, און אויף איהם קוּ־קענדיג האָבען אויך די אַנדערע אַזוי געטהון; יעדער האָט זיך אויסגעקליבען זיין מיידעל, דער אַ כאָריסטין, דער עפּעס גרעסערס, יעדער לויט זיין פערמע־

גען, און ר׳ מאַשקעס הויז האָט געהילכט פון פרייד און לוסט און שטורמי־
שען לעבען.

און דאָרט, אויף יענער זייט בריק, ליעגט די יודישע גאַס, פערכמאַ־
רעט און פערנעבעלט און שווער עטעמדיג — קיינער אָבער האָט ר׳ מאַשקען
נישט איבעל גענומען, דען אַלע האָבען געוואוסט, אז וואָס ער טהוט, טהוט
ער לויט דעם אויסדריקליכען בעפעהל פונ׳ם צדיק.

עס פלעגט זיך מאכען אַ מאָל, אז א יוד פון דער יודענגאַס איז אריבער
אויף יענער זייט בריק צוליב א געשעפט, דאן פלעגט ער זיך גיך אָבפטר׳ן
און פלעגט גיך צוריק אהיים, און דאָס האָט מען פאַר קיין עוולה נישט גע־
האַלטען; אמאָל פלעגט זיך אויך מאכען, אז א יוד איז אהינגעגאַנגען מיט
עפּעס א וועקסעלע אויף א פריץ אָדער פלעגט געהן מיט א „סומע״ צום
פריץ, אָדער עפּעס א טרעגער אָדער אַ קרעמער, וועלכער טראָגט ארום זיין
סחורה אין די הייזער, פלעגט קומען מיט זיין סחורה דאָ פלעגט אזעלכער
זיין געשעפט אזוי גיך ווי מעגליך פּטר׳ן און פלעגט גיך צוריק אהיים—אָבער
נאָך האָט די בריק געטוילט גאַס פון גאַס, לעבען פון לעבען און מענש פון
מענש און איינס איז מיט דעם אַנדערען כמעט נישט געקומען אין בעריה־
רונג; נאָך איז נישט געקומען דאָס ריינע לופטעל, וואָס זאָל מיט זיך מיט־
טראָגען איבערן וואסער יענץ קערענדעל, וועלכעס עס זאָל פערזענקען אין
דער שוים פון דער פרעמדער ערד, אום עס זאָל וואקסן און זאָל פרוכטען
טראָגען...

אָבער אין איינעם פון די שבט־טעג, אין א פערכמארעט־טרויעריגען
טאָג, ווען א נאַסער פוילער שנעע איז געגאַנגען — דאָ איז אסתר׳ל, די
אלמנה׳ס טאָכטער, אריבער איבער די בריק, צום ערשטען מאָל אין לעבען
איז זי אריבער, און מיט׳ן קויש אויף דער האַנד איז זי אריין צו ר׳ מאַשקען
אין שטוב.

און א פרייטאָג איז דאָס געווען, די אלמנה איז עפּעס קראַנק געווען און
אסתר׳ל האָט איבערגענומען איהר ארבייט ארויסצוגעהן מיט׳ן ביסעל
סחורה אין שטאָדט און צו פערדינען די עטליכע גראָשען אויף שבת־הוצאות
דער האַלבער טאָג איז אָבער שוין געווען אוועק, און די עטליכע געלייזטע

גראָשענס זענען נאָך געווען אַזוי קנאַפּ און די חלות און ציבעלעס און אייער זענען נאָך געווען אַזוי פּיעל. דאָ איז אסתר׳לען געקומען עפּעס אַ געדאַנק אין זין אַריין, און זי האָט אַ מינוט לאַנג געקעמפּט קעגען איהם — אָבער אינדערהיים ליעגט די מאַמע קראַנק און דאָ איז שוין אַזוי שפּעט און באַלד וועט אָנרוקען די נאַכט. זי איז צוגעגאַנגען ביז דער בריק, און האָט זיך אָבער אָבגעשטעלט, אַ פּוילער רעגען איז געגאַנגען. עס קומט אָנצוגעהן ראובן דער מעקלער, און זי זעהט, ווי נישט קלערענדיג, געהט ער גיך אַריבער. פון דער קירכע שלאָגט דער גלאָק, טיעף און פייערליך. זי קלערט נישט מעהר לאַנג און כאַפּט זיך אויף און געהט, אין אַ מינוט שפּעטער איז זי ביי ר׳ מאָשקען אין שטוב. קוים אָבער איז זי די שוועל אַריבערגעטרעטען, איז זי שטעהן געבליבען פערוואונדערט; דען צום ערשטען מאָל אויף איהר לעבען האָט זי אַלע יענע נייע מענשען געזעהן מיט זייער פּראַכט און זייערע מאַניערען, און אַ געדאַנק איז איהר געקומען אין זינען אַריין, אַז עס איז פאַרהאַן עפּעס אַ ניי לעבען, וואָס מוז זיין אָנגענעהמער און וועלכעס איז אַזוי גאַנץ אַנדערש ווי דאָס לעבען אין דער יודענגאַס, און דאָס הארץ האָט איהר אָנגעהויבען שטאַרק צו קלאַפּען. אויף גיך האָט זי פערקויפט אַלעס, וואָס ביי איהר אין קויש איז געווען, און איז גיך אַרויס פון שטוב און אַרויס פון דער ניי־שטאָדט, דען זי האָט דאָ לענגער נישט געקאָנט אויסהאַלטען.

דער מוטער אָבער האָט זי פון קיין זאַך נישט דערצעהלט, און האָט אַליין נישט געוואוסט, פאַר וואָס נישט. עפּעס האָט זי דעם דאָזיגען טאָג גערעדט און גערעדט, און עס האָט זיך נישט געקלעבט אַ וואָרט צו אַ וואָרט; עפּעס האָט זי זיך שטאַרק פונאַנדערגעלאַכט, גאָרנישט ווי איהר געוואוינ־הייט, נאָר מינוטענווייז האָט זי זיך שטאַרק פערטראַכט און איז געווען ווי פערחלומ׳ט...

אָבער שוין דעם קומענדיגען זונטאָג, און דאַן מיטוואָך און דאַן פריי־טאָג איז אסתר׳ל ווידער אַהין צו ר׳ מאָשקען אין הויז, און דאַן האָט זי אָנגעהויבען קומען טאָג טעגליך, און האָט אַליין נישט געוואוסט, וואָס די געהיימע קראַפט איז, וואָס ציהט זי אַהין.

נייע בעטראַכטונגען האָבען איהר הארץ אויסגעפילט, זי האָט מיט די אויי־

נען געשלונגען דאָס נייע לעבען, און אַלעס איז איהר עפּעס אַזוי פרעמד גע־וועז, און זי האָט עס נישט פערשטאַנען,; טיילמאָל האָט זיך איהר געדאַכט, אַז דאָס נייע לעבען איז זעהר, זעהר ווייט פון איהר, און טיילמאָל ווידער, אַז עס איז גאָר נאָהנט, אַז זי דאַרף נאָר אויסשטרעקען די האַנד, אום עס צו נעהמען. לאַנגזאַם, לאַנגזאַם איז דער ווינטער אַוועק. רבקה, ר' מאָשקעס ווייב, פלעגט מיט איהר רעדען יעדען טאָג, זי פלעגט איהר דערצעהלען פון אַלעס, וואָס עס קומט פאָר וואָס דאָרט טהוט זיך און פון די אַקטיאָרען און די זינגערס און פון דער קליינער קרוליקאָווסקאַ און דער גרויסער קאָוואַלסקאַ און פון די פּריצים און שררות און ווי זיי שפּיעלען ביליאַרד און ביינד־לעך...

— שפּיעלען! און אין ביינדלעך? — האָט דאָס מיידעל געפרעגט נישט וויסענדיג וואָס מיט איהר טהוט זיך, און איז געווען ווי אין אַ חלום — איהר לאַכט פון מיר, רבקה'שי! איז מעגליך, אַז ס'איז פאַרהאַן דערוואַקסענע מענשען, מענשען וואָס זענען שוין מעהר נישט קיין קינדער און זייערע יונגעלעשע יאָהרען זענען שוין אַריבער און די דאָזיגע מענשען שפּיעלען זיך ווי די קליינע קינדער,

— נאַטירליך! — האָט רבקה געענטפערט. מיינע לייט שפּיעלען נישט צום צייט־פערטרייב, נאָר צו פערדיענען אַ רעכטען גראָשען. עס טרעפט אָפט, אַז מען געהט אין אַ געוועט.

איך געדענק פאַראיאָהרען האָט זיך גראַף קראַשנעצקי געוועט מיט זיינס אַ בעקאַנטען וועגען אַ שפּאַס, וואָס ער האָט געזאָלט מאַכען מיט דעם פריילין ווישניעווסקאַ; איינגעשטעלט האָט מען דעם גראַפס אַ גוט, און דער גראַף האָט דאָס גוט פערשפּיעלט, ווייל דאָס פריילין האָט נישט ערלויבט מיט זיך צו שפּאַסען... דו וואונדערסט זיך, אַסתר'ל — נאָר יאָ! וואָס האָב איך דיר דאָ געוואָלט זאָגען? — אַהאַ! געבען וועסטו מיר נאָך פאַר אַ פערציג גראָשען אייערביינעלעך. אויך ציבעלעס וועסטו מיר געבען אַ פונט, און דאַן צוויי מאַנדעל אייער! אייער זענען טייער היינטיגט יאָהר, נישט אמת?...

ווי אַ חלום האָט זיך דאָס נייע לעבען אויפגעפּראַלט פאַר אסתר'לס אוי־

גען — זי האָט נישט געוואוסט און האָט נישט פערשטאַנען, וואָס זענען דאָס פּאַרא מענשען, וועלכע קענען אָנגענעהמעס געפינען אין לעבען, און אַז לע-בען איז שעהן און אָנגענעהם, און אַז לעבען איז אַזוי בעוועגליך און ריה־רעוודיג; דען ביי דער מוטער אין שטוב האָט זי געלעבט און דאָרט איז זי אויסגעוואַקסען, און האָט פון מעהר גאָרנישט געוואוסט, ווי פון דעם קויש, וואָס זי פלעגט אַרומטראָגען, און די תפילות וואָס די מוטער פלעגט איהר פון סידור אַרויס פאָרלייענען; און די קראַפט, וועלכע ציהט זי אַזוי שטאַרק און מעכטיג צו יענעם אָרט, האָט זי ערשט רעכט נישט פערשטאַנען — נאָר וואָס מעהר רבקה האָט איהר דערצעהלט פוע יענעם לעבען, האָט די תאוה אין איהר מעהר און מעהר געברענט, ביז זי האָט זיך אין איהר צעפלאַקערט ווי אַ פלאַם־פייער, און זי האָט געגעליהט מיט אַלע איהרע געדאַנקען, צו זעהן דאָס אַלעס מיט די אייגענע אויגען און צו הערען דאָס אַלעס מיט די אייגענע אויערען. און די טעג האָבען זיך געשלעפּט, און דער זומער איז גע־קומען. און דאַן האָט דאָס מיידעל אַלע יענע וואונדער מיט די אייגענע אוי־גען געזעהן, און דאָס אַלעס איז געווען טויזענד מאָל שענער און וואונדער־ליכער, ווי זי האָט עס זיך פאָרגעשטעלט...

און דאָך האָבען נאָך די נייע פלאַנצען נישט צו טיעפע וואָרצלען אין איהר האַרץ געשלאָגען, און וואָלט זי יעצט אַ מינוט לאַנג זיך צוריקגעצויגן פון דעם דאָזיגען וועג, ווער ווייסט, אויב זי וואָלט נישט אַלעס ווידער פער־געסען און וואָלט ווערען די אייגענע, וואָס פריהער; דאָ אָבער האָט זיך נעמאַכט עפּעס אַ זאַך, וואָס האָט אָנגעריהרט גראָד איהר נשמה, און ווי נאָר אין איהר האַרץ האָט זיך דאָס ערשטע טירעל אויפגעמאַכט, דאָ איז דאָס נייע לעבען איינגעדרונגען טיעפער און טיעפער...

און עפּעס נייעס איז געשאַפען געוואָרען.

דער טאָג איז געווען גליהענדיג היים און די זון האָט געהאַקט אין דעם קאָפּ פון׳ם מיידעל, וואָס איז געשטאַנען מיט איהרע קוישען פערמאַטערט און פערטראָגען און פערחלשט. שווערפעליג האָט זי זיך צוזאַמענגענומען און האָט זיך צוגעשלעפּט ביז צו ר׳ מאָשקעס וויינשענק. ווי אַלע מאָל, אַזוי אויך היינט איז דער הערר פאַלעסקי באַלד צו איהר צוגעקומען, און האָט זיך מיט איהר אין אַ שמועס אַריינגעלאָזט און האָט איהר צום טויזענד־

סטען מאָל געזאָגט, אַז ער איז פערליעבט אין איהר און געהאַלטען אין איין רופען זי „זשידאָוועטשקא קאַכאַנעטשקא”. דאָס מיידעל אָבער האָט שוין דאַס אַלעס גוט געקענט אויף אויסענווענינ, אַז זי האָט זיך שוין גאָרנישט מעהר איינגעהערט וואָס רעדט ער דאָרט, און נאָר ווען ער האָט געפּרובט מיט זיינע בעוואַקסענע פינגער איהר אויך אין די באַקען צו קנייפּען, האָט זי זיך געכאַפּט צו ענטלויפען.

פלוצלינג אָבער איז זי שטעהן געבליבען ווי צוגעשמידט — עפּעס א געזאַנג־שטימע האָט זיך געלאָזט הערען פון צווייטען צימער.

עס איז געווען די שטימע פון א יונגער זינגערין, ווייך, שמעלציג, עפּעס ווי זיך בעטענדיג — און זי שטעהט ווי צוגעשמידט און האָרכט. פלוצלינג האָט זיך די שטימע ווי אומגעביטען, שטורעמדיג איז זי געקומען, און געוואַלדיג און מעכטיג; עס האָט זיך אויסגעדראַכט, אַז עס איז דאָס געוואַלדיגע געשריי פון געפאַנגענעם, וועלכער האָט צום ערשטען מאָל דערפיהרט א לופטעל, און ער בעט זיך, מען זאָל איהם שענקען לעבען און פרייהייט און לופט, און דאַן פלוצלינג וויל ער דאָס אַלעס נעהמען מיט געוואַלד, און שטרעקט אוים זיין מעכטיגע האַנד, און נעהמען וועט ער דאָס אַלעס, ער וועט נעהמען, און קיינער וועט זיך איהם נישט קענען אַנטקעגענשטעלטען...

דאָס ליעד איז געווען פון וואָלפגאַנג פאָן געטהע און די מוזיק פון לודוויג וואַן בעטהאָווען, און דאָס האָט יעצט א קאָנצערט־זינגערין געמאַכט א רעפּעטיציע, זיך פאָרברייטענדיג צו דעם היינטיגען ליעדער־אָווענט.

אסתר'ל האָט נישט געוואוסט, וואָס אין איהר איז געשעהן; אסתר'ל האָט פון דעם אינהאַלט פונ'ם ליעד כמעט גאָרנישט פערשטאַנען און אויך נישט פון דער שענקייט פון דער מוזיק, און דאָך האָט יעדער טאָן בעזונדער א גאַנצע רעוואָלוציע אין איהר אויפגערודערט, און הערענדיג יענעם טייל פון די סטראָפען, יענעם רוישענדען, שטורמיש־ און געוואַלדיג־רייסענדען טייל, האָט איהר בלוט אָנגעהויבען קאָכען, און פלוצלינג האָט זיך דאָס האַרץ ביי איהר פערקלעמט, און זי איז געשטאַנען מיט אַנ'אויפגעריסען מויל און אין די אויגען ביי איהר האָט עס געפלאַקערט און געפלאַמט משונה ווילד און עס האָט געשפּריצט מיט פונקען. —

דאָס ליעד איז שוין לענגסט געווען געענדיגט, די לעצטע טענער האָבען אָבגעקלונגען פון אַלע זייטען, און דאַן איז געבליבען נאָר איין־איינציגער פיינער קלאַנג; באַלד איז אויך דער דאָזיגער לעצטער קלאַנג געשטאָרבען. דאָס מיידעל אָבער ווייסט נאָך אַלץ־נישט, וואו זי איז און שטעהט נאָך אַלץ ווי צוגעגאָגעלט. פון אַ צווייטען צימער ארום הערען זיך די אויסרופען פון די ביליארד־שפּילער: „די מוטער אין ווינקעל!" „אין דער מיטען!" „פינף און פערציג!" „אכט און פערציג!" און פון דעם אנדערען צימער הערט מען די שאך־שפּיעלער: „קעניג!" „היט די קעניגען!" „קעניג מאַט!" — אָבער צו אסתר'ס אויערען קומט דאָס אַלעס נישט, אַז זי שווימט נאָך אַלץ אין אַ מין אויפגערעגטען ים פון געדאַנקען אָהן אַ גרונד און אָהן אַ ברעג...

דאָ איז ער פּאַלעסקי ווידער צו איהר צוגעגאַנגען: — כאַ—כאַ—כאַ! — לאַכט ער מיט אַ פערשכורטען קול —, ס'איז דאָך נאָר צום לאַכען! און דאָס רופסט דו זינגען? קלאָר, אַז דו האָסט נאָך מיין שטימע נישט געהערט; יאָ, יאָ, קלאָר, אַז איך האָב דיר נאָך קיינמאָל נישט עפּעס פאָרגעזונגען! זאָל איך? אָט נעהם איך: דאָ, רע, מי, פאַ, סאָל— יאָ, יאָ, און אויך די הויכע „צע" קען איך נעהמען, און אויך דאָס העכסטע — איך קאָן, אזוי ווי דו זעהסט מיך לעבען, איך קאָן! אָבער שעהן ביסט דו, יאַנקעלאָווא, ווי דו זעהסט מיך לעבען, דו ביסט שעהן, און אין מיין בילדער־גאַלעריע געפינט זיך אַ בילד — אַנ'עכטער רובענס — אזוי ווי דו זעהסט מיך לעבען, אַ פּאָרטרעט פון דער קעניגען אסתר'קא, דעם קעניג זיגמונט'ס אַ ווייב נייַן, קאַזשמיעזש דעם גרויסענס אַ ווייב, און זי איז עהנליך צו דיר, זיי אַיין איי צום צווייטען. נאָר זעהט נאָר, זעהט נאָר! אָט שטעהט זי דאָ, די בהמה און ווייסט נישט וואָס עס טהוט זיך מיט איהר; יאַק באַבציע קאָכאַם, עס איז קלאָר, אַז עס האָט נאָך מיך נישט זינגען געהערט, יאַק באַבציע קאָכאַם! אָבער שעהן איז זי, פּשיאַ־קרעוו — ווילסטו מיר אַ קוש געבען?

אָבער איידער דער הערר „ראַדצאַ" האָט בעוויזען, זיך נעהנטער צו איהר צוצורוקען, איז דאָס מיידעל געווען פערשוואונדען. זי האָט קיין איינ־

ציג וואָרט זיינס נישט געהערט, זי האָט נישט געוואוסט וואָס מיט איהר איז, און אין קאָפּ האָט עס געקלאַפּט ווי מיט האַמערס.

די אַלמנה האָט גאָרנישט פערשטאַנען, וואָס איז איהר אסתר׳לען היינט געשעהן; איהר אסתר׳ל האָט היינט נישט געגעסען, האָט היינט נישט גע־רעדט און האָט היינט נישט געזונגען; די ליפּען איהרע זענען געבליבען געשלאָסען דעם גאַנצען אָבענד, מיט דעם שטורם אין האַרצען, און אַזוי האָט זי זיך אַוועקגעלעגט שלאָפען. אָבער געשלאָפען איז זי די גאַנצע נאַכט נישט. אָהן אַן אויפהער האָבען אַלץ די טענער פון יענעם ליעד אין איהר געאַרבייט. פּלוצלינג זענען איהר אויף די ליפּען אַרויף אויף צוויי־דריי ווערטער פונ׳ם ליעד אַליין, און שטיל האָבען איהרע ליפּען נאָכגעשעפּטשעט:

„וואָס האָט מען דיר, אַ אָרעמס קינד געטהון ?"

וואָס מען האָט מיר געטהון !? דאָס לעבען האָט מען מיר גערויבט, דאָס האַרץ פון וואָרצעל האָט מען מיר אַרויסגעריסען, מיינע געפיהלען און געדאַנקען האָט מען מיט געוואַלד פערשטיקט ! און איך האָב ביז יעצט נישט געלעבט און נישט געפיהלט און נישט געדאַכט און גאָרנישט האָב איך געוואוסט !...

און אין די אויגען איהרע האָבען זיך טרעהרען בעוויזען. — קעגען איהר אַלע סודות ענטדעקט, קיין זאַך איז נישט מעהר פערבאָרגען פאַר איהר, דער שלייער פאַר איהרע אויגען איז געפאַלען און זי פערשטעהט יעצט דאָס וואָרט „לעבען" ביז צום גרונד. „אויך איך לעב—האָט זי אַ מינוט געקלערט—אָבער צי האָב איך אויך געוואוסט, אַז איך לעב ? האָב איך עס דען געפיהלט און געשפּירט ?..." און אַ שוידער צוקט איהר דורך אַלע גליעדער אַדורך, דען דאָס ערשטע מאָל אין לעבען גיט זי זיך רעכנונג אָב פונ׳ם לעבען, און אַז דער מענש דאַרף וויסען, אַז ער לעבט. „אַך, גרויס און וואונדערבאַר איז דאָס לעבען, — דאָס האָט דאָך דאָס ליעד אַזוי קלאָר געזאָגט — אָה, וואָלט איך עס נאָר קענען — האָט עס אין איהר געשריגען — וואָלט איך נאָר אויך לעבען און וויסען, אַז איך לעב"...

ווען זי וואָלט זיך יעצט געוואָלט אומקעהרען פונ׳ם וועג, אויף וועלכען זי האָט זיך געשטעלט, ווער ווייסט, צי עס וואָלט איהר שוין געראָטען, דען

צו טיעף שוין האָט דאָס נייע לעבען זיינע וואָרצלען אין איהר יונג הארץ אריינגעגראָבען...

און אינדערפריה האָט די מוטער זי געפרעגט, צי האָט זי שוין געזאָגט „שמע ישראל", און אסתר האָט געענטפערט: ניין! און האָט גענומען דעם סידור אין האַנד אריין, און איהרע אויגען האָבען אין איהם אריינגעגלאָצט...

אויך דער סידור איז עפּעס היינט גאָר אַנדערש ווי אַלע מאָל; דער ריינער געדאַנק, וואָס האָט אַלע מאָל געפּלעגט קומען מיט'ן סידור צוזאַמען, איז היינט אויסען געבליבען.

„וואָס ביסט דו היינט אַזוי צעטראָגען?" האָט די מוטער זי געפרעגט, דערזעהנדיג, אַז אסתר איז אַזוי פערקלערט, און אסתר האָט געענטפערט: „דער קאָפּ טהוט מיר וועה, אוי דער קאָפּ, דער קאָפּ, דער קאָפּ!"

און אין די אויגען איהרע האָבען זיך טרעהרען בעוויזען. — קענען אָוועגט אָבער איז אסתר ווידער אַוועק איבער די בריק צו ר' מאָשקען אַהין. נישט ווילענדיג האָט זי די אויגען אויפגעהויבען צו דער קירכע, און אויך צו דעם צלם, וואָס הענגט אין דער הויך, און האָט נישט געוואוסט צו וואָס אייגענטליך טוט זי דאָס. אין דער זעלבער מינוט האָט זי דערהערט, ווי מען זינגט אין דעם הויז אַנטקעגען, און איהרע ליפּען האָבען שטיל אַרויסגערעדט: „אָט איז דאָס הויז, אָדער די ביהנע", ווי רבקה ר' מאָשקעס רופט דאָס אָן, און דאָרטען זינגען די זינגער און די זינגערינס יעדען אָוונד. אָה, ווען איך וואָלט דאָרטען קענען אַריינקומען און אַלעס הערען און אַלעס זעהן"...

אַריינקומענדיג צו ר' מאָשקען, האָט איהר רבקה באַלד דערצעהלט וועגען די זינגער און זינגערינס און אַז מאָרגען אָוועגט וועט מען זינגען ביי איהר. — און מאָרגען און איבערמאָרגען און יעדען וויטערען טאָג איז אסתר געקומען מיט דעם קויש צו ר' מאָשקען און האָט געהערט לידער זינגען און איהר מאָרגען האָט זיך צוגעניינגט צו זיי אַלץ מעהר און מעהר...

און אין דער היים זיצט די אלמנה אַליין אין איהר שטיבעל, און וואַרט טאָג־טעגליך אויף איהר איינציגע טאָכטער ביז זי קומט אָן. — וואָס איז מיט איהר טאָכטער די לעצטע צייט פאָרגעקומען? וואָס קומט זי יעצט עפּעס אַזוי שפּעט? — דו גרויסער גאָט! וואָס פאַר אַן'איבערקעהרעניש איז דאָ

איהר טאָכטער צו זעהן! איז דאָס די זעלביגע אסתר'ל? איז דאָס דאָס פשוט'ע, פרומע קינד פון פאר חדשים און וואָכען און טעג?...

א שרעקליכער געדאַנק בליצט פלוצלינג דורכ'ן מוח פון דער אָרימער: „ניין, נאָר דאָס נישט, נאָר דאָס נישט! זאָל אפשר אסתר'ל זיין אראָב פון גלייכען וועג און איז זי אפשר נישט מעהר קיין עהרליך, יודיש קינד?"...

דער זאָק צוזאַמען מיט די שטריקנאָדלען פאַלען איהר ארוים פון די ציטערדיגע פינגער: — „אָה, גאָט פון אברהם, פון יצחק און יעקב! זאָל דאָך אַ שלעכטע מחשבה אין דעם הארץ פון מיין איינציגער טאָכטער קיינמאָל נישט בעפלעקט ווערען, זאָל זי נאָר אויף קיין קרומען וועג נישט אראָבקומען! אוי גאָט פון מיינע פאָטערס, גרויסער, הייליגער גאָט! און האָט דאָס קינד שוין געזינדיגט, איז איהר נשמה שוין פערפלעקט געוואָרען, דאַן הייל זי, גאָט, בעניי אין איהר דעם גייסט, און ברענג זי מיר ריין און גוט צוריק!..."

און טעג געהן אַוועק און טעג קומען אָן, און אסתר'ס זינד האָט זיך אַלץ גרעבער און גרעבער געפלאָכטען, און נישט וויסענדיג און נישט פיהלענדיג איז איהר הארץ געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר ווידערשפּענסטיג, אזוי אַז זי האָט, אָהן צו וויסען וואָס זי וויל, אָנגעהויבען דער מאַמען מאַכען פאָרוואורפען, וואָס זי האָט זי אָבגעהאַלטען פונ'ם וועג פון לעבען. און וואָס מעהר זי האָט זיך געשטאַרקט, צו דערהאַלטען די אַלטע געביידע ווי עס איז, האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר איהר פונדאַמענט געבויגען ביז צום פאַלען. עס האָט נאָר געפעהלט, עס זאָל קומען דער ווינד און זאָל דערלאַנגען דעם שאָקעל, אזוי אַז די געביידע זאָל אויף שטיקלעך צעפאַלען און איהרע שטיקלעך זאָלען צעטראָגען ווערען אין אַלע עקען פון דער וועלט...

און יענער טאָג איז אויך געקומען. דאָ איז אין דער יודענגאַס עפּעס פאָרגעקומען, וואָס די האָר האָבען זיך יעדען געשטעלט קאַפּויר, עס הערענדיג.

דען אין איין שעהנעם פריהמאָרגען איז פערשוואונדען געוואָרען שרה־די־אלמנה'ס טאָכטער, און קיינער האָט נישט געוואוסט, וואו און ווי אזוי — אין דעם זעלבען טאָג, אָבער, איז אויך אַוועק פון שטאָדט די טרופּע שוישפּיעלער, וועלכע האָבען געגעבען פאָרשטעלונגען אויף דער ביהנע...

דאָ האָט זיך די אַלמנה אויפגעכאַפּט, איז אַריבער איבער די בריק און האָט דאָס מיידעל געזוכט אין דער גויאישער גאַס. דאַן איז זי אַוועק אויך פון שטאָדט און איז געגאַנגען זוכען די פערשוואונדענע, און האָט זי געזוכט חדשים און יאָהרען לאַנג, און איז חדשים און יאָהרען נישט צוריקגעקומען, און קיינער האָט נישט געוואוסט, וואָס מיט איהר איז געשעהן...

און ערשט נאָך פיעל, פיעל יאָהרען איז זי ענדליך צוריקגעקומען... זי האָט אויסגעזעהן אַלט, הגם זי איז קוים געווען פופציג יאָהר אַלט, און גרין דאָס פּנים, און שטאַר און אומבעוועגליך, און האַלב־אָפען זענען אַלעמאָל געווען איהרע ליפּען און אויף זיי האָט אַרומגעבלאָנדזשעט אַ שטענדיגער שמייכעל; דאָס בלוט האָט איינעם געקענט געגליווערט ווערען אין די אָדערן, זעהענדיג דעם דאָזיגען שמייכעל. אָבער דער טאָכטערס נאָמען האָט זי קיינמאָל נישט דערמאָהנט, אַזוי ווי זי וואָלט האָבען אינגאַנצען זי פערגעסען. אַ גאַנצען טאָג האָט זי פלייסיג געאַרבייט, נישט וועלענדיג אָברוהען זיך אפילו אויף אַ רגע. כמעט גאַנצע נעכט האָט זי תהילים געזאָגט. און מערקווירדיג: יעדען טאָג פלעגט זי קומען מיט'ן קוישעל צו ר' מאָשקען אין שענק פונקט אַזוי ווי די טאָכטער פלעגט טהון, און יעדען טאָג, קומענדיג אויף די גויאישע גאַס, פלעגט זי זיך אַוועקשטעלען אַנטקעגען דער קירכע און פלעגט אויפהויבען די אויגען און קוקען אויף דעם צלם, וואָס הענגט אין דער הויך, און אַמאָל פלעגט זיך אויך אַ טרעהר אין איהרע אויגען בעווייזען. נאָר יעדעס יאָהר, אין דעם טאָג, ווען אסתר איז פערשוואונדען געוואָרען, פלעגט די אַלמנה אַ וואקסען ליכט אָנצינדען, ווי נאָך אַ געשטאָרבענעם, און פלעגט אַ גאַנצען טאָג תהילים זאָגען און דאַן אַ גאַנצע נאַכט . . .

אַזוי זענען פיעל, פיעל יאָהרען אַריבער...

*

אַנ'איינפאַכע מעשה איז דאָ צו דערצעהלען: דער איינפאַכער לעבענסלויף פון אַ קינסטלערין...

ווי אַ בלום אין פעלד איז זי אין דער יודענגאַס אויפגעוואַקסען, קיינער האָט פון איהר נישט געוואוסט, קיינער האָט זי נישט בעמערקט, און

פון הימעל איז א פייער געפאלען, און א פונק איז אויך ביי איהר אין הארצען פערבליבען, און דער פונק איז אויפגעפלאקערט און צו א פלאם פייער געווארען — און אזוי איז דאס מיידעל אין פערלויף פון עטליכע יאהר א בעריהמטע זינגערין געווארען. אויף די ערשטע ביהנען אין לאנד און אין אויסלאנד איז זי אויפגעטראטען, און האט הערצער ענטציקט און עראבערט — אבער גליקליך און צופריעדען איז דאס מיידעל נישט געווארען, און די פיעל לויב האבען איר אונרוהיג הארץ נישט געזעטיגט, און דאס הארץ איז איהר געבליבען שווער, אזוי שווער... און ווען זי פלעגט א מינוטלאנג זיין אליין מיט זיך, דא איז דאס הארץ איהר שווער געווארען ביז צום פלאצען ודען די איינפאכע געשיכטע פון איהר לעבען איז איהר פארגעקומען אזוי וואונדערליך און אויסגעווארפען — אין אזעלכע מינוטען פלעגט זי חלומען מיט אפענע אויגען און איבערקוקען איהר לעבען פונ׳ם ערשטען טאג ביז אויפ׳ן לעצטען, און דא האט דאס הארץ אזוי וועה געטהון...

צוערשט די קינדער־יאהרען: — זי איז נאך גאר א קליין מיידעל ביים טאטען אין קליינעם שטיבעל אויפ׳ן פעלד; דער טאטע איהרער איז געשטארבען א דאנק דעם חסד פון עפעס א פריץ, איינעם פון זיינע ברויטגעבער, וואס האט זיך מיט איהם א „שפאס" ערלויבט. און די מאמע האט זי ליעב געהאט, אזוי העליש און אונהיימליך ליעב, מעהר ווי דאס לעבען און שטארקער ווי דער טויט, אז דאס הארץ בלייבט נאך יעצט פערציטערט, ווען זי דערמאהנט זיך אן יענער ליעבע. די מאמע דערצעהלט איהר יעדען טאג איהרע מעשיות און קלאגט זיך אויף יענע לייט, וועלכע הייסען קאטאליקען, דען א קאטאליק איז געוועזן אויך דער מערדער פון איהר טאטען, און יענער זאמען, וועלכען די מאמע האט פערזייהט, האט פרוכטען געטראגען, דען דאס מיידעל האט אנגעזאפט זיך מיט אנ׳אומענדליכער פעראכטונג צו אלע יענע מענשען, און די שנאה איז גרעסער געווארען מיט יעדען טאג.

איהר הארץ אבער האט זי געצויגען אלעמאל צו יעדעם נייען, און א פייער האט זיך צעפלאקערט אין איהר נשמה און אלעס נייע און פרעמדע האט זי געצויגען. אזוי זענען אוועק איהרע קינדער־יאהרען, די בעסטע און שענסטע יאהרען פונם מענשענס לעבען און די געטער האבען איהר געגעבען א מתנה, א מערקווירדיג מוזיקאליש געהער און א שטימע הערצער צו בעצ־

זוינגען. פלעגט איהר שווער ווערען אויפ׳ן הארץ, פלעגט זי זיך פונאנדערזינגען, און אלץ איז אזוי גוט און גרינג געווארען און דא האט איהר א גאטספינגער אנגעוויזען דעם וועג, אויף וועלכען זי זאל געהן. און מערקווירדיג! די געהיימע קראפט, וואס הערשט איבער אונז, בעדיענט זיך אמאל מיט וואונדערבארע מיטלען. דווקא יענער עקעל און יענע שנאה צו די פרעמדע האבען די אומגעקעהרטע ווירקונג געהאט: זיי האבען זי נעהנטער געבראכט צו יענעם לעבען. עפעס א דירעקטאר פון א וואנדערטרופע האט זי דענסמאל געזעהן און איהר שטימע געהערט און האט זי מיט זיך מיטגענומען...

דאס איז פאר איהר געווען א שרעקליכע צייט — א קאמף אין דרינען און א קאמף אין דרויסען! די מוטער האט זי נאכגעיאגט פון שטאדט צו שטאדט און פון ארט צו ארט, און דאס מיידעל האט זיך יעדעס מאל פאר איהר בעהאלטען און האט זי נישט געוואלט זעהן און ווען אויך ס׳זאל איהר דאס לעבען קאסטען. צו יענער צייט איז זי קיין קאליש געקומען, און דארט האט זי איהרע ערשטע בילדונג בעקומען. אום וועניגסטענס רעדען אין ענטפערן צו קענען אבער שוין דענסמאל זענען איהר פיל גדולים געלעגען צו איהרע פיס. וואס אבער האט דאס מיידל דענסמאל פערשטאנען פונעם גאנצען כבוד, וואס מען האט איהר אבגעגעבען? אויך אין יענע טעג האט זי רוה און צופריעדענהייט נישט געשפיערט, דען שוין ווידער האט זי געהערט די טריט פון דער מוטער, וועלכע איז איהר נאכגעלאפען, זי איז אוועק פון דארט און איז געקומען קיין ווארשא; דארט האט זי פיעל געלערנט, די פערשידענסטע פעכער, דארט האט זי אויך די מוזיק־שולע בעזוכט, דארט האט זי אויך די פערשידענסטע לעהרער ביי זיך אינדערהייט געהאט, דען פיעל פראמעקטארען האט זי דארט געהאט, וועלכע האבען זיך זעהר אינטערעסירט מיט איהר; אבער דאס פיעל לערנען האט גארנישט געוואלט קיין ענדע נעהמען, עס האט ערשט אייגענטליך געהאט אנגעהויבען! דאן האט מען זי אין די קלויסטער־שולע קיין פולאווי געשיקט, און דארט איז זי געווען דאס איינציגע יודישע קינד אין דעם דאזיגען קאטוילישען אינסטיטוט...

קלויסטער־שולע! ווי לייכט רעדט זיך איהר היינט דאס דאזיגע ווארט ארויס, אבער ווי שווער האט זי דענסמאל געקעמפט מיט זיך! ווי זי האט דאס ערשטע מאל דאס ווארט דערהערט, האט זי א ציטער געגעבען, עפעס

איז דער דאָזיגער אינסטיטוט געווען גאָר נישט ווי פון דער וועלט, און ווען זי איז צום ערשטען מאָל אריבערגעטרעטען יענע שוועל, האָט זי זיך צעוויינט: זי האָט זיך געצוואונגען, מיט א פעסטער האנד אַרויסצורייסען פון איהר הארץ אַלע איהרע קינדער־עראינערונגען, וועלכע זענען איהר אזוי ליעב געווען, אויבוואוויל זיי זענען אזוי משונה'דיג און ווילד געווען. וואָס געהט זי יעצט נאָך אָן דער מאַמעס היים? וואָס בינדט זי יעצט נאָך צו איהר פאָלק און איהר געבורט? — זי האָט פון טאָג. צו טאָג מער געלערענט דאָס נייע לעבען און פון טאָג צו טאָג איז זי מער פערבונדען געוואָרען מיט דער נייער געזעלשאַפט. דאָס נייע לעבען האָט יעצט איהר גאַנץ טראַכטען אויסגעפולט — און איהר פאָלק און געבורט און גלויבען האָט זי פערגעסען און זיי זענען איהר נישט מעהר געקומען אויפ'ן זין.

דאַן האָט זי איהר לאַנד פערלאָזען און איז געקומען קיין קראקא און דאַן קיין לעמבערג; דאַן האָט זי אויך די דאָזיגע ערטער פערלאָזען און איז אין יענעם לאַנד געפאָהרען, וואו דער הימעל איז שטענדיג בלוי און וואו די ציטרינען הערען קיינמאָל נישט אויף צו בליהען, דאָס לאַנד, וואָס גוטע מלאָכים האָבען א נאָמען געגעבען איטאַליען...

ווען זי איז פון איהר רייזע צוריקגעקומען, איז זי ווידער אין לעמבערג געבליבען, און דאָרט איז זי דאָס ערשטע מאָל אויפגעטרעטען. זי געדענקט עס נאָך, ווי עס וואָלט ערשט נעכטען געווען, און אַלץ, וואָס איז איהר דענס־מאָל דורך די געדאַנקען געגאַנגען און אַלץ, וואָס זי האָט דורכגעפיהלט: זי האָט די ביהנע בעטרעטען און האָט נישט געוואוסט וואָס עס טהוט זיך מיט איהר, און דאָס הארץ האָט נישט אויפגעהערט צו זעצען — און א פריי־טאָג־צו־נאַכט איז עס געווען. דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבען, און זי שטעהט פאַר'ן פובליקום — און מערקווירדיג: דער ערשטער געדאַנק איז געווען — די מאַמע! גאָר פּלוצלינג איז עס איהר געקומען; זי האָט זיך דערמאָנהט אָן דער מאַמען, וועלכע זי האָט אזוי מוטוויליג אוועקגעוואָרפען און פערגעסען, און די געשטאַלט פון דער קליינער פרוי, מיט דעם עהרליכען געזיכט, איז ווי לעבעדיג געשטאַנען פאַר איהרע אויגען; יעצט אין דער זעלביגער שעה שטעהט זי דאָרט אוודאי אין גריידאָוו איבער די שבת־ליכט און מאַכט די ברכה... די פּיס האָבען איהר אָנגעהויבען זיך וואַקלען און

עס איז איהר פינסטער געוואָרען אין די אויגען: אַ מינוט האָט זיך איהר געדאַכט, אַז דאָס טעאַטער איז לעדיג, און אַ מינוט, אַז עס איז פּאַק און פּול; פּלוצלינג האָט עס אָנגעהויבען צו רעש'ן, און זי איז צו זיך געקומען; דאָס האָט איהר דאָס פּובליקום אַפּלאָדירט ביים ערשטען אַרויסטרעטען. זי האָט זיך זאָגאָר נישט פערנייגט און האָט איהר ערשטע אַריע געזונגען; דעם גרויסען פּובליקום איז איהר געזאַנג נישט איבריג געפעלען. אַזעלכע אָוועג־דען זענען אָבער נישט צום צווייטען מאָל געקומען, און אויך אַזעלכע ער־אינערונגען האָבען זי נישט מעהר געקוועהלט; די קומענדיגע טעג האָבען מיטגעבראַכט מיט זיך פיעל לעבען און בעוועגונג און בערוישונג...

דאָן איז עס געוועזען אין קראקא — דאָרט האָט זי דעם ערשטען בלומען־בוקעט בעקומען; דאָרט האָט איהר אויער די ערשטע ליעבעס־שבועה גע־הערט; דאָרט איז איהר די ערשטע סאָנעטע געווידמעט געוואָרען און דאָרט האָט זיך צוליעב איהר אַ גימנאַזיסט, אַ קינד פון אַכט־צעהן יאָהר, דאָס לעבען גענומען, פון גרויסער אומגליקליכער ליעבע...

דאַן האָבען זיך אָנגעהויבען די צייטען פון רויש און טרוימערייען און פאַנטאַזיעס, די בעסטע צייטען פון איהר לעבען — דען זי האָט דענס־מאָל נישט פיעל געטראַכט און געדאַכט. אויף די הענד האָט מען זי געטראָ־גען, יעדעס מויל איז פול געוועזען מיט איהר ליעב. יעדע קניה האָט זיך פאַר איהר געבויגט, גראַפען האָבען זיך וועגען איהר ליעבע בעמיהט, אַדעל־לייט האָבען זיך וועגען איהר געוועט און האָבען האָב און גוט פערלוירען, און זי איז ווי אַ קעניגען שטאָלץ און מיט אַ הויך געבויגענעם קאָפּ געגאַנגען און האָט זיי אַלעמען אָבגעוויזען. אויך וולאַדיסלאַוו גראַף זאַוואָנסקי איז געקור־מען און האָט ביי איהר די ערלויבניש געבעטען, ער זאָל מעגען פון איהר שוך שאַמפּאַניער טרינקען, און זי איז אַזוי גנעדיג געוועזען און האָט איהם גע־לאָזען טרינקען, און האָט געקוקט און האָט געשמייכעלט. דאַן האָט זי די גאָלדענע יוגענד געמאַכט פאַר שקלאַפען צו זיך זי האָט זייער קראַפט אויס־געזאָגט און האָט זייער בלוט געטרונקען, און ווייטער און ווייטער האָט זי אַלץ איהרע פיילען אָבגעשאָסען אָהן מיטלייד און אָהן רחמנות. צו יענער צייט אין איהר אַ מענשענהאַרץ אַזוי פיעל געוועזען ווי אַ שפּיעלעכעל צום

צייטפערטרייב — און פון דער מוטער האָט זי וועהרענד דער גאַנצער צייט נישט געטראַכט.

אָבער אויך איהר טאָג איז געקומען — אויך איהר האַרץ איז געפאַנגען געגאַנגען, און זי איז אַרוים פונ׳ם קאַמף מיט אָפענע וואונדען...

דער יונגער מאַן איז געווען אַ שפּראָץ פון אַנ׳אַלט־אַדעליגער פאַמיליע, דער יונגער גראַף וואַצלאַוו פאַן שימאַנאָווסקי, אַ שעהנער, יונגער מענש פון הויכען וואוקס, מיט בלויע אויגען און בלאָנדע האָר, און אַט צו דעם דאָזיגען האָט דאָס מיידעל מיט די שווארצע אויגען און שווארצע האָר זיך געפיהלט אהין געצויגען; ער אָבער האָט זיך צו איהר נאָר לאַנגזאַם און צוריקהאַלטעוודיג גענעהנטערט, ווי עס וואָלט זיין געגען זיין עהרע. — דאָס גראָד איז איהר געפעלען געוואָרען; ס׳איז געווען פאַר איהר עפּעס נייעס, און זי האָט איהם ליעב געהאַט. — וואָס געהן זי אָן צערעמאָניעס? וואָס פאַר אַ ווערט האָבען ביי איהר רעליגיעזע מנהגים?... אַ קורצע צייט איז זי געווען גליקליך און צופריעדען די קורצע צייט האָט עס אויפגעהערט אין איהר האַרץ צו גריבלען און צו גראָבען, און זי האָט געמיינט, אַז אַט וועט די דאָזיגע רוה שוין בלייבען אויף אייביג. זי האָט דעם דאָזיגען מאַן אַ קינד געבוירען — און דער גראַף וואַצלאַוו פאַן שימאַנאָווסקי האָט זיך געפיהרט ווי עס פיהרען זיך כמעט אַלע פון זיין שטאַנד אין אַזעלכע פאַלען: ער האָט זי געלאָזט זיצען און האָט פון זיין ווייב נישט געוואָלט וויסען און זיין זוהן האָט ער נישט געקענט... דאָס האָט אַ טיעפען ריס אין איהר האַרץ געריסען, און זי איז פערשוואונדען געוואָרען פון דער געזעלשאַפט און האָט זיך לאַנג נישט געוויזען מעהר אויף דער סצענע. דענסמאָל איז אויך דאָס איינציגע קינד ביי איהר געשטאָרבען. ביסלעכווייז האָט זי ווידער איהרע קרעפטען געזאַמעלט און האָט ווידער אָנגעהויבען זיך ווייזען אויף דער ביהנע; זי האָט צו אַ נייעם לעבען דערוואַכט און זי האָט זיך בערוישט און האָט ווילד געלעבט, און נאָר איהר געזיכט איז געבליבען מאָדנע בלייך און אין די אויגען האָט אַלע מאָל געבליצט אַ מאָדנע פייער...

און איהר רוה איז געווען אויף אייביק אוועק. — צו יענער צייט איז די עראינערונג אָן די מוטער אין איהר פּלוצלינג דערוואַכט; און זי האָט זיך קיין מנוחה נישט געקענט מעהר געפינען. מערקווירדיג! יאָהרען לאַנג

האָט זי די מוטער נישט געדענקט און האָט נישט געטראַכט וועגען איהר און זי איז איהר פרעמד געווען, און פּלוצלינג האָט זי די עראינערונג אָן איהר מיט איהר גאַנצער קראַפט און מאַכט געפּאַקט און האָט זי נישט מעהר אָבגעלאָזען. אָהן רוה האָט עס זי געיאָגט פון אָרט צו אָרט, און באַלד האָט זי געמוזט אַוועק פון דער טרופּע, צו וועלכער זי האָט געהערט, און זי האָט געוואַנדערט פון שטאָדט צו שטאָדט און פון טרופּע צו טרופּע, און קיין רוה האָט זי אַלץ נישט געקענט געפינען. זי איז געוואָרען אַ וואַנדער־זינגע־רין, און זי איז אויפגעטרעטען יעדען אָווענט און זי האָט געזונגען און האָט זיך געוואָלט בערוישען מיט איהר זינגען. —

זאָל זי יעצט געהן זוכען איהר מוטער? וועט זי נאָך געפינען זי אין גריידאָוו? לעבט זי נאָך? און וואָס וועט זי איהר זאָגען, אַז זי וועט זי דאָס ערשטע מאָל ווידער זעהן?

אַ משונהדיגער געדאַנק!

זי, די שוישפּיעלערין, וועלכע רעדט צו אַ פּובליקום פון טויזענדער מענשען און וועלכע ווייסט טויזענדער אַרטען פון שפּראַכען און געפיהלען נאָכצומאַכען, זי ווייסט יעצט נישט און געפינט נישט די ערשטע ווערטער, וועלכע זי האָט צו זאָגען אַן אַלטער, אָרימער יודישער פרוי! וועט די מוטער קענען נאָך פריינדליך צו איהר רעדען? וועט זי איהר נישט דעם רעשט בײַ־ סעל יאָהרען פערביטערן, ווען זי וועט זיך יעצט פאַר איהר ווייזען?...

אָבער אויך אין אַזעלכע מינוטען האָט קיינער פון דרויסען נישט גע־ קענט בעמערקען די גרויסע שרעקליכע איבערקעהרניש אין איהר האַרץ, און זעהענדיג זי אַזוי אין גאַס, שטאָלץ און מיט אַ פעררייסענעם קאָפּ און מיט פעסטע זיכערע טריט געהענדיג, איז קיינעם נישט געקומען אין זין אַריין, אַז איהר איז אַזוי ביטער...

טיילמאָל, אָבער, איז איהר ביטער געוואָרען שוין גאָר צו זעהר, צו זעהר!...

און אָהן אַנ׳אויפהער און אָהן רוה האָט זי געוואַנדערט פון שטאָדט צו שטאָדט, און האָט ענטציקט הערצער און האָט בערוישט צוהערער, און אָהן אַנ׳אויפהער און אָהן רוה האָט זי אַלץ ווייטער געוואַנדערט און גע־

וואַנדערט, ווי ווען בייזע רוחות וואָלטען. זי יאָגען — און יאָהרען, פיעל יאָהרען זענען אריבער און ענדליך איז זי אויך אָנגעקומען אין גריידאָוו...

*

דער „פּאַן ראַדצאַ" פּאַלעסקי, אמת, איז נישט קיין געוועהנליכער מענש — אָבער, זעהט איהר די עלטער האָט אויך איהם נישט פערשוינט, און ווי זי איז אָנגעקומען, האָט זי איהם געצוואונגען אביסעל אַנדערש ווי פריהער צו לעבען. אַנשטאָט בראָנפען טרינקט ער יעצט ריינעם שפּירט, און אַנשטאָט וויין — אַ גלעזעל וואַרימען גראָג; און פאַר דעם מאַגיסטראַט זיצט ער שוין אויך נישט מעהר, און דאַרף איהם עמיצער האָבען פאַר אַנ׳עדות, זוכט מען איהם אויף ביי רבקה רבי מאָשקעס אלמנה, אין דער ויינשענק, דען דאָרטען האָט ער זיך יעצט בעזעצט איינגאַנצען; ער קומט שוין נישט מעהר ווי אַמאָל צו די דיענסטען און קעבינס, וועלכע ער פלעגט מאַכען זיינע פייערדיגע ליעבעס-ערקלערונגען, אום דאַן צו קענען דערצעהלען פאַר אַלע־מען ,אז ער האָט געהאַט אַ ליעבעס-בעציהונג מיט עפעס אַ כראַבינע אָדער אַ גרויסער פּריצה׳טע — היינט זיצט ער נאָר נאָך אין שענק-הויז ביים גלעזעל שפּירטוס אָדער גראָג מיט אַ רויט-בלויער נאָז און איז אַלעמאָל שטאַרק פערקלערט.

דער הערר „ראַדצאַ" איז אַנ׳אַלטער מאַן געוואָרען.

דער הערר „ראַדצאַ" איז היינט ביים בעסטען הומאָר, און דאָס גלעזעל שטעהט פאַר איהם פול ביז צום ראַנד, און אויך די יודען האָבען איהם נישט געקענט אין כעס אריינברענגען, דאָדורך וואָס זיי האָבען איהם דאָס ביסעל געלד, וואָס ער האָט פון זיי גנעדיגליך פערלאַנגט, נישט געוואָלט באָרגען; ער האָט זאָגאַר נישט אָבגעענטפערט גראָב דער אלמנה רבקה, ר׳ מאָשקעס וויב, וועלכע האָט איהם אייגענטליך אביסעל בעליידיגט דערמיט, וואָס זי האָט געפאָדערט ביי איהם, ער זאָל בעצאָהלען וואָס עס קומט — דען דער „פּאַן ראַדצאַ" איז בטבע אַ גוטהערציגער און טראָגט קיינעם נישט נאָך קיין שנאה; און דאָך, זעהט איהר, איז דער „פּאַן ראַדצאַ" געווען נאָך אין דעם אָוונט פון דעמזעלביגען טאָג שטאַרק דער־צערנט און זעהר פערדריסליך — און קיינער האָט נישט געוואוסט, צו־ליעב וואָס.

ווערגען אַנ'עהרען־בעליידיגונג איז עס געגאַנגען. מען האָט היינט דעם גנעדיגליכען העררן דעם האָנאָר געריהרט.

אויך היינט איז שרה די אלמנה געקומען, אַזוי ווי אַלע טעג, צו רבקה'ן אין די וויינשענק מיט'ן קויש אין דער האַנד. נישט איינמאָל שוין האָט שרה דאָ געטראָפּען דעם פאָן ראַדצאַ פּאַלעסקי און נישט איינמאָל שוין האָט ער דאָ מיט איהר גנעדיגליך געפּלוידערט; היינט אָבער איז ער געוועזען גאָר בעזונדער'ס פריינדליך צו איהר, און האָט זי זאָגאַר אָנגערופען ביים נאָמען:

יאַנקלאָווא! (אַזוי בעליעבט זיין גנאָדען צו טיטולירען אַלע יודישע פרויען אָהן אויסנאַהם, ווען ער איז ביי גוטען הומאָר) ווי געהט עס יעצט, יאַנקלאָווא? און מיט וואָס האַנדעלט איהר יעצט? איהר זענט אַ גוטע יו־דענע, דעריבער פרעג איך — און וואָס בערך פערדיענט איהר יעצט?

— איך דאַנק זעהר דעם גנעדיגליכען העררן פאַר'ן נאָכפרעגען זיך — האָט שרה טרוקען געענטפערט, אַ דאַנק גאָט פאַר'ן שטיקעל ברויט... אַמאָל, נאַטירליך, האָט זיך בעסער געלעבט, אָבער דער העררן ווייסט דאָך: עס געהט פערשיעדען אין לעבען...

— אויב איך וויים! אַז מענשען זאָגען: פּאַלעסקי ווייסט, ווייסט ער. יאַנקלאָווא, איהר מיינט געווים יענע צייטען, ווען די קליינע יאַנקלאָווא איז נאָך אינדערהיים געווען... האַ, האַ, האַ! פּאַלעסקי פערשטעהט...

די אלמנה האָט נישט געענטפערט, און אויך איהר געזיכט האָט זיך נישט געביטען אינ'ם אויסדרוק.

— אָה, אַ שעהן מיידעל געווען, די קליינע! — האָט פּאַלעסקי ווייטער גערעדט. — האַ, האַ, האַ! איך גלויב אייך אויפ'ן וואָרט, אַז דענסמאָל זענען געווען בעסערע צייטען. וואָס זאָל מען זיך דאָ וואונדערן אַ שעהן מיי־דעל... כראַבּיעס אַן שלאַכטעס קענען זי און ווייסען פון איהר... דאָס מיידעל איז קלוג און פערזאָגט נישט קיין מענשען... און פאַרוואָס זאָל איך דאָ נישט גלויבען ,אַז עס זענען דענסמאָל געווען בעסערע צייטען? פאַרוואָס זאָל איך נישט פערשטעהן, אַז אויך דער מאַמען איז אַ גוטער גראָשען אָבגעפאַלען און זי האָט איהר געבראַכט יעדען טאָג עטליכע גילדען און יעדע נאַכט אַ פיינעם גאַסט?...

אמת, דער העררן „ראַדצאַ" איז נישט אַבי־ווער, ער, איז אַנ'אַריסטאָ־

קראַט און אַ מנעש מיט אַ פיינעם געשמאַק און אַמאָל האָט ער פערשטאַנען זאָגאַר פראַנצויזיש, און האָט שוין עפּעס געהאַט צו טהון מיט פרויען פון דעם גרויסען אַדעל, און אויך דיענסטען און קעבינס האָט ער נישט אוועק־געמאַכט מיט דער האַנד — אָבער קלוג ווי שלמה המלך איז ער פאָרט נישט געווען! איבריגענס, ווער קען זאָגען פון זיך, אַז ער מאַכט קיינמאָל נישט עפּעס אַ נאַרישקייט? מען קען דעריבער דעם הערר פּאַלעסקי נישט בעשול־דיגען, אַז ער האָט היינטיגט מאָל נישט געקענט פאַראויסזעהן, וואָס פאַר אַ ווירקונג זיינע עטליכע ווערטער וועלען האָבען אויף די אַלטע יודישע פרוי; ווי אָבער ער האָט אַ קוק געגעבען צום אָרט, וואו די פרוי איז געשטאַנען, איז ער געוואָרען שטאַר פאַר שטוינען: דאָס אָרט איז געווען לעדיג און די אַלמנה איז שוין אין שטוב נישט מעהר געווען. זי איז געלאָפען אוועק, אוועק, ווי מען לויפט פאַר אַ פייער...

פּאַלעסקי האָט געקאָכט און געדעש'ט און עס האָט אים געצונדען און ער האָט פאַר גרויס גרימצאָרען אַ גרויסען זופ געטהון פונ'ם גלעזעל, און דעם גאַנצען טאָג און נאָך ביינאַכט האָט ער זיך נישט געקענט בערוהיגען.

— אַ יודישע פרוי האָט זיך אונטערשטאַנען, איהם צום נאַרען צו מאַכען! איהם, דעם פּוילישען אַדעלמאַן, וואָס האָט גנעדיגליך מיט איהר אביסעל געפּלוידערט, און זי האָט איהם איבערגעלאָזען אַליין אין מיטען רעדען, ווי ער וואָלט זיין עפּעס אַ נאַריש יונגעל פון גאַס אַראָב און נישט אַ שליאַכט־שיץ פון דער שליאַכטאַ. האַ, האַ, האַ! וועט דאָס אַ מענש וועלען גלויבען, אַז אַנ'אַלטע יודענע קען אויך נאָך אַמאָל ברוגז ווערען דערפאַר, וואָס זי הערט, אַז עס געפעלט איינעם אַ יונגערע און שענערע? זאָגאַר די פרוי, וואָס שטעהט שוין מיט איין פוס אין גרוב, ווערט נאָך אייפערזיכטיג אויף אַ יונג שעהן מיידעל, און מעג דאָס מיידעל זיין אפילו איהר אייגענע טאָכטער? האָט איהר געזעהן אביסעל? די אַלטע איז אויף מיר בייז געוואָרען דערפאַר, וואָס איך האָב געזאָגט, אַז אַמאָל, אין די יונגע יאָהרען, איז מיר די קליינע געפעלען... ווייזט אויס, אַז די אַלטע האָט אויך יעצט נאָך חשק, אַז עמיצער זאָל זיך איך איהר פערליעבען. זי מוז זיין יעצט געגאַנגען, אום נאָך ביי־טאָג צו מאַכען זיך עפּעס אַ בעשטעלונג אויף ביינאַכט...

דער הערר „ראַדצאַ" האָט אויך דאָס מאָל אַ טעות — די אַלמנה איז

נישט געגאַנגען מאַכען בעשטעלונגען בייטאָג אויף ביינאַכט; זי איז ווי אַנ׳אונטערגעשאָסענער הירש געלאָפען, וואו די אויגען האָבען זי געטראָגען, זי איז אין איין אָטעם די בריק אַריבערגעלאָפען און האָט עס נישט געמערקט, זי איז די שוהל־גאַס פאַרבייגעשטורמט און האָט ער נישט געוואוסט, זי האָט זיך אין איהר שטיבעל אַריינגעריסען און האָט עס נישט דערקענט, און שטונדענלאַנג איז זי אָבגעזעסען שטום און שרעקליך און די אויגען האָבען שטאַר געקוקט פאַר זיך; נאָר מינוטענווייז האָבען זיך ווערטער פון מויל אַרויסגעריסען, פירכטערליך און שרעקליך, און זי האָט נישט געוואוסט, אַז זי רעדט זיי: „אָה, רבונו של עולם! וואָלט ליעבערשט אַ דורנער פון הימעל אין איהר איינגעשלאָגען... וואָלט איך זי פאַר מיינע אויגען געזעהן אַ טויטע... איך זאָל נאָר נישט דאַרפען אליין זי דערהרג׳ענען... איך זאָל נאָר נישט דאַרפען יעצט שווערען, אַז איך, איך אליין, וועל איהר דעם קאָפּ צושפּאַלטען און וועל זי מיט די אייגענע הענד דערהרג׳ענען!...” און זי איז נאָך אַלץ געזעסען אויף דעם אייגענעם אָרט, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף די הענד, און זי האָט נישט בעמערקט, ווי דער טאָג איז אַוועק און ווי די נאַכט איז געקומען, און זי האָט נישט פערשטאַנען די שפּראַך פון די לוסטיגע לבנה־שטראַהלען, וועלכע זענען אויף איהר געזיכט געפאַלען און האָבען איבער איהר אומגליק געלאַכט...

די פרוי האָט דאָס אַלעס נישט פערשטאַנען — רען ווער איז זי, אַז זי זאָל פערשטעהן... ווי אַ שאָטען שוועבט פאַר איהר פאַרביי די עראינערונג פון אַלץ, וואָס איז געשעהן און זי געדענקט פלוצלינג די ווערטער, וועלכע אסתר פלעגט אַזוי אָפט רעדען, איידער זי איז אַוועק, און גערעדט האָט זי אַלץ וועגען לעבען, וועגען בעוועגונג, וועגען פיהלען, און אַז אַ מענש דאַרף וויסען און פיהלען, אַז ער לעבט — ביי איהר זענען אָבער יענע קלאָרע און דייטליכע ווערטער אויסגעקומען אַזוי נאַריש, ווי עפּעס פון אַ „בבא־מעשה” אַרויס. און זי געדענקט נאָך ווי היינט, ווי דאָס מיידעל איז געשטאַנען מיט צעהיצט פּנים און אין די אויגען האָט געברענט אַ ווילד פייערל, און אַלע אברים האָבען מיטגערעדט, און דאָס גאַנצע שטיבעל איז ווי מיט אַ העל ליכט בעגאָסען געוואָרען. וואָס האָט אייגענטליך די טאָכטער פון איהר פערלאַנגט, וואָס האָט זי געוואָלט? . . . שטענדיג אַלץ דאָס אייגענע

ווארט: זי וויל לעבען — אבער וואס איז דער טייטש „לעבען" און וואס איז דאס אזוינס?! — ווי א בליץ פליהט איהר דורך דורכ'ן מוח איהר אייגען ביסעל לעבען איינגאנצען: אויך אין איהר פענסטער האט אמאל געשיינט די זון, זי איז נאך געווען גאר א יונג מיידעל ביי איהר טאטען, דעם „מלמד", אין שטוב; דער פאטער האט זי זעהר ליעב געהאט, ער פלעגט איהר אפט מאכען נייע קליידלעך, און שבת פלעגט זי זיין אויסגעפוצט ווי א כלה; זי איז דענסמאל א שעהן מיידעל געווען, ביז דער טאטע איז אמאל צו איהר צו געקומען און האט איהר געזאגט: „מזל־טוב דיר, דו ביזט א כלה!" ווער דער חתן איהרער איז געווען האט זי נישט געוואוסט, און איהר איז אויך אויפ'ן זין גארנישט ארויפגעקומען, צו פרעגען ווער ער איז, דען וואס געהט זי דאס אינגאנצען אן? זי ווייסט נאר, אז דער טאטע האט עטלי־כע מאל געזאגט, אז דער חתן האט נישט די אייגענע פרנסה וואס ער, ער איז נישט קיין באנק־קוועטשער, ער איז א וועלטליכער מענש — נאר וואס וואלט עס איהר אויסמאכען, ווען ער זאל אפילו יא זיין א „מלמד" און נישט א „וועלטליכער מענש"? וואס האט שרה דענסמאל געוואוסט פון וועלט און פון די דאזיגע, וועלכע הייסען מענשען?... דער ווינטער איז אוועק, און ל"ג־בעומר איז געווען די חתונה. דעם מאן קוקען גלייך אין די אויגען האט זי זיך געשעמט, און אויך האט זי גארנישט געהאט די לוסט איהם אריינצוקוקען אין פנים... דענסמאל פלעגט נאך איהר יוסף נישט ארויסגעהן יעדען זונטאג אין דארף, ווי ער האט עס שפעטער געטהון, דען ער האט געהאט זיין בעשעפטיגונג אין דער שטאדט: יעדען אווענד, ווען ער פלעגט קומען פון גאס זענען זייביידע געזעסען ווי צוויי שטומע, זיי האבען נישט געהאט קיין ווערטער צו רעדען איינער מיט'ן אנדערען; פלעגט איהם אנ־הויבען הונגערן, פלעגט ער ארויסרעדען די פאר ווערטער: „שרה, גיב עפעס עסען", און זי פלעגט איהם דערויף ענטפערן: „געה וואש זיך" — וואס קען זי האבען נאך צו איהם צו רעדען? אזוי זענען אוועק עטליכע יאהר, און זיי האבען נישט געוואוסט, אז דאס לעבען איז נאך אנדערש... און אויף אזא לעבען האט אסתר געזאגט: „דאס הייסט נישט לעבען! גאט וויל נישט — פלעגט זי שטענדיג זאגען — אז מיר זאלען זיין ווי די געשטארבענע, וועלכע ווייסען פון גארנישט, און אז עלטערן זאלען ערציהען קינדער צו

שקלאפען; גאָט וויל נישט, אז דער מענש זאָל לעבען און זאָל נישט וויסען אז ער לעבט און נישט פיהלען אז ער האָט א נשמה אין לייב און א געפיהל אין הארץ"...

— און די אנדערע פעלקער? — שרייט עס יעצט ביי דער אלמנה אין הארץ — וויסען זיי אפשר, אז ביים מענשען איז דאָ א געפיהל און א הארץ? איז דער גראף רופין גאָשטשינסקי, דער מערדער פון איהר מאַן, איז דער אפשר געווען א מענש מיט א הארץ און מיט א געפיהל?...

און ווי שטורמישע כוואַליעס שיטען זיך אוים איבער איהר די ביטערע עראינערונגען מיט אַלע זייערע איינצעלהייטען, אַלעס ווי זי האָט עס געהערט פון איהר מאַן פאַר'ן טויט. — יוסף איז דענסמאָל, ווי געוועהנליך, זונטאָג פריה ארויס אין וועג, און איז די גאַנצע וואָך געבליבען אונטערוועגס. דער דאָנערשטאָג איז געקומען, און דער מאַן איז נישטאָ; ס'איז אוועק די נאַכט, און דער מאַן איז נישט געווען, און אויך דער פרייטאָג איז שוין אוועק א האַלבער, עס איז שוין פרייטאָג נאָכמיטאָג, און נישט צו הערען און נישט צו זעהן. „ווייסט גאָט, וואָס איהם איז דאָרט צוגעקומען?" — טראַכט די פרוי טרויעריג און גלאָצט אין פייער אריין, און די קליינע אסתר פרעגט: „וועט דער טאַטעשי שוין קיינמאָל נישט קומען?... און דערווייל געהט אוועק א שעה נאָך א שעה, אין דער יודישער גאַס צינדט מען שוין ליכט, און ער איז נאָך אַלץ נישט צו זעהן. שרה'ן איז ארויפגעקומען אויפ'ן געדאַנק: „דאָס האָבען אוודאי יוסף און עפּעס א גראף זיך ווידער מסתמא א שפּאַס געמאַכט, ווי זייער שטייגער איז, און א גראף, זייענדיג אפשר א ביסעל שיכור, האָט מסתמא ווידער אָנגערייצט אויף מיין מאַן עפּעס א „קאַסטאַר", א הונד..." — שרה איז נישט ווייט געווען פונ'ם אמת. דען ווי יוסף איז געקומען קיין גאָשטשינאָוו, אין שלאָס פונ'ם גראף רופין גאָשטשינסקי, האָט איהם דער גראף בעשטעלט אויף דאָנערשטאָג אווענט צו עפּעס א באַל, און יוסף איז געקומען און האָט א גאַנצע נאַכט געשפּיעלט און האָט משמח געווען די געסט און האָט געכאַפּט אויך א טענצעל מיט דער גראָבער קאַשקאַ. קעגען מאָרגען איז ער א מינוט איינגעשלאָפען מידערהייט. פּלוצלינג דערפיהלט ער, ווי מען נעהמט איהם אָן פאַר די פּלייצע און מען טרייסעלט איהם.

— וואָס שלאָפסט דו דאָ ווידער, דו, פוילער, יודישער הונד? שפּיעל אונז עפּעס אַ שטיקעל פון מאַניושקאַ, אָדער עפּעס פון דיינע שטיקלעך. דו הערסט, יוד, צו נישט? שטעה־אויף און שפּיעל, די געסט וואַרטען. און מאָרגען איז ביי אונז דער גאַנצער טאָג אַ פאַרטזעצונג פון דער היינטיגער נאַכט.

— אָבער יאַשניע וויעלמאָזשני פּאַניע! ווי זאָל איך דאָס, און מאָרגען מוז איך דאָך אַהיים... מאָרגען ביינאַכט איז שבת... האָט יוסף געפּרובט ענטפערן.

— וואָס? דו, יודישע, הינטישע מאָרדע! דו וואַגסט מיר אָבצוזאָגען? דו?! — און פּלוצלינג האָט ער אויפגעהערט רעדען און האָט אַראָבגעוואָרפען דעם פענסנע פון דער נאָז: — ווייסטו וואָס גאָר? מיר איז איינגעפאַלען אַנ׳אויסגעצייכענטער געדאַנק. מאָשקו, איצקו, יאַנקלע, אָדער ווי דו הייסט דיר דאָרט! איך ערלויב דיר, מיין שמחה צו פערשטערען, און דו מעגסט דיר אַהיימגעהן צו דיין זשידובקע, וואָס דו האָסט זיך פּלוצלינג אַזוי פערבענקט נאָך איהר; אָבער איין תנאי נעהם איך אוים מיט דיר: דו טאָרסט נישט געהן אהיים צופוס און אויך נישט מיט אַ וואָגען; נאָר דאָ, פאַר מיינע אויגען און פאַר די אויגען פון מיינע געסט, וועט מען דיך אריינלאָזען אין וואַסער אריין, און דו וועסט דיר דורכשווימען דעם טייך די אַנדערע־האַלבען וויאָרסט. נאַטירליך, קענסטו אַלעמאָל צושווימען צום ברעג און אויסרוהען אַ ביסעל. יאָ, ריכטיג: אויך דיין קאַפּאָטע טאָרסטו דו נישט אויסטהון — האָסטו געהערט?

דער יוד איז געשטאַנען, ווי דער שלאַג וואָלט איהם האָבען געטראָפען, און דער גראַף האָט דערווייל גאַנץ פריינדליך גערעדט: „און זעהסטו: פאַר דיין כבוד וועגען האָב איך היינט געלאָזט מאַכען אַ גוטע וועטשערע; נאָר אַזוי ווי דו ביזט דאָך זעהר אָבגעהיט אין עסען, וועל איך דיר געבען נאָר צו טרינקען, אַזוי, אַז דו מעגסט טרינקען וויפיעל עס קען אריין אין דיר... אָבער דו הערסט, יוד? זאָל דיר נאָר נישט איינפאַלען מיך צו וועלען נאַרען; נישט דו און נישט קיינער פון דיין יודישער שווינדלער־באַנדע וועט מיך נאַרען. איבעריגענס וועל איך אויך מיטשיקען מיט דיר איינעם פון מיינע מענשען, וועלכער וועט דיך בעגלייטען אויפ׳ן פערד דעם גאַנצען ברעג...“

און אין געגענוואַרט פון גראַף רופין גאַשטשינסקי מיט זיינע געסט האָט מען דעם יוד אַריינגעלאָזען אין וואַסער אַנגעטהוענערהייט ; דער אומגליק־ליכער האָט זיך נישט מעהר געפּרובט בעטען און איז געשוואומען. אָט דאָס איז עס געווען, וואָס שרה האָט דענסמאָל געמוזט אַזוי לאַנג וואַרטען אויף איהר מאַן און דעריבער איז יוסף דענסמאָל אַזוי שפּעט אַהיימגעקומען.

דאָך איז יוסף אויך נאָך יענעם שבת געגאַנגען ווידער אין וועג אַריין ווי אַלע מאָל ; אָבער שוין דינסטאָג איז ער שוין געווען צוריקגעקומען, נישט ווי געוועהנליך. שרה האָט זיך דערשראָקען. „האָסט אפשר אַנ'אוצר געפונען, יוסף ?" האָט זי איהם אויף אַ געלעכטער געפרעגט. ער האָט דערויף נישט געענטפערט און האָט נאָר געזאָגט, אַז ס'איז איהם קאַלט און עס שטעכט איהם אין הארצען און עס ברעכען איהם די גליעדער. שרה איז באַלד געלאָפען נאָך שמואל דעם „רופא" און דאַן האָט מען אויך דעם דאָקטאָר גאָלדענטהאַל געבראַכט, און דאַן האָט מען אַ לונגען־ענטצינדונג געפונען און דאַן האָט מען געוואַרט אויף גאָטס הילף. גאָט איז אָבער נישט געווען דאָסמאָל גנעדיג — אויפ'ן דריטען טאָג איז דער אומגליקליכער געשטאָרבען.

דער גראַף גאַשטשינסקי, אָבער, איז יאָ געווען, ווי אַלע מאָל, זעהר גנעדיגליך : ער האָט דורך אַ דיענער צוגעשיקט צו דער יונגער אַלמנה אַ מתנה פון פופציג פּוילישע גולדען, „דערפאַר וואָס דער יוד האָט נישט איינ־מאָל און נישט צווייִמאָל איהם און זיינע געסט אויסגעצייכענט אונטער־האַלטען".

— איז אַזאַ מענש אפשר גערעכט ? — האָט עס אין איהר יעצט ווילד געשריגען — רופט מען דאָס אפשר הארץ און געפיהל ? איז אפשר מיין טאָכטער גאָר גערעכט, אַז זי געהט אין די וועגען פון די דאָזיגע מענשען און זיי געפעלען איהר ?...

ווי שרעקליך און פירכטערליך איז געווען די שנאה, וועלכע זי האָט צו יענער צייט אין איהר הארץ געפיהלט צו אַלע די דאָזיגע מענשען ! און אויך אין איהר טאָכטערס הארץ האָט זי געפּרובט די דאָזיגע שנאה צו פער־פלאַנצען — און דאָ איז עפּעס מיטאמאָל אַ ווינד געקומען און דעם מיידעל'ס הארץ איז פּלוצלינג פערוואַנדעלט געוואָרען. פערשאָלטען אויף אייביג זאָ־

לען זיין די מענשען, וועלכע האָבען איהר גן־עדן פערוויסט! פערשאָלטען אויף אייביג — די מענשען, וועלכע האָבען פעראומרייניגט דאָס הארץ פון איהר איינציג קינד, די, וועלכע האָבען מיט א גיפטיגער צונג איהרע אויע־רען בעלעקט און האָבען אין זיי גיפט און טויט געטריפט און האָבען גערעדט צו איהר פאַלש און אומעהרליך, די, וועלכע האָבען זי אָבשפענסטיג געמאַכט פון איהר מוטער און האָבען איהר אַנ׳אַנדערען וועג געוויזען, פול מיט זינד געגען גאָט און געגען לייטען, פערשאָלטען זאָלען די מענשען זיין, וועלכע האָבען זי געמאַכט פאַר אוים טאָכטער, פערשאָלטען, פערשאָלטען זאָלען די דאָזיגע מענשען זיין אויף אייביג!...

די ערשטע טעג איז זי געוועזן ווי א משוגענע און האָט ניש געוואוסט, וואָס אייגענטליך טהוט זיך דאָ. הערענדיג, אז די טאָכטער איז אוועק פון גריידאָוו, איז זי אויך אוועק פון דער שטאָדט, און הערענדיג, אז זי געפינט זיך אין קאַליש, איז זי אויך געפאָהרען אהין; דאָרט האָט זי זיך דערוואוסט, אז איהר אסתר האָט מען אוועקגעפיהרט קיין ווארשאָ, וואו זי וועט אָנקומען אין זינגהויז; די אלמנה האָט נישט רעכט פערשטאַנען, וואָס דאָס איז אזעלכעס, און האָט געמיינט, אז די טאָכטער איהרע איז שוין א „גויה" געוואָרען און זי זינגט עפענטליך ווי די גויאישע מיידלעך אין גריידאָוו — און זי איז געלאָפען קיין ווארשאָ.

וואו אהין זיך צו ווענדען, האָט זי נישט געוואוסט — אָבער דערפון האָט זי זיך גאָר נישט געמאַכט; זי ווייסט נאָר איינס, אז איהר טאָכטער געפינט זיך דאָרט, דעריבער מוז זי אויך דאָרט זיין; זי מוז זי זעהן און מוז מיט איהר רעדען, און זאָל זי אפילו ווימען, אז זי וועט מוזען די גאַנ־צע שטאָדט מיט א זיפ דורכזיפען. וואו איז דאָס הויז וואָס מען זינגט דאָרט? —

און גוטע מענשען האָבען איהר געוויזען, און זי איז אוועק ביז צום גרויסען טעאַטער.

יענער טאָג איז געוועזן שרעקליך, אָבער נאָך שרעקליכער איז געוועזן דער אָוועגט. אין קאָרידאָר פונ׳ם גרויסען הויז איז זי געשטאַנען און גע־וואַרט; זי איז צום שווייצאַר צוגעגאַנגען: „בעסטער הערר! איהר האָט דאָך אויך אמאָל געהאַט א מאַמע און אויך אייערע קינדער האָבען א מאַמע

— קענט איהר מיר נישט זאָגען דורך וואנען קומען דאָ אריין די זינגערינס?"

— דער שווייצאר האָט זי אָנגעקוקט פערוואונדערט, דאן האָט ער איהר עפּעס געענטפערט, און זי איז געשטאַנען און געשטאַנען און האָט אַלץ גע־האָרכט, און יעדע מינוט האָט זיך איהר געדאכט, אַז אָט הערט זי אסתר׳ס שטימע. — „דו, גאָט איבער דער וועלט, גאָט פון רחמים און פערגעבונג, דו, גרויסער גאָט — האָט זי שטיל אין הארצען געבעטען — קום נישט מיט איהר אין משפּט, לאָז נישט דאָס קינד אומקומען פאר איהרע גרויסע זינד, דען איך מיט מיין לעבען בין ערב פאַר איהר, און זי אָבער איז ריין!..."

און אזוי איז זי געשטאַנען פערטיעפט אין געדאַנקען און האָט זיך נישט געריהרט פון׳ם אָרט. ווידעראמאָל דערמאָהנט זי זיך די קלאָרע און דייטלי־כע ווערטער, וואָס אסתר האָט איהר אין די לעצטע טעג געזאָגט: „גאָט וויל נישט, אַז דער מענש זאָל נישט פיהלען און וויסען און זאָל נישט קענען זיין איינענעם איך" — איז די טאָכטער אויך יעצט נאָך גערעכט? איז עס ווירקליך גאָר קיין זינד נישט, אזוי צו זינגען אין כאָר צוזאַמען מיט גויאישע בחורים? איז דען דאָס נישט באמת א גרויסע „עברה"?

ווי שרעקליך האָט די אומגליקליכע אין יענע מינוטען געליטען! זי האָט זיך פּלוצלינג דערמאָהנט, אַז אויך ביי איהר אין הארץ האָט זיך אריינ־גענגנבעט עפּעס א שטיקעל צווייפעל, הערענדיג אסתר׳ס ווערטער, וועלכע זי האָט אזוי קלאָר און אזוי זיכער גערעדט, און דענסמאָל האָט זי זיך אליין געפרעגט: צי האָבען טאַקי איהרע עלטערן און אורעלטערן, רעכט געהאַט, אַז אזוי האָבען זיי געלעבט און אזוי האָבען זיי זייערע קינדער ערצויגען? האָ־בען זיי ווירקליך ריכטיג געטהון, אַז זי האָבען זיי נישט געלאָזט צוזאַמענ־לעבען מיט די לעבעדיגע און דאָס לעבען געניסען? — אוי גאָט, אוי גאָט, אוי גאָט! דאָס קען דאָך נישט זיין, און אסתר זינדיגט דאָך באמת קעגען גאָט און קעגען איהר מאַמע! — א גרויסער טומעל האָט איהרע געדאַנקען פּלוצלינג איבערגעריסען; א רוישענדע בראַוואָ־פּאַטשעריי האָט פערהילכט דאָס טעאַטער און האָט זיך געהערט ביז אין קאָרידאָר, און אַז זי האָט דעם שווייצאר געפרעגט, אויב ער ווייסט נישט וועגען איהר טאָכטער אסתר, וואָס לערענט זיך דאָ אין דעם דאָזיגען הויז דאָס זינגען, האָט ער איהר געענטפערט, אַז נישט דאָ אין דעם דאָזיגען הויז לערנט מען זיך זינגען.

ווי א פייל איז זי ארויס אויף דער גאס און האט שוין מעהר קיין ווארט נישט געהערט. — אומזיסט אלזא בין איך דא אזוי לאנג אבגעשטאנען — האט איהר הארץ אין איהר געוויינט — אומזיסט דעם אווענד פערבראכט, און אסתר איז גארנישט דא. ווער ווייסט? אפשר איז זי שוין ערגעץ ביי א פריץ אין הויף, אפשר עסט זי שוין גאר צוזאמען מיט זיי. — און אויך דער שרעקליכסטער געדאנק האט זי נישט פערשוינט: אפשר האט זי גאר שוין אויפגעהערט א יודיש קינד צו זיין...

אבער אזעלכע קוועהלענדע נעכט זענען נישט זעלטען געווען און נישט אזוי געשווינד האבען זיי אויפגעהערט. זי האט זיך דערוואוסט אז די טאכטער איז קיין לובלין געפאהרען; איז זי אויך קיין לובלין געפאהרען; דארטען ווידער האט מען איהר געזאגט, אז דאס מיידעל איז שוין אוועק און זי געפינט זיך אין פולאווי אין דער קלויסטער־שולע. — די אלמנה האט נישט רעכט פערשטאנען דאס נייע, גרויסע אומגליק, וואס איז איהר דא געשעהן, און זי האט געוואלט די טאכטער נאר זעהן און הערען פון איהר אייגען מויל, אויב זי וויל, אז די מוטער זאל שטארבען. זי איז אנגעקומען ביז צו דער קלויסטער־שולע — און יענע עטליכע מינוטען וועט זי אויף איהר לעבען לאנג נישט מעהר פערגעסען, און ווען זי וועט אפילו טויזענד יאהר אלט ווערען. ביז צו דער שוועל פון יענער שולע פאר אדעליגע טעכטער איז זי געקומען, אבער אינווייניג אריין האט מען זי נישט געלאזט.

— פארוואס?

— ווייל איהר זענט א יודישע פרוי! — ווי א פייל פלוצלינג אין הארץ איז איהר דאס דאזיגע ווארט געווען. און די טאכטער איהרע? איז זי נישט מעהר קיין יודיש־קינד האט זי שוין אויפגעהערט זיין א יודיש־קינד? און אויך פון דעם דאזיגען ווארט איז זי נישט אין חלשות געפאלען, און נאר עפעס א שרעקליכע רוהיגקייט איז איבער איהר געקומען, און רוהיג שטיל איז זי צוריק קיין גריידאוו. אבער פון יענעם טאג אן האט זי דער טאכטערס נאמען נישט מעהר פאר'ן מויל געבראכט; פון יענעם טאג אן האט זי אויפגעהערט זיין א מוטער פון א טאכטער...

דאן זענען געקומען יענע טעג, וואס איהר גאנץ לעבען איז געווען תחי־

גות און תהילים — אָבער אויך דענסמאָל האָט זיך אין איהרע אויגען קיין טרעהר נישט געוויזען.

און א לאַנגע, זעהר לאַנגע צייט איז זי נישט געווען קיין מאַמע פון א טאָכטער — דען איהר הארץ איז געווען פערשלאָסען, און די בעוואוינער פון דער יודישער גאַס האָבען געקאָנט עדות זאָגען, אז זי האָט שוין איהר טאָכטער אינגאַנצען פערגעסען און אויך איהרע וואונדען זענען אוודאי שוין פערהיילט. אָבער וואונדערליך איז דער צופאַל: גראָד היינט האָט זי געגען איהר ווילען גערעדענקט אָן איהר און אָן אַלץ וואָס זי האָט געטהון; גראָד היינט האָט זי פּאַלעסקי אַזוי שאַרף דערמאָהנט, גראָד היינט — ווערהרענד די טאָכטער איז שוין געשטאַנען הינטער איהר רוקען, און זי האָט נישט גע־וואוסט, אז אסתר איז קיין גריידאָוו געקומען...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

די שרעקליך, לאַנגע נאַכט, וואָס האָט זיך גאַרנישט געוואָלט ענדיגען, איז צום סוף דאָך אריבער. אָבער פיעל נייעס האָט זי מיטגעבראַכט מיט זיך.

און דעם טאָג דערויף האָט מען זיך אין דער יודישער גאַס מערקוויר־דיגע מעשיות דערצעהלט: אסתר די אלמנה'ס איז ווידער צוריק אין דער שטאָדט, זי מיט א באַנדע שוישפּיעלער, און זי איז נישט מעהר קיין יודיש־קינד. דאַן האָט מען דערצעהלט, אז זי האָט זיך איינגעשטעלט און איז גע־קומען צו דער מוטער, אום זי צו בעטען, זי זאָל איהר מוחל זיין, אָבער די אלמנה איז מיט גרוים געוואַלד אַרויס קעגען איהר און האָט איהר בעפּויה־לען, תיכף פון איהר שטוב אַרויסצוגעהן. און אז דאָס מיידעל האָט נאָך אביסעל געוואַרט, איז די אַלטע אַרויסגעלאָפען ווילד אין די גאַס אַריין, און איז געלאָפען ווי מען אנטלויפט פון א ווילדער חיה...

אָבער די קינסטלערין האָט די שטאָדט אויך דאַן נישט פערלאָזט, דען זי האָט זיך געטראַכט: איך וועל דאָ עטליכע טעג בלייבען און וועל איהר הארץ מיט געוואַלד מיר עראָבערן.

און איהר רעכנונג איז נישט גאַנץ פאַלש געווען: דען יעדען טאָג, ווען אסתר פלעגט אויפטרעטען אויף דער ביהנע, איז די אלמנה אַלעמאָל געווען

נישט ווייט פון איהר און איהר בעהאלטענערהייט ווי א שאָטען נאָכגע־גאנגען. נאַטירליך, אינוועניג אינ׳ם שפּיעלהויז איז זי נישט אריינגעגאנ־גען און האָט אהר טאָכטער נישט געהערט פון דער ביהנע אראָב, נאָר יעדעס מאָל איז זי געזעסען אנטקעגען דעם הויז, אויף דעם טרעפּעל פון דער קיר־כע „שוויענטא אננא״, און די אויגען האָבען זיך אריינגעבערט אין די פענסטער פונ׳ם הויז אנטקעגען. וואָס געהט עס זי אָן, וואָס זי זיצט דאָ אויף דער טרעפּ פון דעם דאָזיגען הויז דאָ? וואָס פאַר אַן׳עבירה טהוט זי דאָ ווען זי ווייסט גאָרנישט אליין, וואָס זי טהוט?... זי זיצט אזוי יעדעס מאָל דעם גאַנצען אָוונד, די הענד צונויפגעלעגט איינע אין די אנדערע און די אויגען אויסגעגלאָצט אויף איין אָרט און די ליפּען מורמלען עפּעס; טיילמאָל כאַפּט זי זיך פּלוצלינג אויף, שטעלט זיך אהין, א העליש בייער צינדט איהר אָן אין די אויגען, איהרעביידע פויסטען פּרעסען זיך ווילד צונויף און ווילדע ווערטער רייסען זיך איהר אַרויס פון מויל — דערנאָך פאַלט איהר ווידער אָן א שטיינערנע רוה און זי זעצט זיך צוריק אויף דער שוועל פון דער קירכע און קוקט שטאר שטונדען־לאַנג אויף איין אָרט.

און טעג געהען און טעג קומען; אויך די זומער־מאָנאַטען זענען אוועק און די „ימים־נוראים״ זענען געקומען.

און אסתר איז אויך אין די ימים־נוראים יעדען אָוונד אויפגעטרע־טען, און אויך אין די ראש־השנה־אָוונדען, און אויך אין די עשׂרת־ימי־תשובה־אָוונדען איז זי אויפגעטרעטען און האָט געזונגען. — געטראַכט האָט זי זיך: וועט זיך מיר נישט איינגעבען זי צו בעצווינגען דורך ליעבע און רחמנות, וועל איך זי צוציהען צו זיך מיט געוואַלט, דען רייצען וועל איך זי אזוי לאַנג, ביז עס וועט מיר געלינגען, צו קענען זיך אויף די קניה פאַר איהר וואַרפען און ווערען איהר צוריק א טאָכטער...

דאָ אָבער איז געשעהן עפּעס, אזוי אונגלויבליכס און משונה׳דיגס, אז מען וועט עס קוים גלויבען — און דאָך איז עס אמת, אזוי שרעקליך אמת.

די גויטוועלדיגקייט האָט רעגירט און געאַרבייט...

*

...ווי זיילען וואָלקענס און נעבעל שטייגט עס אויף פאַר מיר, און די וואָלקענס און דער נעבעל ציהען אין מיין האַרץ אריין און לעגען זיך אזוי

שווער אויף מיין גאנץ פיהלען און דריקען אזוי שווער אויף מיין גאנץ טראכט־
ען משונה'דיג און פרעמד וועט קלינגען דאס, וואס איך וועל דערצעהלען, און
פיעל וועלען עס נישט גלויבען, דען זיי וועלען נישט גלויבען קענען — אבער
מיט מיין מארך שרייב איך וועגען די דאזיגע פאסירונגען, און אמת זענען
זיי און שרעקליך זענען זיי. אבער אויך יענע קינדער פון אומגליקליכען
פאלק האבען קיין שולד נישט, דען זיי זינדיגען און ווייסען נישט; אין
זייערע הענד קלעבט דאס בלוט, און זיי ווייסען עס נישט, און זיי ווייסען
און שפירען עס אויך דאן נישט, ווען מען ווייזט עס זיי; א לאנגע נאכט,
א פינסטערע, באנגע נאכט האט זייער הארץ שטומט געמאכט, און דערוויל
האט די נויטווענדיגקייט רעגירט און געארבייט...

איך וויל דערצעהלען.

די נאכט פון „כל נדרי" איז געקומען. נאך ערב־יום־כפור האבען די
טעאטער־מענשען אויסגעקלעבט זייערע אפישען אין אלע גאסען־ווינקלען,
אין וועלכע זיי האבען דעם פובליקום געמאלדען, אז היינט ביינאכט וועט
דאס פרייליין ערנעסטא די רודיני (אסתר גאלדשטיין) אויפטרעטען אלס
וויאלעטא אין „לא טראוויאטא" — און הערר פאלעסקי און זיינע קאלעגען
האבען זיך זעהר געפרעהט.

אסתר האט נישט געקענט פאראויסזעהן די פאלגען פון דעם דאזי־
גען אווענד. איהר געזיכט איז געווען א ביסעל בלייך, אבער איהר גאנג איז
געווען פעסט און זיכער; זי האט א מינוט געצעגערט, און באלד אבער
האט זי אנגעהויבען זינגען. א דונער פון אפלאדיסמענטען האט זיך געלאזט
הערען, דען די זינגערין האט היינט בערוישענד שעהן געזונגען, און די
קינסטלערין האט דאס פובליקום אין זיין רויש געזעהן און האט זיך זעל־
בער בערוישט...

און פאר דער טיהר פון'ם טעאטער איז געשטאנען א יודישע פרוי,
געבוקט און פערהילט, און שטום ווי א שטיין. וואס געהט זי אן דער היינ־
טיגער יום־הקדוש, דער הייליגער יום־כפור? וואס געהט עס זי אן, אז זי
איז היינט צו „כל נדרי" נישט אין שוהל געווען? נאטירליך איז עס דאס
ערשטע מאל אין איהר לעבען, אז זי איז נישט אין שוהל געווען — אבער
זי ווייסט עס גארנישט. ווי א ווייטסטען חלום געדענקט זי עפעס, אז יודע־

נעם האָבען גרויסע ליכט אין שוהל געטראָגען און זי האָט היינטיגס יאָהר קיין ליכט נישט געמאַכט, אָבער באַלד דערויף איז אויך דער דאָזיגער חלום פערשוואונדען, און זי ווייסט מעהר גאָרנישט וועגען וואָס זי האָט נאָך וואָס געטראַכט. פון מינוט צו מינוט געהט אַ ציטער איבער איהר פּנים, ווי די צייט וואָלט איהר זיין צו לאַנג און זי האָט נאָך אַ גרויסע ארבייט היינט פאַר זיך.

און אין טעאַטער האָט דאָס אַפּלאָדירען נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט. די זינגערין ווערט עטליכע מאָל אַרויסגערופען נאָכדעם ווי דער פאָרהאַנג איז שוין געפאַלען, און דאָס פּובליקום רופט: „בראַוואָ, רודיני! בראַוויסי־מאָ!" — דאָס שטיק איז אויס. דאָס פּובליקום צעגעהט זיך איינציגווייז. ווער קימערט זיך וועגען אַן׳אַלטער יודישער פרוי, וועלכע שטעהט ביי דער טהיר? — אויך די טעאַטער־לייט זענען זיך איינציגווייז צעגאַנגען.

און אויך די זינגערין איז אַרויסגעקומען.

און דאָס אונגלויבליכע איז געשעהן: די אַלמנה האָט זיך מיט אימ־פּעט אויף איהר אַרויפגעוואָרפען, האָט ארומגעקלאַמערט אַרום דעם האַלז איהרע הענד און האָט זי אָנגעהויבען שטיקען. פּלוצלינג האָט דאָס מיידעל געשפּיערט, ווי עפּעס שפּיציגעס און שאַרפעס האָט איהר האַלז בעריהרט, און נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, און דאָס בלוט האָט אָנגעהויבען גיסען זיך. אַ שרעקליך געשריי האָט זיך געלאָזט הערען. און ווען מענשען זענען זיך צונויפגעלאָפען נאָך עטליכע מינוטען, האָבען זיי געפונען, ווי אַ מיידעל וואַלגערט זיך אין אַ טייך בלוט, קוים וואָס זי לעבט נאָך, און נעבען איהר קניהט אַן׳אַלטע יודישע פרוי, וועלכע קושט זי און קושט אָהן אויפהער און לאַכט מיט אַ ווילד, שרעקליך הויך געלעכטער . . .

איך האָב נאָר ווייניג נאָך צו דערצעהלען:

אסתר׳ס וואונדען זענען געווען לעבענסגעפעהרליכע און זי איז מיט עטליכע טעג שפּעטער געשטאָרבען, און די אַלמנה האָט מען אָבגעפיהרט אין דעם געפענגעניש אין דער גובערניע; דער רעגירונגס־דאָקטאָר, אָבער, און דער געפענגעניש־דאָקטאָר האָבען באַלד ערקלערט, אַז די פרוי איז משוגע, און אַזוי האָט מען זי פון דאָרט אָבגעשיקט איז אַ דול־הויז. באַלד, אָבער, האָבען די דאָקטוירים איינגעזעהן, אַז זי איז אונהיילבאַר, און אַזוי ווי זי

געהערט צו די משוגענע, וועלכע זענען פאר'ן פובליקום נישט געפעהרליך, האט מען זי אינגאנצען פריי געלאזט. און די משוגענע איז אוועק צו־פוס און איז אנגעקומען ביז גריידאוו און ביז צום עק בריק און האט זיך דארט אוועקגעזעצט, און אזוי איז זי געזעסען און האט געזונגען ליעדער און גע־זאגט אויסענווענדיג תהלים גאנצע טעג נאכאנאנד...

און נאך עפעס מוז איך צוגעבען: דער „קוריער ווארשאווסקי" האט געשריבען. צו יענער צייט פאלגענדע: „פון גריידאוו שרייבט מען אונז, אז א יודישע פרוי האט דארט דער'הרג'עט איהר איינציגע טאכטער — און ווייסט איהר, וואס די אורזאך דערפון איז געווען? גאנץ איינפאך: די פרוי איז געווען פון דער סעקטא „חסידים" און די טאכטער „אנ'אויפגעקלערטע" — אט אזוי איז דאס דאזיגע פאלק..."

# הזכרת נשמות

נישט פון א טויטען אָדער פון אַ טויטער, ניין, פון אַ לעבעדיגען מענ־שען וויל איך אייך דערצעהלען, ווי מען האָט איהם מזכיר-נשמות גע־ווען... און דאָס איז אַ טרויעריגע מעשה און עס נעהמט אָן אַזוי שטאַרק ביים האַרצען, ווען מען דערמאָהנט זיך אָן איהר, דאָס נישט ווילענדיג שטעלען זיך מיר טרעהרען אין די אויגען און מיר דאַכט זיך פּלוצלינג, אַז עפּעס אַ געדיכטער שלייער וויל מיר די ליעבע, ליכטיגע וועלט פינסטער מאַכען.

און דרויסען איז די גרויסע, ווייטע וועלט אַזוי ליעב און אַזוי ליכטיג, אַז ס׳איז פּשוט אַ מחיה אַרויסצוקוקען. וואַרימע, לוסטיגע שטראַהלען לאָ־זען זיך אַראָב פון׳ם בלויען הימעל און טאַנצען אַריין אַליין פּיהל איך ווי מיין קראַנק, אָרעם האַרץ הויבט זיך אָן צו דערקוויקען און זיינע אַלטע וואונ־דען הויבען אָן זיך צוצוהיילען, נאָך אַ ביסעל, ליעבע, וואַרימע שטראַהלען, נאָך אַ קליין ביסעלע נאָר! — אָבער ניין, ווייטער וויל עס שוין נישט! טרויעריגע געדאַנקען און טרויעריגע עראינערונגען הויבען אָן פּלוצלינג מיט די שטראַהלען אַרומצוטאַנצען, און טאַנצען מיר אַריין טיעף אין מיין האַרץ, און גראָבען און נאָגען מיר אויף פונדאַסניי די אַלטע וואונדען. — פון וואַנען קומט עס, דאָס דער ליעבער, ליכטיגער פריהמאָרגען ברענגט אָפּט מיט זיך די טרויעריגסטע און שמערצליכסטע געדאַנקען מיט? פון וואַ־נען קומט עס, דאָס דער גאָלדענער פאָדעם, וואָס גאָט אַליין האָט געשפּינען און האָט איהם אַ נאָמען געגעבען „שטראַהל", ברענגט־מיט מיט זיך זעהר אָפּט אַנ׳אומעטיגע עראינערונג, וואָס שפּינט זיך און שפּינט זיך אָהן אויפ־הער אין אונזער האַרץ, ביז עס ווערט פון איהם אַ געדיכטער שלייער, וואָס פערפינסטערט אונז דאָס לעבען?

לויטער טרויעריגע געדאַנקען און בילדער זענען עס, וועלכע דער היינ־טיגער פריהמאָרגען האָט מיר געבראַכט אויף זיינע גאָלדענע פעדעם. זענען טאַקע, אפשר, די אייגענע גאָלדענע פעדעם שולדיג דערין, וואָס איך האָב

זיך פלוצלינג היינט דערמאָהנט אָן יענע גאָלדענע פעדעם פון אסתר'קעס לאָקען ?

אסתר'קע מיט איהרע בלאָנדע לאָקען, וואָס פלאַטערען אַרום אויף איהר קאָפּ, שטעהט מיר פלוצלינג פאַר די אויגען ; אַזעלכע גאָלדענע, בלאָנ־דע לאָקען האָב איך קיינמאָל מעהר אין מיין לעבען נישט געזעהן.

און אַז איך דערמאָהן זיך אָן אסתר'קען, איז עס שוין קיין וואונדער מעהר נישט, דאָס איך דערמאָהן זיך אויך אָן איהר פאָטער, דעם רייכען שמואל מרדכי ראָזענגאָלד ; נעבען איהם דערמאָהן איך זיך אויך, גאַנץ נאַטירליך, אָן דעם ווילדען גראַף, גראַף ווינצענטי שטשעגולסקי, און דאַן קהער איך מיך ווידער אום צו דעם רייכען ראָזענגאָלד און דערמאָהן זיך פלוצלינג ווי ער איז גרוי געוואָרען — איבער נאַכט — כאָטש ער איז נישט מעהר אַלט געווען ווי פערציג יאָהר.

פלוצלינג שטעהט מיר לעבעדיג פאַר די אויגען יענער טאָג פון שבועות, דער צווייטער טאָג יום־טוב...

פונקט אַקעגען דעם פאַרק, דאָרט וואו עס ענדיגט זיך די ברייטע אַלעע, קומענדיג פון דער „ענגלישער גאַס", דערהויבט זיך אויף אַ בערגעל ליעגענדיג, דער גרויסער פיערקידיגער מאַרק מיט זיינע קליינע, ווייסע הייז־לעך ; און פון מאַרק אַרויסגעהענדיג, ציהט זיך אַוועק אָן אַ זייט די שמאָלע, לאַנגע גאַס, די יודענגאַס, אָדער ווי די יודען אַליין רופען זי : „די שוהל־גאַס", און ענדיגט זיך ווידער אונטען אין טהאָל. פאַרצייטענס האָבען יודען נאָר אין דער שוהל־גאַס אַליין געוואוינט. היינט אָבער זעהט מען שוין, ווי עס שטעהט שטאָלץ און הויך אין גרויסען מאַרק דאָס גרויסע, רויטע הויז פונ'ם „העררן" ראָזענגאָלד, דאָרט, פונקט אַקעגען דעם קלויסטער „שוויענטאַ אַננאַ". און ביים עק פון דער שוהל־גאַס זעהט מען דאָס הויז מיט די שוואַרצע, פינסטערע לאָדענס, וואָס זענען אייביג פערמאַכט, און אַלטע לייט וועלען נאָך דערצעהלען די מעשה פון דעם אַלטען גראַף סטאַניס־לאַוו שטשעגולסקי, דעם זיידען פון דעם איצטיגען גראַף, וואָס וואוינט דרויסען אין פאַרק, און ווי דער אַלטער גראַף האָט געלעבט דאָ אין דעם דאָזיגען הויז עטליכע חדשים מיט אַ יודישער טאָכטער, און ווי דער אַלטער רב, ר' משה'לע זכרונו לברכה, האָט דאָס דאָזיגע הויז געלעגט אין חרם

אריין, און ווי קיינער וואוינט נישט דרינען ביז צום היינטיגען טאג. — א ביסעל ווייטער שטעהט די אלטע שוהל; דאס איז א הויכע אלטע געביידע, מיט גרויסע הילצערנע ווענד און מיט א ווייסען בלעכערנעם דאך, און אט די דאזיגע גרויסע הילצערנע ווענד קוקען שוין שעהנע עטליכע הונדערט יאהר אין די וואלקענס אריין, גלייך ווי זיי זאלען וועלען דערגעהן די סודות פון דעם, וואס טהוט זיך דארט אב. דאך ווער מיר סודות, וואס מיר סודות? — הינטער דער שוהל, אין דער מיטען פון דעם גרינעם פעלד, ציהט זיך אין דער ברייט דאס שעהנע בלאנקע וואסער פון דעם טייךווארטא, און די כוואליעס רוישען און מורמלען, שעפטשען און פלוידערן, אפשר אויך שוין שעהנע עטליכע הונדערט יאהר גלייך ווי זיי זאלען וועלען ענטפערן אויף די אייביגע שאלות פון די אייביגע סודות, און אלע הערען די זעלבע תשובות און קיינער קען זיי נישט פערשטעהן... אבער ווען מען געהט צוריק פון דא־נען ביז אין דעם פיערעקדיגען מארק אריין, הויך אויף דעם בארג, און מען דערבליקט פון איין זייט אין טהאל די אלטע, גרויע שוהל, און פון דער אנ־דערער זייט, אין טהאל, דעם גרינעם גרויסען פארק, מיט זיינע וואונדער־ליכע בוימער און מיט זיין אלטען גרויען פאלאץ, וואס זיינע הויכע שטיי־נערנע ווענד קוקען אריין אין די וואלקענס, מי יודע וויפיעל שעהנע עטליכע הונדערט יאהר שוין, — דא קומט אמאל א מענשען, נישט ווילענדיג, אין זין אריין די פראגע: שטעהען נישט די דאזיגע אלטע ווענד פון פאלאץ און פרעגען זיי נישט, וואס איז דער אונטערשיעד צווישען אונז דא און צווישען יענע הילצערנע ווענד דארט, וואס קוקען אויך אין די וואלקענס אריין גלייך ווי מיר? און אמאל גאר דאכט זיך אב, אז זיי פרעגען: ווי ווייט איז פון אונז, דא, ביז צו יענע הילצערנע, גרויע ווענד דארטען?... און נעבען דעם פאלאץ הערט מען דאס וואסער פון דער ווארטא ווי זיינע כוואליעס רוישען און מורמלען, שעפטשען און פלוידערן, גלייך ווי זיי וואלטען ענטפערן אויף אלע שאלות, און אלע הערען די תשובות און קיינער קען זיי נישט פער־שטעהן...

אבער נישט אזעלכע און נישט עהנליכע געדאנקען האב איך געטראכט דענסמאל, אין יענעם צווייטען טאג שבועות אין דער פריה, בעת אין בין דורכגעגאנגען די גאנצע אלעע און די „ענגלישע־גאס" און דעם מארק און

צום סוף אויך די לאנגע שוהל־גאס. וואס ווייסט א קינד פון אזעלכע געדאנ־קען? ווי קומט עס צו איהם צו וועלען וויסען, ווי ווייט עס איז פון א פּלאַץ פון א פּוילישען גראף ביז צו אנ'אלטער, גרויער שוהל?... שטיל און רוהיג בין איך זיך געגאנגען און בעגלייט האבען מיך נאר די זיסע שטראהלען פון דער ליכטיגער זון. אפשט איז מיר פארגעקומען, אזוי ווי איך וואלט מיך האבען פערפלאנטערט אין די לאנגע גאלדענע פעדעם און ווי איך וואלט שוין גארנישט קענען מעהר ארויסדרעהען זיך פון זיי. אמאל האב איך זיך אוועקגעשטעלט און בעטראכט די פרישע, גרינע בוימער, מיט זייער פרישען לעבען; און אמאל האב איך זיך אוועקגעשטעלט בעטראכטענדיג דאס געלע זאמד אויף דער ערד, וואס האט אנגעהויבען פינקלען און בלישטשען אין ליכטיגען שיין, און צום סוף גאר זענען מיר געפעלען געווארען די יודישע פענסטער אין דער שוהל־גאס מיט זייער גרינס, מיט דעם שוהל־הויף און מיט דעם געמויזעכץ, און מיט די אויסגעמאלטע, פאפירענע בלעטלעך, וואס עס זע־נען געווען אויסגעקלעבט דערמיט אלע יודישע פענסטער. שטיל און רוהיג איז זיך געגאנגען דער איבעריגער עולם, גלייך ווי זיי וואלטען צעהלען זייע־רע שריט; ווייטער, ווייטער האבען זיי זיך געלאזען, ביז אין שוהל אריין — און אויף דער גאנצער יודישער גאס האט דאסמאל גערוהט עפּעס א מין הייליגהייט, א מין הימלישע, געטליכע רוה, דאס יעדער אליין פאר זיך איז פארגעקומען עפּעס הייליג און ערהאבען אויף עטליכע אויגענבליק. דא הא־בען געגרוישט זיידענע קליידער און געפלאטערט פרישע, נייע סטענגעס פון די ווייבערישע קעפּ אראב, און נייע, אטלאסענע רעק און זיידענע קאפּטא־נעס פון די מענער האבען געקנאטרעט אומעטום. פלוצלינג האט זיך דער עולם אבגעשטעלט און פלאץ געמאכט: דער נגיד פון דער שטאדט, ר' שמואל מרדכי ראזענגאלד, געהט, און ביי איהם אן א זייט געהט אנ'אלט פאר־פאלק, און זיי געהען אנגעלעהנט אויף שטעקענס, אבער אז מען קוקט זיך גוט־צו צו זייער זוהן, ר' שמואל מרדכי'ן, קען זיך פלוצלינג איינעם אבדאכטען, אז ער איז גאר נאך עלטער פון זיינע אלטע עלטערן, אזוי געל איז זיין פנים און אזוי גרוי איז זיין בארד און אזוי געבראכען איז זיין גאנצע געשטאלט. אבער פלוצלינג האט ער זיך הויך אויפגעריכט, און ערשט דא זעהט מען ווי גרויס און הויך ער איז; זיינע אויגען פינקלען פלוצלינג

שטארק און ער קוקט ווילד ארום זיך, און דאן ווידער בויגט ער מיט אמאל זיין קאפ אראב און געהט ווי געבראכען ווייטער. איך אבער האב דענסמאל נאך גארנישט געוואוסט פון אזעלכע זאכען — וואס ווייסט א קינד וואס עס הייסט גרויע האר ביי א מענשען וואס איז נישט אלט? וואס פערשטעהט א קינד, וואס עס בעדייטען אויגען וואס הויבען אן פלוצלינג צו פינק־לען און ווילד צו קוקען. — איך בין זיך רוהיג ווייטער געגאנגען, און עס איז מיר געווען יום־טוב־דיג אויפ'ן הארצען; איך האב דעם חזן געהערט און דאס לייענען געהערט און דעם בעל־מפטיר. דא אבער האט דער שמש אויסגערופען דאס ווארט „יזכור", און איך האב ערשט אנגעהויבען עטוואס צו זעהן און צו הערען . . .

„יזכור"?

און זיידענע קליידער האבען אנגעהויבען צו רוישען, און פרישע, נייע סטעננעס צו פלאטערן, און נייע, אטלאסענע קאפטאנעס האבען געקנאטערט; פון דער ווייבער־שוהל אראב האבען זיך אנגעהויבען לאזען פיעל, פיעל ווייבער, און פון פאליש ארוים פיעל, פיעל מאנספערשוינען — גליקליכע, צו־פריעדענע געזיכטער, אלע וואס האבען נאך טאטע־מאמע! דרויסען איז מען פרעהליך, לוסטיג, מען שטיפט, מען לאכט; און דרינען — דרינען איז א הייליגער, שטילער טרויערער געקומען איבער אלע וואס שטעהען נאר דארט. לאנגזאם, לאנגזאם פלאקערן די פיעל ליכט ארום און ארום; די שאטענס אויף דער וואנד בעוועגען זיך גאנץ לאנגזאם, און אלץ איז אזוי הייליג, אזוי שטיל און אזוי טרויעריג, און דאך אזוי זיס און אזוי אנגענעהם: איז עס טאקי אמת, דאס די נשמות פון די טויטע קומען זיך צונויף בעת דעם „יזכור" אין שוהל אריין? ווערען באמת נשמות וועלכע האבען אין לעבען אמאל געליטען, יעצט פערגלעט און געזונד געמאכט? — איך האב זיך פערגנב'עט ארייננצוקוקען דורך א שפאלט פון דער טהיר, אפשר וועל איך עפעס קענען דערזעהן א נשמה און ווי אזוי ווייזט זי זיך אוים? אפשר וועל איך נאר דערזעהן די קליינע רחל'ע, מיין רבי'נס קליין טאכטערל, וואס איז געשטארבען און נאך וועלכער איך האב געבענקט און געגארט נאך איהר אזוי זעהר, אזוי זעהר?

און ווי איך האב ארייננגעקוקט, האט מיר אנגעהויבען מיין פנים צו

ברענגען און מיין הארץ צו קלאפען; איך האב דערזעהן ר׳ שמואל מרדכי ראזענגאלד, דעם טלית איבער די פלייצעס און א מחזור אין דער האנד; זיינע ליפען האבען זיך אבער גאר נישט בעוועגט און נאר זיינע אויגען האבען זעהר שארף און זעהר אויפגעריסען געבליקט אויף דעם ספר אין דער האנד . . .

ר׳ שמואל מרדכי ביי „יזכור״? און זיין טאטע־מאמע? — האט זיך מיר שיער נישט ארויסגעריסען א פראגע פון׳ם מויל — לעבען זיי דען נישט?

און ווידער האב איך געקוקט און האב דערבליקט דעם אלטען, ר׳ שמואל מרדכי׳ם פאטער, און ווידער האב איך דורכגעזעהן דאס גאנגע קהל ווייבער, וואס איז געשטאנען אין דרויסען און האב זיך גאנץ גענוי דער־מאהנט, דאס די אלטע — זיין מוטער — איז אויבען, א לעבעדיגע, אין דער ווייבער־שול. ווי קומט עס, דאס א יוד, וואס האט טאטע־מאמע זאל שטעהן דרינען ביי „יזכור״? האבען איהם טאטע־מאמע גאר נישט געזעהן, דאס זיי האבען איהם נישט ארויסגעטריבען? האט דער עולם אזוי פיעל דרך־ארץ פאר איהם, דאס זיי האבען נישט געוואגט צו איהם צו צוגעהן און איהם בעטען ארויסגעהן? וועמען, וועמען איז ער דען מזכיר־נשמות?

נאריש קינד איינס! איך האב דענסמאל נאך גארנישט פערשטאנען, אז עס טרעפט אמאל, דאס א מענש איז מזכיר אפילו דאס, וואס שטעהט גאר־נישט אין מחזור — נאר דאס הארץ איז מזכיר...

ערשט שפעטער, פיעל יאהרען שפעטער, האב איך ערפאהרען, דאס ער האט מזכיר־נשמות געווען זיינע א טאכטער...

נישט טאטע־מאמע, ווי דער מנהג־ישראל איז, נאר א טאכטער האט ער מזכיר געווען, און דערצו נאך וואס פאר א טאכטער — א לעבעדיג... און ערשט שפעטער, פיעל יאהרען שפעטער, האב איך ערפאהרען, דאס נאך דערזעלבער טאכטער איז ער אמאל שבעה געזעסען אויף דער ערד, זיבען טעג און זיבען נעכט...

נאך א לעבעדיגער?!...

יא, זי איז א לעבעדיגע, אבער ער האט אלעמאל געזאגט, אז זי איז געשטארבענע — און דאס איז א טרויעריגע מעשה און נעהמט אן אזוי

שטאַרק ביים האַרצען, ווען מען דערמאָהנט זיך אָן איהר; גאָרנישט ווילענ־
דיג שטעלען מיר זיך טרעהרען אין די אויגען און מיר דאַכט זיך פּלוצלינג,
אַז עפּעס אַ געדיכטער שלייער וויל מיר די ליעבע, ליכטיגע וועלט פינסטער
מאַכען. און דרויסען איז די גרויסע, ווייסע וועלט אַזוי ליעב און אַזוי ליכ־
טיג, אַז ס'איז פּשוט אַ ליעבע הנאה אַרויסצובליקען...

*

אויך דענסמאָל, אין יענעם טאָג פון שבועות, איז די גרויסע ווייסע
וועלט געווען אַזוי ליעב און אַזוי ליכטיג, אַזוי זיס און דערקוויקענד.
גרויסע זומער־פויגעלעך, מיט פליגעלעך פון אַלערליי פאַרבען, זענען
אַרום און אַרום געפלויגען, און אַ גרויסער זשוק האָט זיך פאַר מיר פאַרביי־
געכאַפּט און האָט מיר אַ זיסען סוד אין אויער אַריינגעברומט — ווער ווייסט
נישט אָט די דאָזיגע, זיסע, הייליגע סודות? עס איז דער סוד פון דעם לע־
בען ווי ס'ווערט בענייט, דער סוד פון דער נאַטור ווי זי ווערט יונג, דער
סוד פונ'ם קראַנקען האַרצען ווי ס'ווערט געזונד — דרינען אָבער, אין דער
שוהל, האָבען זיך אַנדערע סודות געהערט, אויך זיס און הייליג, אָבער זיי
קומען פונ'ם מויל פון טויטע נשמות און געהען אַריין אינ'ם האַרץ פון
האַלב־טויטע מענשען, זיי קומען פון יענער וועלט און ווילען אַריבערשלעפּען
צו זיך די וועלט; עס זענען סודות פונ'ם טויט, ווי ער איז זיס; סודות פון
דער נאַטור, ווי זי איז שוין אייביג רוהיג! סודות פון דעם אָרעמען האַרץ,
ווי עס הערט שוין אויף אייביג צו ליידען, און דאָס אַלעס איז אַזוי זיס און
אַזוי הייליג, אַז דאָס האַרץ צעגעהט זיך פּשוט צוקער־זיס, און עס ווילט זיך
פּלוצלינג, אַז דאָס האַרץ זאָל זיך אַזוי צעגעהן ביז צום לעצטען טראָפּען און
עס זאָל שוין קיינמאָל מעהר נישט ליידען און עס זאָל שוין גאָר זיין אַ סוף
— עס ווילט זיך שטאַרבען, עס ווילט זיך שלאָפען דעם גרויסען לאַנגען
שלאָף....

שטיל און רוהיג שטעהט דער חזן מיט דער ספר־תורה אין דער האַנד,
שטיל און רוהיג שטעהט דער עולם מיט די טליתים טיעף איבער'ן קאָפּ,
און מיט דעם מחזור אין דער האַנד שטעהט ר' שמואל מרדכי שטיל, ווי
אַ מת, און אפילו זיינע ליפּען בעוועגען זיך נישט . . .

„יזכור אלהים נשמת...״ גאָט זאָל געדענקען די נשמה פון — —
פון וועמען ?. . .

זיינע אויגען גלאָצען טיעף, טיעף אריין, אין דעם מחזור, און די אותיות הויבען אָן אַרומצוטאַנצען פאַר זיינע אויגען. — פון וועמען ? פרעגט ער נאָך אַמאָל זיך אַליין : די נשמה פון מיין טאָכטער ? זי זאָל גאָט געדענקען ? אָ ניין, גערעכטער גאָט, אָ ניין ! זי זאָל גאָרנישט געדאַכט ווערען ! דאָס וועט זיין בעסער פאַר איהר און פאַר אַלעמען ! ער אַליין, דער טאַטע פון איהר, ער אַליין איז דאָך גאָר קיין גאָט נישט און ער אַליין האָט קיינמאָל נישט געוואָלט זי מעהר געדענקען ; ער אַליין האָט זיך צוגעשוואוירען, איין מאָל און צעהן מאָל און הונדערט מאָל, אַז זי איז געשטאָרבען, און אַז ער וועט קיינמאָל, קיינמאָל מעהר זי נישט געדענקען. האָט ער געהאַלטען זיין שבועה ? האָט ער באמת קיינמאָל מעהר נישט געדענקט אָן איהר ?...

— ניין ! איך בין אַ ליגנער, אַ לייכטזיין, אַ מענש, וואָס האַלט קיין שבועה נישט ! — האָט זיין הארץ אין איהם ווילד געשריען — פון יעצט אָן, אָבער, פון יעצט אָן, שוועך איך, נישט מעהר אָן איהר צו געדענקען !...

און ווי צו להכעיס זענען איהם אָבער אין דעם אויגענבליק טאַקע טויזענדער מחשבות און עראינערונגען אָנגעקומען.

ער געדענקט פּלוצלינג יענעם טאָג, פאַר אַכצעהן יאָהר, בעת זיין ווייב, רבקה לאה, זכרונה לברכה, איז געשטאָרבען. קאַלט און ווינדיג איז דער טאָג געווען, און דער שנעע איז געגאַנגען אינאיינעם פאָרט, און פון אַלע דעכער האָט געפייפט און געבלאָזען. און דאָ איז ער געגאַנגען, פערטרויערט און פעריאָמערט, אַהיים פון דער לויה, און נאָך איהם איז נאָכגעגאַנגען נישט קיין גרויסער עולם. ער געדענקט, ווי זיי האָבען זיך געסוד׳עט און ווי זיינע אויערען האָבען דערהערט דאָס וואָרט, דאָס ער זעהט אויס געטרייסט. דאָ אָבער איז ער אריין צו זיך אין שטוב, און זיין אסתר׳ל די יתומה, איז איהם אַנטקעגענגעקומען. זי איז דאָך אפילו דענסמאָל מעהר נישט אַלט געווען ווי פיער יאָהר, אָבער ווער עס האָט דאָס קינד דענסמאָל געזעהן, דער האָט עס אודאי־קיינמאָל שוין נישט מעהר פערגעסען. מען רעדט גאָרנישט פון די לאַנגע, גאָלדענע לאָקען, מען רעדט אויך נישט פון דעם פּיסקעלע דעם זיסען, אויך פון דעם שעהנעם פּנימ׳ל, וואָס איז געווען ווי אָב־

געמאָלט, רעדט מען נישט, און נאָר די אויגען, אָט יענע גרויסע, בלויע אויגען, דאָס האָט מען נאָך קיינמאָל נישט געזעהן אזוינס ביי א קינד. ער געדענקט נאָר דאָס איינע, דאָס ווי ער האָט זי דערזעהן, האָט ער אָנגעהויבען צו וויינען, אזוי שטארק ווי ער האָט נאָך קיינמאָל נישט אין זיין לעבען געוויינט, און דאָ איז ער ארויפגעפאַלען אויף דעם קינד, און האָט עס אָנגעהויבען צו קושען און צו האַלזען און האָט עס אזוי שטארק צוגעפּרעסט צו זיך, ביז דאָס קינד האָט אָנגעהויבען הויך צו שרייען. און דערנאָך, געדענקט ער, ווי זיי האָבען מעריב געדאַווענט, און ער האָט דאָס קינד אַלץ נישט אָבגעלאָזען פון דער האנד, און דערנאָך ביי דער שמונה־עשרה האָט ער עס גענומען פלוצלינג אויף דעם אָרעם און האָט זיך דערמיט צוזאַמען געשאָקעלט, און אַלע האָבען איהם אָנגעקוקט ווי א משוגענעם. וואָס זאָגט איהר, עולם, וואָס זאָגט איהר צו מיין יתומה׳לע? האָט ער עטליכע מאָל אויסגערופען, און ער געדענקט נאָך ווי זיין קול איז איהם אליין פאָרגעקומען עפּעס ווי משונה׳דיג. דער עולם אָבער איז זיך באַלד פונאנדערגאַנגען און האָט איהם נישט מעהר אָנגעקוקט, ווי א משוגענעם.

פלוצלינג געדענקט ער ווי ס׳איז אַמאָל צו איהם אַריינגעגאַנגען איטשעבער דער שדכן און האָט צו איהם געזאָגט: „ר׳ שמואל מרדכי! איך האָב א שידוך פאַר אייערטוועגען גאָר אַנ׳אַנטיקעל...” און ווי ער האָט דעם אומשולדיגען שדכן דערלאַנגט א שטאַרקען פּאַטש, דאָס ער איז שיער נישט אומגעפאַלען. דערנאָך זענען געקומען די צייטען, ווען אויך זיין פאָטער און זיין מוטער האָבען איהם אָנגעהויבען צו קוועהלען, דאָס ער זאָל א שידוך טהון — און אַלץ אומזיסט. דאַן געדענקט ער, ווי זיין מוטער איז אַמאָל צו איהם צוגעגאַנגען און איהם געזאָגט: „ס׳טייטש? דו ביסט דאָך גאָר א יונגער־מאַן, גאָר א יונג בוימעל, מיינסטו באמת צו פערזיצען?” און ער האָט דאַן פעסט און רוהיג געענטפערט: „יאָ, פערזיצען וועל איך!” און דערויף האָט איהם די מוטער געזאָגט: „און אז איך וועל גוזר זיין אויף דיר בגזרת כבוד אם, וועסטו אויך נישט פאָלגען?” און קלאָר און דייטליך האָט ער דערויף געענטפערט: „מאמע, טהו דאָס נישט, דען איך וועל נישט קענען פאָלגען!” און איז געבליבען אַנ׳אַלמן ביז יעצט — האָט ער דען

געקענט אנדערש טהון? האָט ער אפשר געקענט דערלאָזען, אז אזא טאָכ־טער׳ל זאָל קריגען א שטיפמוטער?

דאָן זענען יאָהרען אוועקגעגאנגען, שעהנע עטליכע יאָהרען, און די גאָלדענע לאָקען זענען געוואָרען גאָלדענער און די בלויע אויגען זענען גע-וואָרען בלויער — און יודען און קריסטען האָבען אומעטום גערעדט פון אסתר׳לען, פון אסתר׳קען . . .

ער געדענקט, ווי עס זענען געווען צייטען, וואָס ער פלעגט האָבען קנאה אויף אלע, וואָס האָבען גענומען אסתר׳לס נאָמען אין מויל אריין; עס האָט איהם געקרענקט, דאָס ס׳איז נאָך פאַר אנדערע מענשען וואָס פערגינען צו רע־דען פון איהר גליק, ווי איהם אליין נאָר וואָלט זיין דערלויבט זי ביים נאָמען צו רופען און אויף איהר צו קוקען, און אנדערע טאָרען דאָס גאָרנישט. — זי איז שוין געווען א מיידעל פון דרייצעהן, פיערצעהן יאָהר, און דאָך האָט נאָך אלץ איהר בעטעל געמוזט שטעהן אלעמאָל נעבען זיין בעט, און אָפט איז ער געלעגען ביינאַכט און האָט געהאָרכט, געהאָרכט, און האָט געצעהלט, ווי עס געהט ביי איהר דער אָטעם ביים שלאָפען.

פאַרוואָס, פאַרוואָס, האָט ער זי נישט גענומען דענסמאָל און איז נישט אוועק מיט איהר ערגעץ ווייט, ווייט, ערגעץ הינטער די הרי־חושך? פאַר־וואָס איז איהם דאָס גאָרנישט איינגעפאַלען, אז עס איז א סכנה, אזא בליצענ־דיגען אוצר נישט צו פערבעהאַלטען, אז קיין מענשליך אויג זאָל איהם נישט זעהן? — האָט איהם זיין גרויס פערמעגען געשטערט דערין, אז ער האָט נישט געקענט זיך אויפהויבען און אוועק, אום נישט א תל צו מאַכען דערפון? איז עס אמת וואָס קריסטען און יודען פלעגען זאָגען אויף איהם, אז ער איז א מענש, וואָס איהם איז טייער נאָר זיין געלד, און א חוץ דעם גאָרנישט מעהר? — אמת, ער איז געווען א פּראַצענטניק, און האָט ליעב געהאַט צו פערדיענען א גוטען גראָשען, פאַרוואָס דען נישט, ער וויל דאָס גאָרנישט לייקענען — אָבער פאַרוואָס זענען זיי נישט געקומען אמאָל אריין צו איהם אין שטוב, ביינאַכט, בעת ער האָט גענומען אסתר׳לען אויף זיין שויס ארויף, און פאַרוואָס האָבען זיי נישט געגעבען אמאָל א קוק אין זיין האַרץ אריין, אום צו וויסען, ווי ליעב ער האָט זי געהאַט, און ווי וואָלט ער

זיין אימשטאַנד אָבצוגעבען פאַר איהר זיין געלד און זיין פערמעגען און זיין לעבען און זיין אַלעס ? . . .

און ווידער זענען איהם געקומען אין זינען אַריין די פּוילישע פּריצים און די אַדעל־לייט און די אָפיציערען און אַלע, וואָס זענען געקומען צו יענער צייט צו איהם זיך געלד ביי איהם לייהען. ער געדענקט נאָך ווי היינט, ווי דער גראַף ווינצענטי שטשעגולסקי האָט מיט איהם געמאַכט אַ גרויס געשעפט, אַ געלד־געשעפט, אויף 30 פּראָצענט יעהרליך, און ווי דער גראַף האָט געקוקט אויף אסתר׳לען, און ווי ער האָט געזאָגט: „פּאַניע ראָזענגאָלד! איך וויים עס, דו האָסט דאָך הנאה פון אַ גוט פּראָצענטעל; נו, גוט, איך גיב דיר גאַנצע דריי פּראָצענט אַ חודש, נאָר בתנאי, אַז דו זאָלסט מיר אָוועקגעבען דיין טאָכטער׳ל די אסתר׳קאַ!" ער געדענקט, דאָס ער איז עפּעס ביים אָנפאַנג גאָרנישט בייז געווען אויף דעם שפּאַס וואָס דער הער גראַף האָט זיך דערלויבט, און דאָס ער האָט רוהיג געענטפערט: „דריי פּראָצענט, הער גראַף, דאָס איז ווענינ, זעהר ווענינ!" און נאָר שפּעטער, ערשט ביינאַכט, האָט עס איהם פערדראָסען און וועה געטהון, פאַר די ווערטער, וואָס אַ שררה קען אַלץ רעדען אַ יודישען טאַטען פון אַ יודישער טאָכטער.

ער געדענקט גאַנץ גוט, ווי דער גראַף איז דענסמאָל אַרויסגעגאַנגען און האָט געזאָגט צו כליעווניקאָוון, דעם בלויען אָפיציער: „גלויב מיר, עס וועט נאָך אַמאָל ווערען אַ געשעפט! אַ יוד קאָן אַלץ טהון, גיב איהם נאָר אַ פּאָר פּראָצענט מעהר! . . ."

פּלוצלינג האָט זיך איהם אַ פיגור געשטעלט פאַר זיינע אויגען, אַזוי ווי לעבעדיג, און שיער נישט האָט ער אויפגעהויבען די הענד צו כאַפּען זי: איהרע גאָלדענע לאָקען זענען געווען יעצט פיעל בלויער און עפּעס אַ מין כישוף האָט געשטעקט אין אַלע איהרע אברים.

און איינמאָל ביינאַכט, ווי ער איז שוין געווען איינגעשלאָפען, געדענקט ער ווי זיין אסתר׳ל האָט איהם געוועקט:

— טאַטע, דו שלאָפסט?

— וואָס איז, קינד, וואָס איז דיר?

— גאָרנישט, גלאַט אַזוי . . .

און ווי ער האָט אָנגעהויבען דרעמלען צום צווייטען מאָל, האָט זי איהם ווייטער געוועקט:

— טאַטע!

— ביסטו קראַנק, נשמה'לע? פעהלט דיר עפּעס, חלילה?

— ניין, ניין . . . נאָר עפּעס פרעגען האָב איך געוואָלט ביי דיר. אָדער ניין . . . איך וויל שוין גאָרנישט פרעגען . . .

— פרעג, פרעג, מיין לעבען.

— גאָרנישט, דאָך . . . זאָג נאָר: איז אמת וואָס מען דערצעהלט פון אַלטען גראַף שטשעגולסקי; פון דעם ווילדען גראַף סטאַניסלאַוו, דעם זיי־דען פונ'ם יעצטיגען גראַף ווינצענטי? איז אמת, אז ער האָט אמאָל געגזל'ט א יודישע טאָכטער און האָט מיט איהר געוואוינט דריבען, אינ'ם חרם־הויז, און אז זי איז צום סוף געשטאָרבען, האָט ער גענומען און האָט אויסגע־שטאָכען איהרעביידע שווארצע אויגען, און האָט זיך געמאַכט צוויי גאָל־דענע רינגען, און די אויגען האָט ער אריינגעזעצט אין די רינגען אנשטאָט בריליאַנטען, און האָט זי געטראָגען ביז אין זיין טויט אריין? . . .

ווער האָט דיר דאָס דערצעהלט, אסתר'ל?

זי איז אָבער שוין געוועזען אַזוי טיעף פערקלערט און האָט שוין גאָר־נישט געוואוסט און האָט שוין גאָרנישט געהערט וואָס מען רעדט צו איהר, און האָט גלאַט אַזוי געמאַכט!

— הע? . . .

און דערנאָך האָט זי געשוויגען, און אויך איהר אָטעם האָט זיך נישט געהערט ביים שלאָפען די גאַנצע נאַכט.

דאַן, געדענקט ער, ווי זי האָט איהם אמאָל ווידער געוועקט ביינאַכט, און האָט פּלוצלינג א פרעג געטהון: טאַטע, דו שלאָפסט? — און דערנאָך האָט זי געפרעגט: איז אמת, וואָס זיי זאָגען, אז יודען זענען בלוטזויגער, און אז דו אליין, טאַטע, ווען דו לייהסט זיי געלד, נעהמסטו צו ביי זיי דאָס לעבען? ער דערמאָהנט זיך נאָך, אַזוי ווי דאָס וואָלט זיין ערשט יעצט, ווי זיין בלוט האָט אין איהם אָנגעהויבען צו קאָכען און ווי ס'איז איהם עפּעס געוואָרען שלעכט ווי נאָך קיינמאָל נישט. איז ער דאָס שולדיג אין דער מעשה מיט דעם פּראָצענט? איז ער דען באמת א בלוט־זויגער ווי זיי מיי־

נען, אָדער ווי זיי ווילען דעם יונגען קינד איינרעדען? — ער געדענקט ווי ער האָט שוין געוואָלט אסתר׳ן בעפעהלען נישט מעהר צו רעדען מיט די אָפיציערען און מיט די פּריצים; אָבער ווי דער צווייטער טאָג איז געקור־מען און ער האָט געזעהן דעם כבוד וואָס אסתר׳ל האָט, ווי זי האָט דערהאַל־טען די איינלאַדונג צו קומען ביינאַכט צום באַל ביים בירגערמייסטער, האָט ער נישט געהאַט מעהר דעם מוט איהר צו זאָגען א וואָרט.

ניין — האָט יעצט זיין הארץ אין איהם ווילד געשריען — איך האָב קיינמאָל קיין מוט נישט געהאַט! איך האָב מיט אייגענע אויגען געזעהן, ווי דער גיפט האָט אָנגעהויבען אריינצוגעהן אין איהר קערפּער אריין און האָב נישט דעם מוט געהאַט זי נישט צו דערלאָזען עס צו טרינקען. איך אַליין האָב געזעהן ווי עס האָבען זיך אָנגעהויבען צו שאַרען ארום איהר די גאַנצע חברה, די פּריצים און די אַדעל־לייט און אָפיציערען, און האָב איהר נישט קיין איינציג מאָל געזאָגט: „טאָכטער! איך פערוועהר עס דיר!" איך אַליין האָב געזעהן ווי זי האָט אָנגעהויבען צו לייענען ביכער און ביכלעך, וואָס זענען געווען פיעל ערגער ווי גיפט, און האָב נישט געזאָגט: ניין! — און אז אַלע האָבען מיר שוין אויסגעריסען די אויגען און האָבען גע־טייטעלט מיט די פינגער נאָך איהר, און אז איך אַליין האָב שוין בעמערקט אז זיי האָבען זי פּשוט געמאַכט פאַר א שונא־ישראל, האָב איך אַלץ נאָך געשוויגען און זי נאָך אַלץ גערעכט געמאַכט. נו, ווער איז אצינד שולדיג, זי אָדער איך?

נאָר איינמאָל, געדענקט ער, נאָר איינמאָל האָט ער געהאַט מיט איהר א שאַרפע מחלוקה. עס איז געווען דענסמאָל, ווען זי האָט אָנגעהויבען עפּעס רעדען איבער דאָס לעבען, און וואָס לעבען בעדייט און וואָס פאַר א בעגריף עס קען האָבען פון לעבען א מענש, וואָס דאָס געלד איז ביי איהם די נשמה, און ווי א יוד קען איבערהויפּט נישט וויסען קיינמאָל וואָס לעבען הייסט, — דענסמאָל האָט ער איהר שאַרף געענטפערט. אָבער דערנאָך איז ווידער געוואָרען זיין שטימע מילד און ווייך, און אז ער איז אַליין געווען ביי זיך אין צימער זענען עפּעס זיינע אויגען נאַסליך געוואָרען. דאַן, גע־דענקט ער, ווי די קריסטען האָבען געפונען פאַר איהר א ניי, מאָדנע וואָרט,

עפּעס, אַ וואָרט וואָס איז איהם אויסגעקומען אַלעמאָל אַזוי פרעמד — זיי האָבען זי גערופען „קאָקעטקאַ".

וואָס איז דאָס איהם אָנגעגאַנגען? — ער האָט געטהון אַלץ וואָס אַ טאַטע קען נאָר טהון פאַר זיין איינציגער טאָכטער; ער האָט געלאָזען פאַר איהר די בעסטע שידוכים רעדען, און האָט געוואָלט זיין גאַנץ פערמעגען איהר אַוועקגעבען; אָבער זי האָט נישט געוואָלט. איהר זענען אַלע שידוכים נישט געפעלען געוואָרען. אַזוי זענען יאָהרען פאַרבייגעגאַנגען. נאָר איינ־מאָל, געדענקט ער, ווי ער האָט געהאַט אַ מיאוס'ע סצענע מיט איטשע־בער דעם שדכן, וואָס איז אַריינגעגאַנגען צו איהם און האָט איהם גערעדט אַ שידוך, עפּעס נישט אַזוי אַ פיינעם, און ווי ער האָט זיך אַ ביסעל געקרימט. דאָ האָט זיך דער שדכן אָבגערופען: ר' שמואל מרדכי! איהר פערגעסט, אז דאָס בחור'ל איז מיט אַלע מעלות? איהר פאַרגעסט, אז ער איז פריי פון מיליטער אין דאַגעגען ווידער אייער טאָכטער, האָט נישט קיין פאַראיבעל, וואָס מען זאָגט אויף איהר, אז זי איז נישט פריי פון מיליטער... די אָפּיציערען . . .

ער געדענקט, אז ער האָט דעם שדכן אַרויסגעוואָרפען פאַר דעם נאַרי־שען וויץ: ער געדענקט, ווי ער האָט דענסמאָל גאַנץ גוט פערשטאַנען, דאָס איטשע־בער האָט זיך בלויז געוואָלט אָן איהם נוקם זיין פאַר אַ פּאַטש וואָס ער האָט איהם אַמאָל געגעבען — אָבער שלאָפען האָט ער שוין פאָרט נישט געקענט, נישט יענע נאַכט און נישט אין דערויף קומענדיגע נעכט.

און דאַן זענען געקומען יענע טעג, ווען דער גראַף ווינצענטי שטשע־גולסקי האָט אָנגעהויבען צו קומען אין זיין הויז אַריין זעהר אָפט. אמת, שעהן איז ער קיינמאָל נישט געווען, דאָס האָט ער אַליין אויך געוואוסט, נאָר עפּעס איז געלעגען אין זיינע אויגען, וואָס ער ווייסט גאָרנישט וואָס עס איז אַזעלכעס געווען, און איבער דעם, ווען ער איז ווילד געוואָרען, אַזוי ווי זיין פאָטער און ווי זיין זיידע, דאָ ערשט איז ער געווען אינטערעסאַנט, גאַנץ אָהן גלייכען. אָבער ער ווייסט גאַנץ גענוי און בעשטימט, אַז זיין טאָכ־טער, זיין אסתר, האָט איהם קיינמאָל נישט געקענט ליידען און האָט זיך תמיד געפלעגט צו בעהאַלטען פאַר איהם. איינמאָל, האָט זי אפילו איהם אין פנים אַריין געזאָגט, אַז זי קען איהם אויף די אויגען נישט זעהן . . .

און דאַן זענען ווידער געקומען די צייטען, ווען זי פלעגט געהן שפּאַ־צירען רעגעלמעסיג יעדען טאָג אין דעם פּארק.

האָט ער איהר אַ כשוף אָנגעטהון? האָבען רוחות און שדים איהם געהאָלפען?

— ניין, ניין, מעהר וויל איך שוין נישט געדענקען, איך וויל נישט, איך וויל נישט! — האָט ער פּלוצלינג מיט אַ הויכער שטימע זיך ארויס־געדרעדט און די יודען וואָס זענען געשטאַנען נעבען איהם ביים דאַווגען האָבען איהם שטאַרק אָנגעקוקט.

אָבער ווי אויף להכעיס האָט ער זיך ווידער פערטראַכט און האָט קלאָר און דייטליך געדענקט יענע פינסטערע און בייזע נאַכט, ווי זיין אסתר איז פון זיין הויז אוועקגעגאַנגען און איז נישט מעהר צוריקגעקומען...

דריי טעג און דריי נעכט האָט ער זי געזוכט, און זי איז אָלץ נישט גע־ווען, דערנאָך ערשט איז איהם אָנגעקומען די פינסטערע, די שוואַרצע בשורה וועגען איהר.

דער ווילדער גראף, גראף ווינצענטי שטשעגולסקי, האָט זי מיט זיך מיטגענומען... און זי האָט אויפגעהערט צו זיין אַ יידיש קינד...

דאָ איז ער אַהיימגעקומען שטיל און רוהיג, און האָט אַראָבגעלאָזען די פאָרהאַנגען פאַר די פענסטער און האָט פערהאָנגען די שפּיגלען אין אַלע חדרים און האָט אָנגעצונדען אַ קליין לעמפּעלע מיט אייל, און האָט זיך אוועקגעזעצט אויף אַ קליין פוסענבענקעלע, און איז געזעסען שבעה זיעבען טעג און זיעבען נעכט.

און אויפ׳ן אַכטען טאָג איז געקומען עפּעס איינער פון די אָפיציערען, דאַכט זיך בלעבניקאָוו, און האָט זיך געוואָלט געלד לייהען ווי תמיד, און ער, דער יוד, האָט איהם נישט געוואָלט לייהען מיט די זעלבע קאָנדיציעס ווי ביז יעצט, און האָט זיך געהייסען געבען אַ האַלבען פּראָצענט פער חודש מעהר, ווי ביז אהער.

און אַלע האָבען אויף איהם געזאָגט, גויים און יודען, אַז ער איז אַ שלעכטער מענש מיט אַ שלעכט האַרץ, אַ בלוט־זויגער, אַ פּראָצענטניק און דאָס קינד הויבט איהם גאָר נישט אָן צו אהרען.

אָבער, ביינאַכט! ביינאַכט! אַז ער איז ביינאַכט, געלעגען אַליין אויף

זיין געלעגער, וואָס האָט ער דאָ אַלץ נישט איבערגעליטען און איבערגעקעמפּט מיט זיך! — איינמאָל איז ער געווען, דאכט זיך, פּראָסט משוגע ווי אַלע משוגעים וואָס קלעטערען אויף גלייכע ווענד.

ווי אזוי? ווי אזוי האָט זי גאָר געקענט איהם פערלאָזען? מיט וואָס האָט זי דער מכשף גענומען? מיט וועלכען כישוף — ווי אזוי? ווי אזוי?...

און דאָ, געדענקט ער, ווי עס האָט זיך איינמאָל ביי איהם אויפגע-מאכט די טהיר, און עס איז אַריין אַ געשטאַלט מיט גאָלדענע לאָקען און מיט בלויע אויגען און האָט צו איהם געזאָגט מיט אַ שטימע פון אַ מלאָך:

— טאַטע!

ער, אָבער, האָט זי אָנגעכאַפּט און האָט זי אַרויסגעשלײדערט און האָט צוגעקלאַפּט די טהיר הינטער איהר, און דערנאָך — — — דערנאָך, געדענקט ער נאָר, ווי ער איז אויפגעשטאַנען צומאַרגענס אינדערפריה און איז צו־געגאַנגען צום שפּיגעל און האָט זיך אָנגעקוקט, דאָ האָט ער געזעהן ווי ער איז פּלוצלינג גרוי געוואָרען ווי אַ טויב — איבער נאַכט — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— ר' שמואל־מרדכי!

ער האָט זיך אומגעקוקט און האָט דערזעהן דעם שמש.

— ר' שמואל מרדכי! גוט יום־טוב אייך! דער עולם האָט שוין אָבגע־דאַווענט מוסף און געהט שוין אַוועק און איהר שטעהט נאָך אַלץ איינגע-הילט אין דעם טלית . . .

— וו—אַ—אַ—אַ—ס?

און ער איז אַרויסגעגאַנגען, שטיל און לאַנגזאַם, און איז רוהיג געגאַנ-גען. „מיט וועלכען כישוף האָט ער זי גענומען? — ווי אזוי? — ווי אזוי? . . .״

יום־טוב׳דיג און לאַנגזאַם איז זיך דער עולם געגאַנגען פון שוהל; זיי־דענע קאַפּאָטעס האָבען געקנאַטערט און אַטלאַסענע קליידער האָבען גע־רוישט; אַלץ הייליג, אַלץ צופריעדען, און אַלץ האָט גערעדט און פון אַלע־מען האָט מען גערעדט.

— שלעכט, שלעכט מיט איהם! — האָט זיך אָבגערופען דער דין, גע־הענדיג געבען מיין פאָטער — ער איז פערמרה־שחורה'ט און רעדט מיט קיי־נעם נישט. ווי געפעלט אייך גאָר די מעשה? ער איז דאָך געבליבען אין שוהל בשעת „יזכור" . . .

— אַנ'אפּיקורס! ווי איך בין א יוד, אַנ'אפּיקורס! — האָט זיך אָב־גערופען מיין מלמד וואָס איז צוגעקומען צו אונז. און ר' שמואל־מרדכי איז אַלץ נאָך געגאַנגען, שטייף און רוהיג, און האָט דעם קאָפּ זעהר הויך און אויפגעריסען געהאַלטען.

„...מיט וועלכען כישוף — ווי אזוי? ווי אזוי?..."

*

די בוימער פון פּארק שטעהען שטיל און בעוועגען זיך נישט און זייערע צווייגען שטרעקען זיך אין לופט אריין. שאָטענס ליעגען אויסגעשפּרייט אויף דער ערד און אויף די בייטען, און נאָר טיילמאָל בעוועגען זיי זיך שוועבענדיג אמאָל אהין און אמאָל אהער. אָן נאָר ווען עס קומט א ווינד און דערלאַנגט א פאָהר צווישען די צווייגען, דאָ שאָקלען זיי זיך פּלוצלינג, רוישענדיג און פּילדערענדיג, און די בוימער סוד'ען זיך דאַן איינער מיטן אנדערען אויף זייער וואונדערליכער שפּראַך.

אַנ'אַלטע דיקע סאָסנע שטעהט אין דער מיטען פּארק, געבוקט און איינגעבויגען, און איהרע צווייגען פערשפּרייטען א גרויסען שאָטען ארום און ארום. ווער צעהלט אַלע יענע וואונדערליכע מעשה'לעך, וואָס די דאָזיגע זקנה האָט אין איהר לעבען שוין געהערט? ווער צעהלט אַלע יענע מענ־שען, וועלכע זענען שוין אין איהר שאָטען געזעסען, און האָבען געזיפצט, אָדער האָבען געפרעהט זיך? . . .

איבער'ן גראָז קומט א ווינד צו פאָהרען, און די גרעזלעך בעוועגען זיך א מינוט לאַנג, דאַן שאָקלען זיך אויך די גרינע בלעטער אויבען, דאַן רוישען הויך און שטאַרק אַלע צווייגען פון די גרויסע בוימער, וועלכע שטרע־קען זיך אין די לופט אריין, און די בוימער דערצעהלען איינער דעם אַנ־

דערען מעשיות, פון אלעם וואס זיי האבען געזעהן און פון אלעם וואס זיי ווייסען.

זיי דערצעהלען פון א שטאלצען גראף, מיט גרויסע און שווארצע אויגען, וועלכער פלעגט קומען אפט און ארומשפאצירען דא צווישען זייערע צווייגען, און טיילמאל פלעגט ער זיך צעזינגען און טיילמאל פלעגט ער זיך צעוויינען, אמאל, ווייל עס איז איהם אזוי גוט אויפ'ן הארצען געווען, און אמאל, ווייל דאס הארץ האט זיך איהם שיער נישט צעזעצט פאר גרויס לייד! און אפט פלעגט ער זיצען א גאנצען ליעבען טאג, אדער א גאנצע ליעבע נאכט, און פלעגט חלומ'ען פאר זיך מיט אפענע אויגען, און פלוצלינג פלעגט ער זיך אויפכאפען און פלעגט שרייען אויפ'ן קול: „א העליש פייער ברענט אין מיר!" — און דאן דערצעהלען די בוימער ווידער פון א בע־טריבט־טרויעריג פנימ'ל, וועלכעס פלעגט זיך אפט צווישען די בוימער בע־ווייזען, און פון גאלדענע לאקען און בלויע אויגען, וועלכע דאס דאזיגע פנימ'ל האט געהאט, און ווי די דאזיגע געשטאלט פלעגט זיך טעגליך בע־ווייזען, און פלעגט נישט לאכען און פלעגט נישט לוסטיג זיין, און ווי זי פלעגט טיילמאל קומען און זיךווארפען אויפ'ן גראז און פערגראבען דאס פנימ'ל אין איהרע קליינע צארטע הענדטעלעך, און עס פלעגט זיך הערען פלוצלינג א הארצרייסענדער קרעכץ: „אוי, ווי ביטער איז מיר! די וועלט איז אזוי ענג, אז עס איז נישט מעגליך, אבצועטעמען!...

און פלוצלינג רוישען די בוימער הויך און מורמלען און שעפטשען שטיל, און איינער דערצעהלט דעם צווייטען דעם שטילען וואונדערליכען סוד, ווי עס האט זיך א קוש געהערט, שטיל און הייליג, און ווי פון אלע פיער עקען איז דער ווינד געקומען און האט אויפגעכאפט דאס ווידער-קול פון דעם דאזיגען הייליגען, ריינעם קוש און האט איהם אוועקגעטראגען הויך, אויבען ארויף צום הימעל... און דאן בלייבען די בוימער שטום א מינוט לאנג, און דאן דערצעהלען זיי מיט א שטיל קול, קוים וואס מען הערט, אז איינמאל אין א זומער־אווענד האבען גליהענדיגע, זיסע ליפען ארויסגערעדט דאס ווארט: „איך האב דיך ליעב!" און אנדערע גליהענדיגע, זיסע ליפען, קוים וואס מען האט געהערט, האבען שטיל נאכגעשעפטשעט: „איך האב דיך ליעב!"...

דאַן דערצעהלען זיי, ווי דאָס מיידעל פלעגט קומען אין פּאַרק אריין און פלעגט זיך פליקען גרינע בלעטלעך און געלע בלומעלעך, און פלעגט צו־נויפקלויבען די גרינע בלעטלעך און די געלע בלומעלעך און איז געווען טויט־טרויעריג . . .

און ווידער דערצעהלען זיי, ווי דאָס מיידעל פלעגט קומען אין פּאַרק אריין, און פלעגט טאַנצען און שפּרינגען און לאַכען און זינגען און פלעגט זיין הימעלם־לוסטיג, און די גרינע בלעטלעך פון די בוימער פלעגט זי קושען, און די געלע בלומעלעך פון די בייטען פלעגט זי צופּרעסען צום האַרץ, און פלעגט זיי קושען און קושען . . .

און דאַן דערצעהלען זיי, ווי דאָס מיידעל אין איינמאָל געקומען און האָט זיך אויסגערופען: דערלעז מיך, מיין מלאך, דערלעז מיך, דען מיר איז אזוי ענג! צווישען א פאָלק מיט געשטאָרבענע הערצער זיץ איך, וועלכע קענען קיינמאָל נישט פיהלען און קיינמאָל נישט וויסען, וואָס עס קען זיך אָבטהון ביים מענשען אינעווייניג. דערלעז מיך, מיין מלאך, דערלעז מיך! דען איך האָב זיי פיינד און מיין האַרץ ווערט צעבראָכען אין מיר. דערלעז מיך, מיין מלאך און רעטער, דערלעז מיך גיך!...

און דאַן דערצעהלען זיי שטיל, ווי דער שטאָלצער מענש איז איינמאָל געקומען, אָהן טרייסט און אין פערצווייפלונג, און די האָר פון קאָפּ האָט ער זיך געריסען און אויסגערופען האָט ער זיך:

„ווי קען איך דאָס! — זאָל איך זי אפשר גאָר פאַר א ווייב מיר נעה־מען?... און זאָל איך הערען יעדען טאָג דאָס געשפּעט פון מיינע פריינד און בעקאַנטע? און אפשר זאָל איך זי מיר פאַר א ווייב נעהמען, זיי צו להכעים? —"

און די בוימער רוישען און שאָקלען זיך און א פילדערן פאָהרט דורך פלוצלינג צווישען זייערע צווייגען, און הויך דערצעהלען זיי דעם וואונדערלי־כען סוד פון א צווייטען הייליגען קוש, און ווי די ווינטען זענען געקומען און האָבען אוועקגעטראָגען דאָס ווידער־קול פון דאָזיגען קוש אין די ווייטע, הויכע הימלען, און ווי גליהענדיגע, זיסע ליפּען האָבען שפּעטשטענ־דיג אַרויסגערעדט די גליהענדיגע זיסע ווערטער: „איך האָב דיך ליעב! איך האָב דיך ליעב!"

שטיל! — די בוימער דערצעהלען יעצט, ווי דאָס מיידעל מיט די בלויע אויגען און די גאָלדענע לאָקען האָט זיך בעזעצט דאָ אנטקעגען, אין דעם גרויסען פּאַלאַץ, וועלכער איז גרעסער און העכער פון די גרעסטע און העכסטע בוימער פונ'ם פּארק.

און די צווייגען בעוועגען זיך יעצט שטיל, און פאַמעלעך דערצעהלען זיי, ווי עס זענען געקומען ריינע שעה'ן און הייליגע מינוטען פאַר צוויי ריינע, גוטע מענשען, וועלכע האָבען געוווינט אינ'ם אַלטען פּאַלאַץ.

שטיל! — די אַלטע סאָסנע האָט זיך יעצט צוגעבויגען צו א יונג בע־ראָזעווע בוימעל, וועלכעס שטעהט נעבען איהר, און האָט איהם א זאָג געגעבען: „קינד! יונג ביסטו און איך בין אַלט; איך האָב מורא, דו וועסט נאָך נישט פערשטעהן, וואָס איך זאָג דיר דאָ! אָבער מיינסטו אפשר, אז די דאָזיגע דאָ, די מיט די גאָלד־לאָקען און מיט די בלוי־אויגען, איז גליק־ליך און צופריעדען? ניין, מיין קינד! מיך זאָלסטו פרעגען, איך בין אַלט און פערשטעה זיך אויף אַזעלכע זאַכען בעסער פון דיר. זי נאַרט זיך אַליין, ווען זי רעדט זיך איין, אז איהר פאָטער און איהר פאַמיליע און איהרע בעקאַנטע און איהר פאָלק זענען אַלע פערגעסען שוין און זיי געהען זי גאָרנישט מעהר אָן — אָבער עס וועט קומען א צייט..."

יעצט בעוועגען זיך די בוימער מעכטיג און דערצעהלען, ווי דאָס יונגע מיידעל איז געקומען איינמאָל אין פּאַרק אַריין, גליקליך און צופרידען, דען אין דעם דאָזיגען טאָג האָט זי אוועקגעוואָרפען פון זיך, ווי מען וואַרפט אוועק א פּאָר אַלטע אָבגעטראָגענע שיך, איהר פאָטער און איהר פאַמיליע און איהרע בעקאַנטע און איהר פאָלק און האָט שוין יעצט א נייעם פאָטער און א נייע פאַמיליע, נייע בעקאַנטע און א נייע פאָלק. ענדליך האָט זי קיין מגע-ומשא נישט מעהר מיט אָט יענעם הארט-הארציגען פאָלק, וואָס זיינע הענד טריפען פון בלוט פון זיינע אייגענע קינדער, אויפגעהערט האָט דאָס פאָלק, אויפגעהערט האָט דער שאַנד־צייכען אויף איהר שטערען, אז זי אַליין האָט זיך אַמאָל וואָס אָנגעהערט מיט דעם דאָזיגען פאָלק!...

די אַלטע סאָסנע בויגט זיך יעצט צו צום יונגען בעראָזעווען בוימעל און דערלאַנגט איהם א זאָג: „זי האָט א טעות, מיין קינד, זי האָט א טעות! זי נאַרט זיך אַליין — דען קומען וועט אַמאָל א טאָג..."

שטיל. — די בוימער צעשאָקלען זיך פלוצלינג און שטעקען צונויף די קעפ, און זיי דערצעהלען זיך פון דער יונגער גרעפין מיט די בלויע אויגען און די גאָלדענע לאָקען און ווי זי וואוינט יעצט אינ׳ם פאַלאַץ דאָ אנטקעגען; און דאַן דערצעהלען זיי, ווי עס גלאַנצט דער פאַלאַץ פון פרייד און לוסט, פון בעלער און סוארעען, פון שפיעל און געזאַנג; און דאַן דערצעהלען זיי פון פירשטען און גראַפען, וועלכע בעזוכען דעם פאַלאַץ, און ווי עס זאָגט אמאָל איין אדעל־דאַמע צו דער צווייטער: קוקט זיך נאָר־צו צו דער דאָזיגער „זשידובקא!” און דאַן ווידער דערצעהלען זיי, ווי דאָס פנים פון דער יונ־גער גרעפין שטראַהלט אייביג פון גליק און צופרידענהייט, און ווי זי שפרינגט און טאַנצט פאַר לויטער נחת, און ווי קיינמאָל שוין קומט איהר נישט מעהר אין זין אריין די עראינערונג אָן פריהערע צייטען . . .

די אַלטע סאָסנע וויל עס נישט גלויבען. זי זאָגט: דאָס יונגע מענשל נאַרט זיך נאָר, זי נאַרט. זיך אַליין, ווייל זי וויל פערטויבען דעם שטורם אין איהר אייגען הארץ, און אפשר ווייס זי אַליין נישט ווי זעהער זי נאַרט און ציהט זיך צו איהר טאַטען, וועלכער אמת, איז אַ בלוט־זויגער, אַ פראָצענטיק, און וועלכער איז פאָרט אַזוי ליעב און פול מיט נשמה ווי קיין צווייטער . . .

דאַן צעשאָקלען זיך די בוימער און דערצעהלען, ווי זיי האָבען געזעהן איינמאָל די בלאָנדע גרעפין, צוריקקומענדיג פון שטאָדט, פון אַ בעזוך ביי אַ יודען, וועלכער וואוינט אינ׳ם פיערעקענדיגען מארק, אנטקעגען דער „שוויע־נטא־אננא”, און דאַן האָט איהר גאַנץ פנים געפלאַמט און עס האָט געקאָכט אין איהר און געזידט. דאָ האָט זי מיט אַ פירכטערליכער שטימע זיך אויס־גערופען: איך האָב פערבויגען מיין שטאָלץ און בין צו איהם אהיימגעגאַנ־גען, און האָב איהם נישט געוואָלט פרעמד זיין; דאָ האָט ער זיך נאָר דער־דרייסט און האָט מיך פון זיין שוועל אוועקגעיאָגט, ווי מען יאָגט אוועק אַ משוגע׳נעם הונד, און די טהיר האָט ער הינטער זיך צוגעהאַקט, אַזוי אַז איך שווער היינט פונ׳ם גאַנצען האַרצען: פרעמד וועל איך איהם זיין פון היינט אָן און פרעמד צו אַלע מענשען, וועלכע זענען מיר אמאָל נאָהנט גע־זוען; פון קיינעם נישט וועל איך וועלען וויסען און קיינעם נישט וועל איך מעהר וועלען קענען, און ווען עס וועט קומען דער טאָג, און ער וועט

קומען וועט ליעגען פאר מיר אויף די קניהען און וועט זיך בעטען, איך זאל איהם אויסהערען, — איך שווער, איך שווער ביי גאָט, אַז איך וועל איהם נישט מעהר קענען און וועל נישט מעהר וויסען פון איהם!...

און די אַלטע סאָסנע בויגט זיך גיך-צו צו אַ הויכען טענענבוים לינקס און דערלאַנגט איהם אַ זאָג: ווייסטו פון וועמען מען רעדט דאָס אַזוי? פון אַ טאַטען רעדט מען דאָס אַזוי, פון אַ טאַטען, פון אַ טאַטען! זי איז נאָך יונג און מיינט מסתם עהרליך דאָס, וואָס זי שווערט, און אפשר וועט זי די שבועה אויך האַלטען. אָבער גלויב נאָר נישט, אַז עס געהט איהר אַרוים פון דער טיעפעניש פון איהר האַרץ! ניין, מיין קינד, ניין! זי נאַרט זיך אַליין און זי ווייסט אפשר גאָרנישט, אַז זי נאַרט זיך; זי מיינט, אַז זי איז גליקליך, און זי ווייסט נישט דאָס בייז, וואָס שטעהט איהר פאָר, און אַז קומען וועט אַ צייט, וואָס איהר האַרץ וועט זיך איהר רייסען אויף טויזענד שטיקער — אָבער די צייט וועט קומען... די צייט וועט קומען . . .

און דאַן דערצעהלען זיך די בוימער, איינער דעם אַנדערען, ווי די יונגע פרוי מיט דעם גראף זענען אוועק פון פאַלאַץ און האָבען זיך נישט אומגע- קעהרט צום פאַרק חדשים און יאָהרען, דען זיי זענען געפאָהרען אין די וויי- טע מדינות, אין די פרעמדע לענדער, און האָבען געוווינט לאַנגע יאָהרען אין איטאַליען און גריכענלאַנד, אין פראַנקרייך און שפאַניען, און אויך אין מצרים און אין די ווייטע לענדער פון אפריקאַ.

און דאַן איז דער מאַן מיט דער פרוי צוריקגעקומען, און די בוימער דערצעהלען, ווי לוסטיג און פרעהליך די מענשען זענען געווען, און ווי די פרוי האָט אַלעמאָל אַזוי מאָדנע הויך געלאַכט, און האָט קיינמאָל מעהר זיך נישט דערמאָהנט אין די צייטען פון פריהער, און נאָר טיילמאָל פלעגט זי זאָגען, אַז עס איז פאַרהאַנען עפּעס אַ פאָלק, דאָס פאָלק פון די יודען, און זי האָט עס אַזוי פיינד, אַזוי פיינד!...

— אַ שלעכטע פרוי! אַ קאָקעטאַ! האָבען די בוימער אָבגעפסק׳ענט און האָבען צוגעשאָקעלט . . .

— שטיל! שטיל!

פונ׳ם פאַלאַץ שטייגען-אויף טענער פון מוזיק, עס הערט זיך שפיעל

און געזאנג, טאנץ און לאכען, און די לוסטיגקייט בליצט ארויס פון די הויכע גרויסע פענסטער — און די בוימער הערען עס...

דער ווינט טרעט־אב פון די צווייגען, ער פערלאזט דעם פארק, די בלעטער ווערען רוהיג, די צווייגען הערען אויף זיך בעוועגען, און דער פארק ווערט שטיל ארום און עס הערט זיך נישט מעהר קיין רעדען — עס שווייגען די בוימער.

און אין מיטען פארק שטעהט די אלטע פערצווייגטע סאסנע, געבוקט און איינגעבויגען, און איז אזוי טרויעריג, אזוי טרויעריג...

*

יענער טאג, דער צווייטער שבועות-טאג, וועלכער האט גארנישט געוואלט ענדיגען זיך, געהט ענדליך צו ענד.

אין די גאסען רוישט דאס פאלק, לוסטיג און פרעהליך; עס קנאטערן נאך אלץ די זיידענע, אטלאסענע קליידער, עס פלאטערן נאך אלץ די בענדער און די סמענגעס פון די קעפ, און מען געהט אויפגערוימט און פול פערגניגען. מען געהט דורך די לאנגע שוהל־גאס, מען לאזט זיך אין דעם פיער־עקעדיגען מארק אריין, מען שפאצירט אין די אלעען, און פון דארט ווידער צוריק.

איינער נאר געהט פון דארט נישט צוריק. ער געהט אלץ ווייטער און ווייטער די אלעען אראב איינער אליין וואנדערט ער דורך די אלעען מיט וואס פאר א כשוף? פרעגט ער זיך ווידער און ווידער מיט וואס האט ער זי גענומען? מיט וואס? מיט וואס? —"

און אויך יעצט שטורמען טויזענד געדאנקען און ערינערונגען דורך זיין הארץ, און אלץ, וואס עס האט זיך אבגעטהון זינט דעם טויט פון זיין ווייב ביז צום טאג ווי אסתר איז אוועק פון איהם, שטעהט יעצט ווידער לעבעדיג פאר זיינע אויגען; און אויך יעצט געדענקט ער, ווי ער איז אויף דער ערד געזעסען, פונקט ווי אנ'אבל, און ער האט זיך צוגעשוואוירען, אז ער וועט קיינמאל נישט געדענקען מעהר אין איהר און זי וועט איהם זיין ווי א געשטארבענע; אויך יעצט געדענקט ער יענעם טאג, ווי זי איז צו איהם אהיימגעקומען און האט איהם גערופען: „טאטע!", און ווי ער איז גארנישט קיין טאטע געווען און האט זי פון זיין שוועל אוועקגעיאגט. — ווער

וועט איהם גלויבען, וואס ער האט אין יענעם טאג געליטען און געטראגען? ווער וועט וויסען, וואס מיט איהם האט זיך אנגעטהון אין יענער נאכט, ווי ער איז פלוצלינג גרוי געווארען? אפשר נאר איין גאט וועט עס וויסען...

האט אבער נישט דער דאזיגער גאט געבאטען און געזאגט: „ווי א טאטע דערבארימט זיך אויף זיינע קינדער"? מוז דען א טאטע זיך נישט דערבארימען צו יעדער צייט אויף זיין קינד?

און ער?! האט ער זיך דען נישט דערבארימט אויף איהר, ווי א טאטע דערבארימט זיך אויף זיינע קינדער?

ער געדענקט יעצט, ווי ער האט זיך די הויט פונ'ם לייב געריסען אין יענעם שרעקליכען, פינסטערען טאג און לאנג איז ער ארומגעגאנגען די טעג ווי אין א חלום און די נעכט איז ער נישט געשלאפען; און דאן געדענקט ער, ווי עס זענען איהם טעג אנגעקומען, וואס ער וואלט זיין לעבען אוועקגעגעבען, ווען ער וואלט זי געקענט א מינוט נאר זעהן. — און ווי־דער דאן, געדענקט ער זענען טעג געווען, וואס זיין הארץ איז געווארען ווי א שטיין, און דאן האט ער זיך צוגעשוואוירען, אז ער וועט זי קיינמאל מעהר נישט אנקוקען. אלע יסורים פון חבוט־הקבר, אלע ליידען פון די שבעה מדור־רי־גיהנום איז ער אבגעקומען!

דריי, פיער יאהר זענען אזוי אוועק: פינסטערע יאהרען, ביטערע יאהר־ען, טעג פון שמערץ און נעכט פון הערצענס־ליידען. אפט אין יענע טעג האט ער געמיינט, אז לעבען וועט ער נישט, ווען ער וועט זי נישט כאטש איינ־מאל זעהן; און דא איז איהם אנגעקומען די נאכריכט, אז זי איז ווייט אוועק אין די ווייטע מדינות, אין די פרעמדע לענדער, אין איטאליען און גריכענ־לאנד, אין פראנקרייך און שפאניען און אויך אין מצרים און אין די ווייטע לענדער פון אפריקא.

האט זי געמוזט אזוי ווייט זיך בעהאלטען פאר איהם? איז זי דאס וועגען איהם אזוי ווייט אוועק און אזש ביז צו די הרי־חושך אנטלאפען פאר איהם? —

דא האט זיין הארץ ווילד אין איהם געשטורעמט, און די רוח איז פון איהם אויף אייביג אוועק. — ניין! ניין! פון יעצט אן וויל ער זי מעהר נישט זעהן און אויך געדענקען וועט ער זי מעהר נישט! — אזוי האט ער

זיך צוגעשוואוירען, און ער האָט זיך בעמיהט זיין שבועה עהרליך צו האַל־טען. און ווירקליך זענען דענסמאָל אוועק טעג און וואָכען, און ער האָט מעהר דעם וואונש נישט געהאַט זי צו זעהן און אויך זיין הארץ איז רוהיגער געוואָרען טויזענדמאָל מעהר ווי פריהער.

דאָ איז געקומען דער דאָזיגער פינסטערער טאָג, דער צווייטער טאָג שבועות.

זיין הארץ שטורעמט ווילד און ער ווייסט נישט מעהר, ווי עס איז גע־שעהן. ער ווייסט נאָר, ווען דער שמש האָט אין דער פריה אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט „יזכור!", דאָ האָט ער אָנגעהויבען פּלוצלינג זי צו גערענקען, ווי מען גערענקט אַ טויטען, און ער האָט זי מזכיר געווען צוזאַמען מיט אַלע איבעריגע נשמות פון די געשטאָרבענע. — איז זי דען פאַר איהם נישט קיין געשטאָרבענע? איז זי דען נישט געשטאָרבען פאַר זיינעטוועגען זינט יאָהרען? . . .

און דאָ האָט איהם פּלוצלינג אָנגעכאַפּט אַ תאוה, גרויס און געוואַלדיג, זי צו זעהן און צו הערען, און עס האָט איהם געצויגען ווי מיט צוואַנגען, און זיין נשמה האָט זיך געשטרעקט צו איהר און האָט איהם געשלעפּט ווי נאָך קיינמאָל נישט ביז יעצט. — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

טריט פון פערד האָבען זיך פּלוצלינג געלאָזט הערען. ר' שמואל מרדכי האָט אויפגעהויבען די אויגען און האָט זיך אומגעקוקט.

פון דער ענגלישער גאַס האָבען זיך בעוויזען צוויי רייטער אויף די פערד, רייטענדיג אין גאַלאָפּ. אויף איין פערד איז געזעסען איינער, אַ ברייט־ברוסטיגער, מיט אַ פעריסענעם קאָפּ, און אויף דעם צווייטען איז געריטען אַ דאַמע, אָנגעטהון אין אַ לאַנגער אַמאַזאָנקע מיט אַ רייטבייטשעל אין האַנד.

אַ מינוט לאַנג האָבען די רייטער געלאָזט די פערד געהן טריט. די דאַמע האָט זיך געדריקט איהר מאַנאָקל אין אויג אַריין און האָט זיך אומגעקוקט. זי האָט דערזעהן דעם אַלטען איד און איז רויט געוואָרען. באַלד האָט זי אָנגעהריקט די שפּאָרען אינ'ם בויך פונ'ם פערד און האָט זיך אין גאַלאָפּ אַ לאָז געטהון, און דער רייטער באַלד איהר נאָך, און אַזוי זענען זיי פאַרביי

דעם אָרט, וואו דער איד איז געשטאַנען, און די דאַמע האָט איהם אָנגעקוקט פון דער זייט. דאַן זענען זיי אַוועקביידע אין גאַלאָפּ אין פּאַרק אַריין.

אויך ר׳ שמואל מרדכי האָט די ביידע רייטער דערקענט, און ער האָט זיך געמוזט שטיצען אָן אַ בוים, אַז ער זאָל נישט אומפאַלען; זיינע ליפּען אָבער האָבען געמורמעלט: אָט דאָס איז דער גראַף און דאָס די גרעפין...

„ניין! ניין! לענגער האַלט איך עס נישט אויס, לענגער קען איך נישט וואַרטען! איך מוז זי זעהן, איך מוז!...״

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער פּאַלאַץ אין פּאַרק איז העל בעלויכטען, און אינ׳ם רויטען זאַל זיצען די געסט ביים טהע.

גראַף סטאַנקיעוויטש קרייזעלט זיך די וואָנסע און זאָגט: — וועגען אידען ווילט איהר מיר זאָגען? דאַכט זיך, איך קען זיי אַביסעל בעסער פאַר אייך. נישטאָ צווישען זיי נישט איינער קיין רעכטער! און דאָס, וואָס איהר רעדט דאָ מכוח גלייכע רעכט, אַז ווען מען וועט זיי געבען די דאָזיגע גלייכע רעכט, וועלען זיי ווערען בעסערע מענשען, האָב איך שוין לענגסט בעוויזען. —

— איך וויים, איך וויים — האָט גראַף זאַוואַדניצין געמאַכט, און איז זיך לייכט אַריבערגעפאָהרען מיט די האַנד איבער׳ן שטערען — איך האָב דאָס מיינינגע שוין לאַנג געזאָגט: אידען זענען נישט אַזוי פיעל שולדיג ווי זינדיג! איך בין נאַטירליך ווייט דערפון צו זאָגען, אַז אַלע זענען זיי לויטער גוטע און רעכטשאַפענע, אומגעקעהרט, און נאָר דאָס וויל איך זאָגען: וועט מען זיי געבען רעכט, און וועלען זיי האָבען די מעגליכקייט צו זיין מענשען מיט מענשען גלייך, דאַן בין איך זיכער, אַז אויך זיי וועלען ווערען פיעל בעסערע מענשען.

— רעכט אַזוי, רעכט אַזוי — האָט גראַף שטשעגולסקי מיטגערעדט, נישט רעכט צו וויסען, פון וואָס די רעדע איז, דען ער איז געזעסען אין אַ זייט מיט עפּעס אַנ׳אַדעלמאַן און האָט גראַד גערעדט וועגען אַ יאַגד־פּאַרטיע אויפ׳ן מאָרגעדיגען טאָג.

די הויז־ווירטהין, די גרעפין מיט די בלויע אויגען און די גאָלדענע לאָקען, אין אויפגעשטאַנען, האָט פערדרויכערט א פּאַפּיראָס און האָט גע־זאָגט:

— אידען ?! יעדענפאַלס מוז איך זיי קענען א רעכט ביסעל בעסער פאַר אייך אַלעמען, און איך זאָג אייך, אז דאָס איז א פאָלק פון לויטער פערברעכער, מערדער, בלוטזויגער, פּראָצענטניקעס און האַלז־אָבשניידער! דאָס זאָג איך אייך און וויל מיך גאָרנישט שעמען, אַז איך אַליין בין אמאָל געווען א טאָכטער פון'ם דאָזיגען פאָלק . . . פּאַרדאָן! איך הער עפּעס שטימען אין הויף און די הינט האָבען זיך פונאַנדערגעבילט . . .

די טהיר האָט זיך געעפענט און א דיענער איז אריין.

— גנעדיגסטע גרעפין! עפּעס אַן'אַלטער מאַן שטעהט אין הויף און וויל נישט אָבטרעטען, ביז ער וועט נישט האָבען געזעהן די גנעדיגסטע גרעפין. איך, זאָגט ער...

די גרעפין האָט דעם רעשט נישט מעהר געהערט, און איז שרעקליך בלאַס געוואָרען. מיט האַסטיגע טריט איז זי געגאַנגען ארויף און אראָב, שטאַרק פערטראַכט, ווי זי וואָלט זוכען אַן'עצה. פּלוצלינג האָט זי זיך אָב־געשטעלט און האָט געהייסען דעם דיענער, ער זאָל דעם אַלטען מאַן אריינ־פיהרען.

א מינוט שפּעטער האָט זיך ר' שמואל מרדכי בעוויזען אויף דער שוועל.

די גרעפין האָט זיך אויפגעשטעלט, הויך און שטאָלץ און דעם מאַנאָקל האָט זי געדריקט זיך אין אויג אריין.

— וואָס ווילט איהר, אַלטער? — מיר ברויכען היינט קיין געלד נישט און קיין אַנלייהען און מיר האָבען מיט אידען קיין שום געשעפטען נישט...

דער אַלטער איז אַנידערגעפאַלען ווי געטראָפען פון שלאַג.

די גרעפין האָט א וואונק געגעבען און די דיענער האָבען איהם ארויס־געטראָגען. — דאַן האָט די גרעפין פון איהרע געסט אָבשיעד גענומען, זאָ־גענדיג, אַז זי האָט קאָפּ־שמערצען, און איז אריין אין איהר צימער. זי האָט זיך אָבער נישט אויסגעטהון און איז געבליבען די גאַנצע נאַכט זיצען אין

איהר פּאַטעל, דאָס פּנים פערגראָבען איןביידע הענד. די ליכט אינ'ם צי־מער האָבען געפלאַקערט אונהיימליך, ווי די ליכט אין אַ צימער ביי אַ טויטען . . .

— צו שפּעט, צו שפּעט, און וואָס געשעהן איז, קען נישט מעהר געמאַכט ווערען אומגעשעהן! אוי גאָט, מיין גאָט, ווי שווער איז די מאַסקע אויף מיין פּנים און ווי טיעף אומגליקליך בין איך!...

דעם טאָג דערויף זענען עטליכע דאָקטוירים געזעסען אין אַ הויז אינ'ם פיער־עקעדיגען מארק אנטקעגען דער „שוויענטא־אננא" און האָבען זיך בעמיהט צו היילען אַ מענשען, וועלכען דער שלאַג האָט געטראָפען. עס איז אָבער שווער צו היילען אַ מענשען, וועלכער האָט אין זיין לעבען אַזוי פיעל געליטען . . .

אין יענעם טאָג איז דער גראַף שטשעגולסקי נישט מעהר געגאַנגען מיט דעם יונגען אדעלמאַן אויף יאַגד, ווי זיי האָבען אָבגערעדט נעכטען, דען באַלד פריה האָט די גרעפין געהייסען פּאַקען די זאַכען, און נאָך שטונ־דען־לאַנגער אונטערערדונג מיט'ן גראַף האָבען ביידע נאָך אינ'ם זעלביגען טאָג פערלאָזט די שטאָדט און דאָס לאַנד, און זענען אַוועק אין די ווייטעסטע געגענדען אין אפריקאַ.

און צום פּאַרק און אין פּאַלאַץ אריין זענען זיי קיינמאָל מעהר נישט צוריקגעקומען. דער גראַף האָט זעהר ליעב די לייבען-יאַגד, און אויך זיין פרוי, די גרעפין, שוינט זיך נישט, און זי קעמפט אָפט געגען טיגערען און געגען די .ווילדסטע חיות, ווי אַ מענש, וועלכען דאָס לעבען איז לעסטיג. איינמאָל, ווען גראַף זאַוואָדניצין איז פון זיינע רייזען אהיימגעקומען, האָט ער פאַרבייגעהענדיג דערצעהלט, אַז די גרעפין האָט אַמאָל דעם פערזוך געמאַכט זיך צו דערשיסען, דען זי ליידט פון אַ מרה־שחורה . . .

*

דאָס איז די מעשה, וועלכע איך האָב אייך היינט געוואָלט דערצעהלען פון אַ הזכרה, וואָס מען האָט געמאַכט אַ לעבעדיגער, וועלכע מען רעכענט פאַר אַ טויטע.

אַ פערלוירענע נשמה—און אויך איך האָב זי געוואָלט נאָר מזכיר זיין.

# אַ כהן אויפ'ן בית־הקברות

א בלייכער און אַנ'אומעטיגער שטעהט ער מיר היינט, ווי לעבעדיג, פאַר די אויגען.

אַמאָל האָט ער געהייסען דוד יעקב קאָהן און היינט רופט מען איהם פרידריך יאַקאָבי קאָנראַד באַניפיציוס. מען פלעגט אַפילו תמיד זאָגען, אַז דאָס משנה־השם זיין איז אַ סגולה פאַר קראַנקע מענשען געהיילט און גענע־זען צו ווערען, אָבער דעם דאָזיגען מענש האָט די ענדערונג פונ'ם נאָמען דערשלאָגען און ערנידריגט צום טויט...

ווי אויסטערליש און פרעמד איז די לעבענס־געשיכטע פון דעם דאָזי־גען מענש! אַמאָל פלעגט דוד יעקב זיצען גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט אין בית־מדרש, פון שמענדיג אָן בלאָס און אומעטיג, און האָט נישט גע־וואוסט גאַרנישט, וואָס עס טהוט זיך מיט איהם. זיינע מלמדים האָבען אויף איהם תמיד געזאָגט, אַז ער האָט נישט קיין בעזונדערע פעהיגקייטען און ער וועט קיין רב און קיין תלמיד־חכם קיינמאָל נישט זיין — אָבער דאָס האָט איהם נישט געאַהרט און ער האָט דאָס צום הארצען זיך נישט גענומען. ער איז געווען אַ מתמיד, פון יענע מתמידים, וואָס זיצען און רופען תמיד צו גאָט, ווייל זיי הערען קיינמאָל נישט גאָט'ס וואָרט, וואָס רופט צו זיי. און ווען די קעבינס און די דיענסטען, וואָס קומען אַלע טאָג צום דיין מיט שאלות, פלעגען אויף איהם קוקענדיג זאָגען, אַז זיינע גאָלדענע האָר זענען זעהר שעהן און זיינע געקרייזעלטע פאות זענען עהנליך צו דעם געפלעכט אויף די חלות און זיין געשטאַלט איז אַזוי שלאַנק ווי אַ לולב — האָט ער אויך דערויף קיין אַכט נישט געלעגט און האָט ווייטער געלערנט מיט התמדה, ווי פריהער. די פאות פלעגט ער שטענדיג קרייזלען אַזוי שטאַרק, אַז ער פלעגט אַזש די האָר אויספליקען און דעם רוקען האָט ער געבויגען אַזוי לאַנג, ביז ער האָט אַ הויקער געקריגען. פון זיינע לויטערע און קלאָרע אויגען האָט אַרויסגעקוקט אַ הכנעהדיג געמיט און אַ זעלישער אומעט — און ער האָט

אויך דערפון נישט געוואוסט. זעלטען־ווען האָט ער דאָס מויל געעפענט, און האָט ער שוין יאָ גערעדט, זענען עס געווען געצעהלטע ווערטער, אויסגע־צערטעלטע, פוילע און אָבגעשראָקענע. שטענדיג איז ער געווען מיעד און מאַט, אָבגעלאָזען און שלאָבעריג, און אויף זיין געזיכט איז געווען אויסגע־גאָסען אַנ׳אייביגע רוה, וואָס איז אויף קיין ווייליע נישט אָבגעטרעטען.

נאָר ווען די לבנה פלעגט העל אויפלייכטען אין אַ וואָלקענלאָזער נאַכט, דאַן האָט דוד יעקב געפיהלט, אַז זיין נשמה אין איהם יובעלט און פרעהט זיך און זיין האַרץ איז פול מיט פערלאַנגען איבער די ברעגעס; אָדער ווען ער פלעגט פערנעהמען אינדערפריה דאָס געצוויטשער פון אַ פייגעלע צווישען די צווייגען פון אַ בוים אָדער אין אַ ווינקעל פון אַ דאַך, צי ווען אַ ווינטעל פלעגט אויף איהם אַ בלאָז טהון מיט׳ן דופט פון די רויזען, וואָס וואַקסען אין גאָרטען, און ווי מיט געפליסטער פון אַ הייליגען סוד פער׳שיכור׳ן און פערכאַפּען אַלע קעמערלעך פון זיין נשמה — דאַן פלעגט ער אַ ווייליע אויפ־ציטערען פון פרייד און טרעהרען פלעגען פליסען פון זיינע אויגען — אָבער ער האָט נישט פערשטאַנען זיין אייגען געוויין און נישט געוואוסט, אַז אַזעל־כעס רופען אַן געבילדעטע מענשען „סענטימענטאַליטעט״ אָדער „שווערמע־ריי״. דען אין זיין קליינעם שטעדטעל איז קיין מענש נישט געווען, וואָס איז אימשטאַנד דאָס אַלעס צו פערשטעהן אַליין און אויך איהם צו פערשטעהן געבען און אויפקלערען. און אַז עס פלעגט זיך עפענען דער קוואַל פון זיינע טרעהרען אויף אַנ׳אויגענבליק, האָבען אַלע אַרומיגע בית־מדרש-בחורים בלויז פערשטאַנען, אַז דעם יונגעל פרעסט עפּעס אַ וועהטאָג, און חאַסקעל דער זדונסקא־וואָליער, וואָס האָט „אַלעס געוואוסט״, האָט דאָס אויסגע־טייטשט, אַז מסתמא טהוט איהם וועה אַ צאָהן, נאָר ער איז אַ בטלן און האָט בטבע נישט קיין געדולד אַריבערצוטראָגען אַ וועהטאָג, דערנאָך פלעגען זיי אַ ווייליע שטיל ווערען און דאַן זיך נעהמען ווייטער לערנען.

וואָס איז דאָ נאָך פאַרהאַן צו דערצעהלען וועגען אַזאַ מין מענש? אָבער דאָס לעבען איז דאָך וואונדערליך און מיר קאָנען עס גאָרנישט בע־גרייפען.

עס מעג זיך אַ מענש ווי אויסבעהאַלטען פאַר דער נאַטור, זי וועט

איהם שטענדיג געפינען און מיט געוואלד אוועקפיהרען דארט אהין, וואו זי האט איהם בעשטימט. עס פאסירט, אז אין גארטען געהט־אויף א געוויקס פון דער ערד און עס איז אונפרוכטבאר אזוי לאנג, ביז עס קומט דער ווינד און טראגט־אן א ביסעלע שטויב פון א עהנליך געוויקס, וואס וואקסט ערגעץ־וואו אויף יענער זייט אקעאן אין אמעריקא — ווער האט עס געוויזען א וועג דעם ווינד צו ברענגען דעם דאזיגען געוויקס זיין פאר פון ווייטע לענדער אין יענעם עק וועלט? און דעם גייסט ווער האט געוויזן דעם וועג, ווי אריינצודרינגען אין א שלאבעריג און אפאטיש יונגעל און קומען צו דוד יעקב׳ן אין הארצען און איהם וועקען צו אויפלעבונג! א קליין ביכעלע האט דאס יונגעל געפונען, און איז דאדורך אראבגעפיהרט געווארען פון זיין פריהערדיגען וועג, דען ער האט געלעזען אין דעם ביכעל פיעל וואנדערליכע און געהיימניספולע זאכען, וואס ער האט זיי שטענדיג געפיהלט און נישט געקאנט אנרופען ביים נאמען, און פלוצלינג האבען די אלע אויסטערלישע און אונפערשטענדליכע זאכען אויפגעלעבט אין איהם און בעקומען א געשטאלט און א זין. דאס דאזיגע קליינע ביכעלע האט געהייסען „שירי בת ציון״.

און פון יענעם טאג אן איז איהם דאס ביכעלע א נביא געווארען; וואס דוד יעקב האט געטראכט, האט איהם דאס ביכעל אבגעענטפערט מיט אנ׳עכא טיעף אין הארצען; און וואס ער האט געטרוימט און פאנטאזירט, האט ער אלץ געפונען דייטליך געשריבען מיט שווארצען טינט אין דעם דאזיגען ביכעלע; און איז איהם עפעס איז זיינע געדאנקען און טרוימען געווען אונפערשטענדליך, איז איהם דאס ביכעלע אנ׳אורים־ותומים געווען, ביי וועלכען ער האט געפרעגט און געפונען א בעשייד פאר זיינע האפנונגען און איבערלעבונגען. דערפאר האט ער טאקי דאס ביכעל תמיד געהאלטען פאר זיך סיי אויף דער וואהר און סיי אין חלום.

דאן איז פלוצלינג ביי איהם אין הארצען אנ׳איבערקעהרעניש פארגעקומען און ער האט נישט געוואוסט, וואס אזוינס מיט איהם געשעהט. — וואס

איז דאָס אַזעלכעס „ליעבע״ ? און ווער קאָן איהם גאַראַנטירען, אַז ער איז נישט „פערליעבט״ ?...

„דאָס טהוט דאָך די ליעבע איהר וואונדערווערק שאַפען ;
זי האָט אויך דעם ערדישען מענשען
אַ גייסט און אַ זעלע געגעבען,
און הימעלס־געַנוס איהם אויף דער וועלט געשאָנקען״.

וואָס איז עס אַזוינס די דאָזיגע ליעבע, „וואָס קאָן שאַפען וואונדער״ ? איז נישט אויך ער אימשטאַנד דאָס דאָזיגע וואונדער מיטצומאַכען ? און צי וועט זי אויך איהם געבען הימעלס־געַנוס אויף דער וועלט ? און וואו איז די פערזאָן, וואָס ער זאָל וועגען איהר קענען דענקען, אַז ער האָט זי ליעב אָדער זי ליעבט איהם ? ער האָט, אמת, גערעדט אַ צוויי דריי מאָל מיט מלכה דעם שוחט׳ס, אָבער ער האָט אין איהרע רייד נישט געזעהן „די וואונדער פון דער ליעבע״, און אויך האָט איהם דאָס מיידעל קיין „הימעלס־געַנוס אויף דער וועלט״ נישט געגעבען, נאָר זי האָט איהם בלויז דערלאַנגט ברויט מיט פוטער און קעז אויף אַ הילצערנער טאַץ, ווען עס איז איהם אויסגעקומען צו עסען דעם „טאָג״ ביי זיי אין ער האָט דאָרט געפרישטיקט —און וואָס האָט ער מיט איהר נאָך פּאַר אַ געשעפטען ? און אַזוי טראַכ־טענדיג וועגען איהר, האָט ער זיך אויך דערמאָהנט אָן רבקה דעם חזנ׳ס און האָט געוואוסט, אַז אויך זי איז נישט די אויסדערוועהלטע פון זיין הארץ, דען „קיין גייסט און זעלע האָט זי אין איהם נישט געשאַפען״. אַזוי האָט ער אויסגערעכענט אַלע מיידלעך, וואָס ער האָט געקענט, און האָט נישט געוואוסט, ביי ועלכער פון זיי זיך אָבצושטעלען. בלויז איינע איז נאָך גע־בליבען, דאָס איז לאה די יתומה, —דעם רייג׳ס ברודער־טאָכטער.

דאָס דאָזיגע מיידעל איז געווען אַ רויטע מיט שעהנע אויגען און אַ פלאַמענדיגען טעמפעראַמענט. זי פלעגט געהן מיט אימפעט און געפילדער, און אַלע איהרע גלידער האָבען געפלאַקערט מיט אַ שפע פון קרעפטען און פערבאָרגענער לוסט, און זי פלעגט פון שטענדיג אָן פעראַכטען און אויס־

לאכען אין הארצען די אלע ווייכע און אבגעציטערטע מענשעלעך, וואס פויזען אויף דער ערד און צעקוועטשען אפילו נישט קיין ווערימעל, וואס קריכט דארט. דאס מיידעל איז געוואקסען צוזאמען מיט די בית־מדרש־בחורים און פלעגט זיך בעשעפטיגען מיט באקען האניגלעקעכלעך אין די זומער־טעג און בראטען קארטאפעל אין די ווינטערנעכט. זי האט אויך געקאנט אנרופען מיט'ן נאמען אלע סוגיות, וואס די בחורים האבען געלערנט, און האט געלעבט מיט אלע בית־מדרש'ניקעס בשלום. מעהר פון אלע האט זי געהאלטען פון האסקעל דעם זדונסקא־וואליער, ווייל דעם לעצטען ווינטער, ווען זי האט געבראטען די קארטאפעל אין פאדערהויז, האט דער דאזיגער בחור פערשטאנען אבצופאסען דעם מאמענט, ווען זי איז געווען איינע אליין און ער איז ארוים צו איהר, און ארומגעהמענדיג זי מיט איין האנד, האט ער מיט דער אנדערער האנד צוגעכאפט ביי איהר אלע געבראטענע קארטאפעל און איז אנטלאפען געווארען. דערפאר האט זי אבער פיינד גע־האט די לבנה מיט איהר ליכטיגער שיין, וואס האט זיך בעוויזען גראד אין דעם אויגענבליק, ווען דאס ליכט איז איהר געווען איבעריג . . .

אין עטליכע טעג ארום האט שוין דוד יעקב געוואוסט, אז זיין נשמה שמאכטעט אין איהם פון שטארקער ליעבע צו דעם דאזיגען הימלישען מיי־דעל.

אבער אלע זיינע געפיהלען און טרוימען האט ער בעגראבען טיעף אין הארצען און זיי נישט ארויסגעבראכט פאר'ן מויל, און נאר ווען ער האט געוואוסט, אז קיינער זעהט נישט און הערט נישט, האט ער זיך דערוועגט צוצוגעהן צו דעם מיידעל און אויסרעדען צו איהר אדער הערען פון איהר א צוויי דריי ווערטער; און אז זי פלעגט נישט אנטלויפען פון איהם אדער זי פלעגט זאגען צו איהם: „די קארטאפעל זענען היינט געשמאק", „די לע־קעכלעך זענען היינטיגט מאל גוט דורכגעזאפט מיט האניג" — האט דער יונגערמאן געטראכט, אז אויך זי האט איהם ליעב און מ'קאן איהר די דאזי־גע ליעבע פון די אויגען ארויסלייענען; ער האט דאן בלויז געבעטען ביי גאט אזוי: הלואי זאל איך זיין א קארטאפעל אדער א האניג־לעקעכעל און לאה זאל מיך האלטען אין איהר האנד און בראטען אדער באקען אויפ'ן

פייער . . . אָבער לאה האָט זיינע געפיהלען נישט געקענט און נישט פער־שטאַנען, און זי האָט גאַרנישט בעמערקט אַלע זיינע אָנצוהערענישען און הייסע, דורשטיגע בליקען. זי האָט ווייטער געגעסען מיט גרוים הנאה איהרע געבראָטענע קארטאָפעל און האָניג־לעקעכלעך, און האָט גאַרנישט געוואוסט, אַז זינט דער יונגערמאַן האָט זיך פערליעבט אין איהר, האָט ער דעם אַפּע־טיט פערלוירען און קאָן כמעט גאַרנישט עסען.

דוד יעקב האָט דאַן גענומען שרייבען ליעדער, ווען קיינער האָט נישט געזעהן. ער האָט בעזונגען די לבנה און דעם פריהלינג און די ליעבע און די קאַרטאָפעל, וואָס לאה טהוט בראָטען און וועלכע זענען צו שטערען געגלי־כען, און נאָך אַלץ האָט זיך זיין געמיט נישט בערוהיגט.

אָבער די ליעבע עפענט אויך דעם שטומען אַ מויל צום רעדען, און ס'איז דערפאַר קיין וואונדער נישט, אַז אויך דוד יעקב האָט געפונען אַ וועג און ווערטער אויסצודריקען זיינע געפיהלען.

די לבנה האָט שווימענדיג שפּאַצירט איבער'ן הימעל און פון פעלד האָט געבלאָזען אַ פריש ווינטעל. דוד יעקב און לאה זענען געשטאַנען אויפ'ן הויף געגענאיבער דער מקוה. דאָס יונגעלשע האַרץ האָט געשטורעמט און איז געווען פול איבער די ברעגעס, נאָר די ליפּען זענען ביי איהם געווען פער־שלאָסען. אָבער די ליעבע עפענט אויך דעם שטומען דאָס מויל.

— דו ווייסט, לאה, אַז . . . אַז דער הימעל האָט זיך אויסגעלייטערט און ס'רעגענט שוין נישט?

— וואָס פאַר אַ נייעס דערצעהלסטו מיר? איך האָב דאָך אויך אויגען, און פון דעם „מולד" אָן האָט זיך דאָס וועטער נישט געענדערט.

דער יונגערמאַן איז געשטאַנען אַ ווײַלע שטיל און האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבען.

— און אויך די לבנה שפּאַצירט הערליך איבער'ן הימעל . . .

— אויך דאָס איז נישט קיין נייעס; דערפאַר האָב איך אין מיין צי־מער היינט אָנגעצונדען נישט מעהר ווי איין ליכט.

— לאָך נישט פון מיר! איך האָב אויך אַזאַ האַרץ ווי דו. און ווען איך הער דאָס פייגעלע זינגען . . .

— איך לאַך גאָרנישט, און אַז איך הער זינגען, פֿרעהט זיך אין מיר אויך מיין האַרץ. דעם שבת ווען מ׳האָט געבענשט ראש־חודש, האָב איך געהערט דאַווענען דעם דורכרייזענדען חזן און זיין געזאַנג איז מיר זעהר געפֿעלען געווען, בעזונדערס זענען מיר געפֿעלען געוואָרען די יונגלעך, וואָס האָבען איהם אונטערגעהאָלפֿען. אָבער די אויגען פֿאַלען דאָך דיר צו פֿון שלאָף, נאַרעלע איינער! געה לעג זיך, דוד יעקב!

— אוי, לאה, ווען דו זאָלסט וויסען . . .

אין דעם אויגענבליק איז אָבער לאה אַנטלאָפֿען, ווייל זי האָט דערהערט, ווי מ׳רופֿט זי פֿון דער שטוב, און דוד יעקב איז געבליבען שטעהן אַליין, פֿערקוקט אין דער לבנה.

יענע נאַכט האָט דוד יעקב נישט צוגעמאַכט קיין אויג און זיין האַרץ האָט געהוזשעט ווי מיט טויזענד פֿייפֿלעך. און אַ שטים האָט אין איהם מעכטיג געהילכט: ליעבע! ליעבע! ליעבע! זי האָט דאָך איהם קלאָר געזאָגט, אַז זי האָט איהם ליעב, אויב זי האָט מיט איהם אַזוי פֿיעל גע־שמועסט און האָט איהם ליעבליך אָנגערופֿען „נאַרעלע" און אויך געזאָרגט פֿאַר איהם, אַז ער זאָל זיך בעצייטענס לעגען שלאָפֿען און נאָך און נאָך; אמת, ער האָט זיך טאַקע בענאַרישט, וואָס ער האָט איהר געגומען דערצעה־לען אַ מעשה, אַז די לבנה שפּאַצירט איבער׳ן הימעל, וואָס עס איז אַ זעלבסט־פֿערשטענדליכע זאַך: אָבער עס וועט קומען די צייט, ווען דאָס מיידעל וועט זיך צוגעוועהנען צו זיין שטייגער רעדען און אויפֿפֿיהרונג, און דאַן וועט ער פֿיליכט געהאָלפֿען ווערען און עס וועט אויפֿשיינען אַ העל ליכט, וואָס וועט איהם בעלויכטען דעם וועג, אויף וועלכען ס׳איז מיט אַ געטליכע שריפֿט אויסגעקריצט: ליעבע! ליעבע! ליעבע!

און די צייט איז טאַקי געקומען, דאָס מיידעל האָט זיך צוגעוועהנט צו זיין שטייגער רעדען און אויפֿפֿיהרונג און האָט איהם גערופֿען „נאַרעלע" זיבען מאָל אַ טאָג, אָבער אויף דעם וועג איז נישט געווען אויסגעקריצט מיט געטליכער שריפֿט: ליעבע! ליעבע! ליעבע! דען אומגליק און פּעסט, טויט און פֿעריתומט׳קייט האָט די דאָזיגע צייט מיטגעבראַכט מיט זיך... ווען ס׳האָבען זיך אָנגעהויבען די היצען, איז אויסגעבראָכען די כאָליערע

און האָט אָנגעמאַכט פערוויסטונגען אין דער שטאָדט; עס זענען געשטאָר־בען טאַטעס און זיהן, מאַמעס און טעכטער, שנורען און שווינערס און חתנים פון אונטער דער חופה. אויך פיעל פון די בית־המדרש־בחורים זענען דענסמאָל געשטאָרבען און צווישען זיי אויך האַסקעל דער זדונסקאָ־וואָליער.

און אויך לאה איז געשטאָרבען, לאה די יתומה, דעם דיינ׳ס ברודערן־טאָכטער.

אָבער דוד יעקב איז נישט געשטאָרבען! צי איז נאָך פאַרהאַן רחמנות אין דער נאַטור? . . . דען זיעבען מאָל ערגער ווי דער געשטאָרבענער איז געוועזען דעם דאָזיגען לעבען־געבליבענעם! דוד יעקב איז נישט געשטאָרבען, אָבער זיעבען מאָל א טאָג האָט ער געבעטען אויפ׳ן טויט, ווייל ער האָט שוין מעהר נישט געקאָנט אריבערטראָגען די שרעקליכע לאַסט פון זיין לעבען. לאה, זיין געליעבטע, איז שוין נישטאָ! די לבנה וואַשט ביינאַכט איהרע טריט אין זילבערנע קוואַלען, אין גאָרטען בליהט די געאָרגינע אזוי ווי פריהער, און די רויז שטעהט מיט א געהויבענעם קאָפּ און פערשפּרייט איהר דופט פאַר יעדען דורכגעהער, און אַלע בלומען צוזאַמען טראָגען־אונטער דעם מענשען א פערשיכור׳ענדען בעכער פון זייערע ריחות, וואָס פערכאַפּט דעם אָטעם און שטיקט די קעהל און בעקלעמט דאָס האַרץ; טיעף אין וואַלד שטרעקען די ערלבוימער זייערע ברייטע בלעטער, הינטער וועלכע עס זיצען אַלערליי שפּיעל־פייגעלעך, אויף א צווייגעל שטעהט דער נאַכטיגאַל און זינגט אוים זיינע זיסע טרעלען, און דער „רויט־האַלזיגער" פליהט אהין און אהער און פילט אָן די לופט מיט א הייליגען געהיימניספולען געפליסטער און די זיעמבעס זאָגען שירה און טשוויטשערען אויף א קול . . . אָבער לאה איז געשטאָרבען, לאה איז שוין נישטאָ, און ער, דוד יעקב, לעבט נאָך און זיינע אויגען זעהען דאָס אַלץ צו! איז דען פאַרהאַן רחמנות אין דער נאַטור? און איז נאָך דאָ אביסעל איינזעהען אין דעם גאַנצען קאָסמאָס ארום?

אָבער די דאָזיגע געפיהלען זיינע און געדאַנקען האָט ער אויף זיינע ליפּען נישט געבראַכט, און ווער ס׳האָט איהם געזעהן האָט קיין שום ענ-

דערונג אין איהם נישט בעמערקט און נישט געוואוסט, ס'אַרא גרויסע איבערקעהרעניש עס קומט פאָר אין זיין האַרץ. ווען לאה האָט נאָך גע־לעבט, האָט קיינער נישט פערשטאַנען זיין ליעבע און אידעאַל, און אויך נאָך איהר טויט האָט קיין מענש געוואוסט, אַז זי איז בעגראָבען ביי איהם אין האַרצען און נישט פערשטאַנען, וואָס עס קומט פאָר ביי איהם אינווע־ניג. דען ווי פריהער איז דוד יעקב אויך איצט געזעסען ביים טיש און גע־לערנט פון זון־אויפגאַנג ביז שפּעט אין דער נאַכט. עס האָט אויך קיינער נישט געוואוסט, אַז ער לייענט השכלה-ספרים, און וואָלט עס עמיץ בע־מערקט, וואָלט ער אויך די גאַנצע געשיכטע נישט געקנט בעגרייפען.

אָבער די זאָרג פערעסט־אויף דעם מענשען ווי אַ וואָרים און נאָגט־אויס ביי איהם דאָס בלוט פון האַרצען. אַזוי איז דוד יעקב מיעד געוואָרען צו שלעפּען די לאַסט פון אַזאַ לעבען, דען זיין שמערץ איז געווען אומגעהויער גרויס. ער האָט זיך מעהר קיין אָרט אין דער שטוב נישט געקאָנט געפינען און עס האָט איהם אַרויסגעטראָגען אין גאַס אריין צו זוכען אַ רעטונג פון זיין פּיין אונטער'ן פרייען הימעל. עס איז געווען אַ שעהנער טאָג און אַ שטיל זאַנפט ווינטעל האָט געבלאָזען איבער'ן פוסטען וועלדעל און ערבייגע־וועהט איבער די פולע זאַנגען אין דעם קאָרן-פעלד. דוד יעקב האָט זיך צוגע־קוקט צו דעם פּרעכטיגען בילד און זיין האַרץ איז געוואַקסען; עס איז איהם אַ ווייליגע לייכטער געוואָרען און ער איז זיך געגאַנגען פּאַמעליך איבער די בייטען פון דעם פעלד און די האָר פון קאָפּ זענען איהם געפלויגען אויף אַלע זייטען. אָבער וואוהין געהסטו, מענש, וואָס דיינע וואונדען זענען נאָך נישט פערהיילט געוואָרען? עס קוקט דאָך דיר שוין אַנטקעגען דאָס פעלד, וואָס הייסט ביי אידען דאָס „גוטע אָרט", אָדער „בית-עלמין", צי „בית־החיים" . . . קעהר זיך אום, דו אומגליקליכער! צי האָסטו פערגעסען, אַז דו ביסט אַ כהן? און ווי קומט אַ כהן אויף אַ בית־הקברות?

ווי קומט אַ כהן אויף אַ בית-הקברות? ס'אַרא נאַרישע פראַגע! דאָס שענסטע פון זיין לעבען איז דאָרט בעגראָבען געוואָרען, זיין נשמה און זיין האַרץ, דען דאָרט איז דער קבר פון זיין לאה! אינ'ם ערשטען מאָמענט האָט ער, אמת, געוואוסט, דער כהן, אַז ער זינדיגט, בעטרעטענדיג די שוועל

פון דעם בית־הקברות, עס איז איהם זאָגאר איינגעפאַלען, אַז עס קאָן איהם נאָך עמיץ כאַפּען ביי דער עבירה, ווען ער קניהט אויפ׳ן קבר פון אַ מיידעל, אָבער אין אַ מינוט אַרום האָט ער דאָס אַלעס פערגעסען, און אין אימפּעט פון זיין פערטראָגענהייט האָט ער אַריבערגעשפּריזט איבער דער שוועל דורך דעם טירעל, וואו די כהנים געהען, און האָט זיך אַ וואָרף געטהון אויפ׳ן קבר פון דעם טויטען מיידעל, און פון זיינע אויגען האָט זיך אַ גאָס געטהון אַ קוואַל טרעהרען. עס זענען איהם דאַן געקומען אויפ׳ן זין די ווערטער פון׳ם דיכטער:

„דען ס׳קאָן דאָך נישט גלויבען קיין מאַן,
קיין געליעבטער,
ווען ס׳איז יונג זיין פרוי אָבגעשטאָרבען,
אַז זי וועט מעהר קיינמאָל צום לעבען
נישט אויפשטעהן

און ער האָט געוויינט אַזוי לאַנג, ביז ס׳איז איהם גרינגער געוואָרען און ס׳איז איהם אַביסעל אַראָב די שווערע לאַסט פון׳ם הארצען. — צי וועט זיין געליעבטע, וואָס איז אַזוי יונג געשטאָרבען, טאַקי קיינמאָל מעהר נישט אויפשטעהן פון קבר? . . .

און אַזוי פלעגט דער בחור זיך פיהרען אַ לאַנגע צייט.

אין די העלע תמוז־נעכט און טאָג־טעגליך, ווען ער האָט געוואוסט, אַז קיין פרעמד אויג וועט איהם נישט בעמערקען, פלעגט ער זיך אין געהיים דורכ׳ן פעלד פער׳גנב׳ענען אויפ׳ן בית-עולם ארויף און דאָרט צופאַלען צום קבר און שטילען זיין בענקשאַפט נאָך דער פערשטאָרבענער.

עס איז אָבער אָנגעקומען אַנ׳אומגליקליכער טאָג; דוד יעקב האָט, ווי זיין געוואוינהייט, געקניהט ביי לאה׳ס קבר, און אינמיטען דרינען זענען אָנגעקומען אַ הייפעל מענשען, וואָס האָבען געטראָגען אויף די אַקסלען אַ געשטאָרבען קינד, ווען זיי האָבען דערזעהען דעם בחור אויסגעצויגען אויף דר׳ערד ביי דעם מיידעלשען קבר, האָבען זיי אויפגעהויבען אַ גרויס געשריי,

און ער איז געבליבען שטעהן אינגאַנצען ציטערענד און פערשטומט, אָהן אַ וואָרט פון פערענטפערונג פאַר זיין זינד. די מענשען האָבען זיך דעריבער געטראַכט, אַז ער מאַכט זיך גאָרנישט דערפון.

אין שטעדטעל איז געוואָרען אַ רעש און אַ געפילדער, און מויל צו מויל האָט דערצעהלט: אַ כהן אויפ'ן בית־הקברות!

ווער זאָל דען די דאָזיגע מענשען געבען פערשטאַנד צו אונטערשיידען צווישען ריין און אומריין? ווער זאָל זיי דען אויפקלערען דעם זין פון דעם גאַנצען קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען אין הארצען פון אַנ'אומגליקליכען, שווער־געפלאָגטען יונגענמאַן און זיי געבען צו פערשטעהן, דאָס עס איז נאָך פאַרהאַן אַ וועלט אויסער זייער אייגענער וועלט און עס זענען פאַרהאַן טרוימען און פאַנטאַזיעס, און עס איז דאָ אַזאַ ביכעל ליעדער, וואָס האָט אַזוי געווירקט אויף דעם יונגענמאַן, אַז ער זאָל זיך אָבקעהרען פון זיין פריהערדיגען וועג? ווער זאָל דען זיי געבען אַ געפיהל אין הארצען צו שוינען יענעמ'ס פיין, וואָס פרעסט איהם געהיים, ווי אַ וואָרים? זיי האָבען נאָר איינס געוואוסט, אַז מ'האָט געפונען אַ כהן אויפ'ן בית־הקברות, אַז אַ בחור, וועלכען מ'האָט תמיד געהאַלטען פאַר אַנ'אָרענטליכען, איז אַראָב פון דרך־הישר און איז געוואָרען אַ בעל־עבירה, און איז איהם נאָך ווייניג געווען צו שענדען די עהרע פון לעבעדיגע מיידלעך, נאָר ער האָט געהאַט צו טהון אויך מיט די געשטאָרבענע! ער איז אַ בעל־תאוה און אַ פערפיהרער!

און אין דער שטאָדט האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסעל: איינער האָט עדות געזאָגט, אַז דער בחור איז שוין לאַנג אַראָב פון גלייכען וועג און ער אליין האָט מיט זיינע אייגען געזעהן זיינע מיאוסטע מעשים. אַ צווייטער האָט דאָס אויסגעהערט און צוגעגעבען, אַז ער ווייס אויף געוויס, דאָס דער יונגערמאַן איז שוין אוים מתמיד געוואָרען און איז געפאַנגען געוואָרען דורך די אפיקורסים און דער טומאה, דער דריטער האָט שוין דערצעהלט, אַז דער בחור האָט אַ מאָל, שוין גאָר לאַנג, געוואָלט בעגעהן אַ מיאוסטע עבירה, נאָר די ציצית פונ'ם טלית־קטן האָבען איהם אַ פאַטש געטהון איבער'ן פּנים און ער האָט זיך פערשעהמט, דער פיערטער האָט איהם אליין שוין געזעהן אין דער לעצטער וואָך שפּאַצירען מיט'ן גלח אין פעלד,

און דער פינפטער האָט איהם געזעהן אין חלום, ווי ער האָט געגעסען טריי־פות, און דער זעקסטער האָט שוין געזעהן, ווי קליינע קינדער שטאַרבען אין שטעדטעל פאַר זיינע זינד.

אזוי האָט מען דוד יעקב׳ן פערביטערט און פער׳מיאוסט דאָס לעבען. מ׳האָט אויף איהם אויסגערעדט אַלדאָס בייז, און מען האָט איהם פערפאָלגט און גערודפט אָהן אַ שיעור. ער האָט פערלוירען די „טעג" אין די בעל־הבית׳ישע הייזער און איז פון הונגער געוואָרען ביסלעכווייז אויסגעדאַרט און איינגעטרוקענט. און וואָס שטאַרקער מ׳האָט איהם גערודפט, אַלץ מעהר געפאַלען איז ער ביי זיך געוואָרען און האָט אַליין אָנגעהויבען גלויבען, אַז עס איז טאַקי ריכטיג דאָס אַלעס, וואָס מען רעדט אויף איהם, אַז ער האָט טאַקי אַזוי שווער געזינדיגט און די מענשען זענען גערעכט, ווען זיי זאָגען אויף איהם, דאָס ער איז געוואָרען אַנ׳אפיקורס און וועט סוף־כל־סוף דער־געהן ביז שמד . . . ער האָט דערביי אינגאַנצען אויפגעציטערט אויף אַ ווייַלע. באַלד האָט ער זיך געפּרובט שטאַרקען איגערליך און געטראַכט צו אַנט־לויפען פון דעם שטעדטעל. אָבער אויך דער דאָזיגער גרויסער געדאַנק האָט אָנגעהאַלטען ביי איהם בלויז איין אויגענבליק; אין אַ ווייַלע אַרום איז דער דאָזיגער פּלאַן פערשוואונדען און דוד יעקב איז צוריק פערזונקען אין זיין נידערשלאָגענהייט און פערצווייפלונג, און ער איז וואָס ווייטער אַלץ מעהר געפאַלען ביי זיך. פון דאַן אָן האָט ער געוואוסט, אַז די מענשען רעדען אויף איהם נישט אומזיסט און זייער פאָראויסזאָגען וועט זיכער מקוים ווער־רען . . . ער האָט פון איצט אָן אָנגעהויבען זינדיגען עפענטליך, דען ער האָט געגלויבט, אַז זיין גורל איז שוין גע׳חתמעט געוואָרען און ער האָט מעהר קיין וועג נישט אויף צוריק.

צו יענער צייט האָט דער גלח פון שטעדטעל אָנגעהויבען איהם מקרב צו זיין, און דער בלייכער און אומעטיגער יונגערמאַן האָט, נישט וויסענדיג וואָס ער טהוט, זיך איבערגעגעבען אויף זיין בעראָט און איז געוועזן צופריע־דען מיט זיין נייער לאַגע . . . אין שטעדטעל איז געוואָרען אַ רעש און די יודען האָבען פּלוצלינג זיך אַרומגעזעהן, אַז דאָס זענען זיי אַליין שולדיג אין דעם, וואָס איז געשעהן, דען זיי האָבען דעם אומגליקליכען יונגענמאַן

אָבגעשטויסען מיט זייערע אייגענע הענד. מען האָט איצט גענומען זיך בעמיהען אומצוקעהרען דאָס פערבלאָנדזשעטע שעפעלע און מ'האָט פאַר דעם יונגענמאַן גענפענט אַלע קוואַלען פון גוטסקייט און רחמנות, אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט און מ'האָט מעהר גאָרנישט געקענט אויפטהון . . . און אינ'ם יום־טוב־פון הייליגען באַניפיציוס האָט דער פּאָרזיצענדער פון דער עוואַנגעלישער געמיינדע אָטאָן שולצע געמאָלדען אין דער קריכע, אַז עס איז צוגעקומען אַ נייער קריסט, וועלכער וועט נישט מעהר הייסען דוד יעקב קאָהן, נאָר פרידריך יאַקאָבי קאָנראַד באַניפיציוס . . . . אָט די דאָזי־גע ענדערונג פון דעם נאָמען האָט דוד יעקב'ן דערשלאָגען און ערנידריגט צום טויט.

פון צייט צו צייט קומט פרידריך יאַקאָבי אויפ'ן יודישען בית־עולם, וואו ער קניהט פאַר'ן קבר פון אַ יודיש מיידעל, און די יודען שטערען איהם נישט דערין, וואָרום יודען האָבען פון שטענדיג אָן דרך-ארץ פאַר משומדים.

אָט דאָס איז דאָס בילד פון דעם בלייכען און אומעטיגען יונגענמאַן, וואָס שטעהט מיר הײנט, ווי לעבעדיג, פאַר די אויגען.

# „מטות” און „מסעי”

דאָס טויער פון אויבערען געריכטס־הויז (סודעבנאַיאַ פּאַלאַטאַ). איבער דעם טויער אויבען הענגט דער הילצערנער אָדלער מיט די צוויי קעפּ. און לינקס דורך דעם זאַל געהט דער וועג צו דער גרויסער געריכטס־פּאַלאַטאַ.

אין דעם זאַל אינעווייניג הערט זיך יעצט דער קלונג פון אַ גלאָק. אַ גרויס פּובליקום האָט זיך היינט דאָ פערזאַמעלט, כדי צו הערען דעם „זעהר אינטערעסאַנטען פאַל”, און ווי זיי דערהערען דעם קלונג פונ׳ם גלאָק, כאַפּען זיך אַלע אויף. דער אָנגעקלאָגטער, וועלכער זיצט אויף דער באַנק, הינטער דעם אָבגעצוימטען אָרט, שטעהט גאַנץ פּאַמעליך אויף. ער זעהט אויס מיעד און אָבגעלעבט, און האָט אַ פּנים ווי איינער, וואָס דאָס אַלעס, וואָס טהוט זיך דאָ אָב אַרום איהם, געהערט זיך גאָרנישט אָן מיט איהם און עס שטערט איהם אפילו נישט אין זיינע געדאַנקען. אַ מין אייזערנע רוה איז אויסגעגאָסען אויף זיין געזיכט און זיינע מוסקולען ריהרען זיך נישט; זיינע האָר זענען ווילד צעשויבערט, און זיינע מוסקולען אָהן אויפהער אָהין צו דעם געריכטס־פּרעזידענט און צו זיין גאָלדענער קייט, וועלכע הענגט אויף זיין האַלז, און עס שוועבט אַנ׳אייביגער, נאַרישער שמייכעל איבער זיינע ליפּען. — געפעלט איהם אַזוי שטאַרק דער געריכט־פּרעזידענט? געפעלט איהם די קייט אַזוי זעהר? — עס איז טיעף שטיל אַרום, עס הערט זיך נישט קיין שאָרך. נאָר פון מינוט צו מינוט, ווען דער פּרעזידענט בעוועגט צו־פעליג דעם קאָפּ, הערט זיך דאָס גערויש פון דער קייט.

סערגיי סטעפּאַנאָוויטש קירקושקין, דער העכסטער געריכטס־פּרעזידענט, הויבט אויף פלוצלינג דעם קאָפּ און פון אַ פּאַפּיער, וועלכעס ער האַלט אין האַנד, לייענט ער מיט אַ הויכער שטימע, און דאָס פּובליקום הערט אָבגע־ריסענע ווערטער:

„לויט׳ן געזעץ פון זיין קייזערליכער מאַיעסטעט . . . משה שמולעוויטש

לפידות, פון יודישען גלויבען . . . זיעבען און דרייסיג יאָהר אַלט . . . גע־מאכט אַ מאַשינקע אויף נאָכצומאכען צעהן-רובעלדיגע פּאַפּיערלעך . . . זעקס יאָהר שווערע אַרבייט אין סיביר . . . אַלע רעכט פערלוירען . . .

סערגיי קירקושקין הויבט צופעליג אויף זיינע אויגען, און בשעת'ן לייע־נען די לעצטע ווערטער, פאַלען זיי צופעליג אויף דעם געמשפּט'ען — זיין פּנים ווערט פּלוצלינג וויים ווי קאַלך און די ווערטער בלייבען איהם שטע־קען אין האַלז. — האָט ער אפשר איצט דעם יוד, דעם גע'משפּט'ען דער־קענט? זענען איהם פּלוצלינג אַלטע זכרונות פון דער יוגענד געקומען אין זין אַריין? . . .

דער פּרעזידענט ענדיגט כאַפּענדיג לייענען דאָס פּאַפּיער, און זיין שטי־מע הערט זיך קוים; דאַן כאַפּט ער זיך גיך אויף און פערלאָזט אין איין אימפּעט דעם זאַל. — ווער יאָגט איהם, דאָס ער איילט זיך אַזוי זעהר? — אויך משה לפּידות האָבען צוויי זשאַנדאַרמען אַרויסגעפיהרט. צוויי, דריי אַדוואָקאַטען האָבען זיך אָבגעשטעלט, איינמאָל אין איין ווינקעלע, איינמאָל אין צווייטען, און האָבען גערעדט צווישען זיך איבער זאַל. איינער פון די יורען, וועלכע זענען געווען אין זאַל, האָט זיך אָנגערופען: „געמיינט האָב איך פּאָרט, אַז זיי וועלען איהם נישט אַזוי שטרענג בעשטראָפען" — און איינער פון די גוים אָבער זאָגט זיך: „אָט האָסטו אַ געריכט! געמיינט האָב איך, אַז אויפהענגען וועלען זיי איהם און נישט איהם פּטר'ען מיט אַזאַ קליינינקייט" — און דאָס פּבליקום געהט זיך פונאַנדער . . .

*

— האָט איינער דעם צווייטען געקענט? —

— — — עס איז זומער פּאַר פיער און דרייסיג יאָהר. די זון גיסט אוים איהר וואַרעמקייט און איהרע זיסע ליכט-כוואַליעס איבער דעם גאַלען זאַמד, וואָס ליגט אויפ'ן הויף, און צוויי קינדערלעך שפּיעלען זיך צוזאַמען און שרייען און רעש'ען און שפּרינגען און זינגען און קייקלען זיך אין גע־לען זאַמד. ווי גוט און אַנגענעהם זענען די ליכט-שטראַהלען און ווי זיס פּאַר קינדערס אויגען! דאָס איינע קינד געהט אין אָבגעריסענע, אָבגע־

שליסענע שמאטעס און האט שווארצע האר ווי פעך און א קרומליכע נאז, און דאס צווייטע קינד געהט אין א רויט זיידען העמדעל און האט בלאנדע האר ווי פלאקס און א גלייכע נאז פון אונטען ביז ארויף. אבער די קינדער האבען דענסמאל נאך נישט געוואוסט דעם אונטערשיעד צווישען א קרומער און א גלייכער נאז, צווישען שווארצע און בלאנדע האר און צווישען שמאַטעס און זיידען העמדעל. זיי האבען נאר געוואוסט, אז זיי אונטערשיידען זיך איינער פון צווייטען דורך די נעמען: דער איינער, דער בלאנדער, הייסט סערגיי, און דער צווייטער, דער שווארצער, הייסט משה. — אבער איז דען איין נאמען מעהר יחסן פון דעם צווייטען? די זון שיינט דאך אויף איין קינד ווי אויף דאס צווייטע און מאכט גאר קיין אונטערשיעד נישט צווישען זיי, און אויך דאס געלע ברענענדיגע זאמד ליגט אויסגעגאסען פאר איינעם גלייך ווי פאר דעם צווייטען גאנץ אהן אונטערשיעד, און אויך שפיעלען און רעש'ען און קייקלען זיך האבען ביידע גלייך געקענט — און דעריבער טאקי זענען זיי געבליבען אלע מאל פון דער פריה ביז צום מיטאג צוזאמען. טייל-מאל האט זיך געמאכט, בשעת זיי האבען זיך ארומגעוואלגערט אויף דעם זאמד, און דאס שווארצע יונגעל איז געווען אין איין ארבע-כנפות און דער ווינד איז געקומען און האט די ציצית א ווארף געגעבען איבער דעם פנים פון דעם בלאנדען יונגעל, דא האט דאס בלאנדע יונגעל געקענט זיך א כאפ טהון און ארונטערשטעקען די האנד אונטער זיין רויט העמדעל און אויך זוכען א ציצה, כדי דעם שווארצען צו בעצאהלען מדה כנגד מדה, און האט קיין ציצה נישט געפונען — דא האט ער געקענט זיך אויף עטליכע מינוט פערטראכטען.

און יעדעס מאל מיטאג-צייט פלעגען זיך די קינדער, איינס פונ'ם אנ-דערן, צעשיידען. יעדער פלעגט געהן אין זיין היים אריין.

דאס בלאנדע קינד פלעגט געהן מיט די טרעפ צום ערשטען עטאזש פון גרויסען פראנט-הויז; דאס שווארצע פלעגט געהן אין די קעלער-שטוב אין הויף.

אויפ'ן ערשטען עטאזש פון גרויסען פראנט-הויז האט געוואוינט סטע-

פאן פעטראָוויטש קירקושקין דער סליעדאָוואטעל, און אין דער קעלער־שטוב האָט געוואוינט שמואל לפידות, א יוד א דאָרפגעהער.

פון פענסטער אויפ'ן ערשטען עטאזש הערען זיך איצט מוזיקאלישע טענער. דער קליינער סערגיי האָט מיטאָג אָבגעגעסען, און איצט זיצט ער נעבען זיין גוווערנאנטקע פאר דעם קלאוויר און לערנט זיך גאמען שפיעלען אין דערזעלבער צייט שטעהט א קליין יונגעל מיט שווארצע האָר און א קרו־מער נאָז אין הויף, נאָכדעם ווי ער האָט עטליכע קארטאָפעל גיך אָבגעגעסען, און קוקט אַרויף צו די פענסטער פון דעם אויבערשטען עטאזש און האָרכט און האָרכט. די מוזיקאלישע טענער געהען אריין טיעף אין זיין הארץ. — פארוואָס האָט גאָט אנ'אונטערשיעד געמאכט צווישען איין יונגעל און דעם צווייטען און פאר וואָס האָט ער זיך איינעם אויסגעקליבען, כדי איהם אלעם גוטע אוועקצושענקען ?

דאָס יונגעל האָט דענסמאָל נאָך נישט געוואוסט, אז אויך דער מענש האָט אנ'אונטערשיעד געמאכט צווישען איינעם און דעם צווייטען . . .

אויפ'ן ערשטען עטאזש לערנט זיך דאָס יונגעל גאמען שפיעלען — אָבער היינט איז זיין קאָפ גאָרנישט ביים לערנען.

—וואָס איז מיט דיר היינט, נשמה מיינע ? — פרעגט די מוטער.

מאמא ! גיב מיר אויך אזעלכעס, וואָס עס רופט זיך „קאנפער" מיט פיער „ציצי", אזוי ווי דער משה האָט . . .

מעלפאָמענא גריגאָריעוונא, די מוטער, האָט ווי א שטאָך אין הארצען דערפיהלט.

— סערגיי ! סערגיי ! ווי אָפט האָב איך דיר שוין געזאָגט, דאָס איך וויל בפירוש נישט, אז דו זאָלסט האָבען עסקים מיט דעם דאָזיגען שמוציגען יונג, מיט דעם זשידאָק . . . עס קאָסט מיר מיין לעבען ! הערסטו ? —

און אויך שרה, די יודישע מוטער ,אז זי האָט געזעהן איהר משה'ן צוזאמען מיט דעם בלאָנדען אין הויף, האָט זיך אין איהר דאָס הארץ גע־ריסען.

— משה ! משה ! ווי אָפט שוין האָב איך דיך בעשוואוירען, אז דו

זאָלסט דיך נישט חבר'ען מיט דעם „שייגעץ". האָסטו גאָר נישט גאָט אין הארצען ? איז נישטאָ קיין איינציגער פונק יודישקייט אין דיר ? אוי קינד, קינד ! ברענגט מיך נישט פאַר דער צייט אונטער דער ערד !

. . . אָבער די שטראַהלען פון דער זון זענען פול מיט אַ ליעבליכען כי־שוף, און משה און סערגיי האָבען ביידע ליעב געהאט די שטראַהלען פון דער זון און די בערגלעך זאמד. און זיי האָבען זיך אַרומגעקייקעלט און אַרומגע־וואַלגערט אויף דער ערד און זיך געשפּיעלט און אַרומגעשפּרונגען דעם גאַנ־צען טאָג.

מעלפּאָמענאַ גריגאָריעוונאַ האָט עס נישט געזעהן און נישט געוואוסט, ווי די קינדער שפּיעלען זיך אין הויף. שרה אָבער האָט עס יאָ געוואוסט און זי האָט זיי יעדען טאָג געזעהן, און ווי זי האָט זיי געזעהן, האָט זי געפּלענט אַ קרעכץ געבען און זאָגען :

אָט געהט „מטות" און „מסעי" צוזאַמען ! . . .

די יודישע פרוי האָט זיי גערופען „מטות" און „מסעי" לויט די צוויי סדרות, וועלכע געהען צוזאַמען . . .

*

אָבער נישט אייביג זענען געגאַנגען „מטות און מסעי" צוזאַמען . . . יעדער האָט אָנגעהויבען געהן זיין וועג בעזונדער.

— — — אַ שלאַגס־רעגען גיסט זיך פון הימעל. צוויי צעהניעהריגע יונגלען בעגעגענען זיך ביים טויער פון אַ גרויס הויז. איינער איז אַ יונגעל מיט אַנ'אויסגעפּילט רויט פּנים און מיט בלאָנדע האָר און בלויע אויגען ; דער צווייטער האָט אַ ווייס, בלייך פּנים און שוואַרצע האָר און שוואַרצע גלאַנצענדיגע אויגען. איינער געהט אָנגעטהון אין אַ בלויען רעקעל מיט ווייסע גלאַנצענדיגע קנעפּ און טראָגט אַ טעקע מיט ביכער אויף די פּלייצעס, דער צווייטער געהט אָנגעטהון . . . ניין, ער געהט אין גאָרנישט אָנגעטהון, נאָר איינגעוויקעלט איז ער אין מאָדנע צעריסענע, צעשליסענע שמאַטעס. — סערגיי געהט אין די שטאָדטישע פאָרבערייטונגס־שולע, און משה געהט אין „חדר" . . .

די קינדער רעדען נישט איינער מיט דעם צווייטען. — זענען זיי ברוגז איינער מיט דעם צווייטען, וואס זיי רעדען נישט? . . .

עס איז מיטאג־צייט. ביידע יונגלעך בעגעגענען זיך צום צווייטען מאל פאר דעם טויער פון גרויסען הויז; ביידע זענען גלייכצייטיג אהיימגעקומען, איינער פון דער שולע, דער צווייטער פון חדר.

— משה! איך האב צו דיר א בקשה. מיין לעהרער האט מיר היינט א רעכנונג אויפגעגעבען, איינער פון די פיער „שפעציעס“. די וויסט דאך עס זענען דא פיער. חיבור, חיסור . . . א יא, דו ווייסט! איך האב היינט קיין צייט נישט . . . מיין קאפ איז מיר פערדרעהט און איך קען היינט די ארבייט נישט מאכען . . . איך וויים נישט, וואס זאל איך מארגען דעם לעה־רער ענטפערן . . . משה! האסטו מיך ליעב?

— וואס פערלאנגסטו, סערגיי, וועל איך עס דיר טהון.

— משה! מיין טייערער משה! גיב מיר דיין האנד! ווילסטו היינט עטליכע מינוט פאר מיינעטוועגען ארבייטען און דעם חשבון אויפשרייבען איך זאל איהם קענען מארגען דעם לעהרער געבען?

— איך לערן דאך נאר אין א חדר! — איך לערן דאך די תורה דעם גאנצען טאג, און א מעשה מיט אנ׳אקס, וועלכער האט געשטויסען א קוה און די קוה האט זיך מישב געווען און האט א קליין קעלבעלע געהאט . . . און ווי אזוי קען איך וויסען דאס, וואס דו לערנסט? איך האב קיינמאל נישט געלערנט חשבון און איך וויים נישט . . .

— פארוואס זוכסטו דיר אנ׳אויסרייד? אין דער שולע זאגען אלע, אז די יודען וייסען אלצדינג און קענען אלצדינג!

. . . זענען די קינדער אלזא דאסמאל נישט ברוגז איינער מיט דעם צווייטען?

צום אווענט האט משה געבראכט סערגיי׳ען דאס, וואס ער האט פער־לאנג, — פון וואנען האט משה דעם געגענשטאנד געקענט, אז געלערנט האט ער איהם קיינמאל נישט?

פטור! „די יודען ווייסען אלצדינג און קענען אלצדינג“ . . .

*

נאך איינמאל האבען זיך די ביידע בעגעגענט.

— — — איבער דעם שטאָדט־טייך ליגט ברייט און ווייט דאָס אייז אויסגעגאָסען. יונגלעך אָהן א צאָהל קומען זיך גליטשען איבער דעם אייז, און יעדער האָט זיינע „גליטשערס" אויף די פיס. דער טאָג הייבט אָן וואָס אַמאָל מעהר צו פערשווינדען, און צווישען די רויטע פאַסען אויפ'ן הימעל פון מערב-זייט הענגט די זון און איז גרויס ווי א גרויסע גאָלדענע שיסעל. די יונגלעך זענען פרעהליך און לוסטיג, און רעש'ען און פילדערען אָהן א סוף און זענען גליקליך מיט דעם פראָסט; די פולע באַקען זענען רויט פאַר קעלט, די אויגען ווענדען זיך איינמאָל צו דער בלוטיג־רויטער זון, וועלכע פאַלט און פאַלט, און איינמאָל צום גרויען גלאַנצעדיגען אייז אונ־טער די פיס. הורא, דער פראָסט! הורא, דער ווינטער! רופען די קינדער לוסטיג — און סערגיי און משה זענען צווישען די קינדער.

סערגיי לויפט זיין וועג איבער דעם אייז גיך און שארף און אהין און צוריק און רונדיג און אויף איין פוס! צום סוף אָבער גליטשט ער זיך אויס און פאַלט אַנידער. א רוישענד געלעכטער פלאַצט ארויס פון אַלעמענס מויל: די קינדער לאַכען איבער זיין פאַלען . . .

אויך משה לויפט גיך און שארף, נאָר „גליטשערס" האָט ער ניט אויף די פיס. די הערליכע רויט־פארביגע פאַסען אויפ'ן הימעל ציהען איהם ווי מיט א כישוף און זיינע אויגען זענען ווי צוגעקניפט צו דער גרויסער שיסעל אויפ'ן הימעל, וועלכע פאַלט און פאַלט און וועט באלד ליגען אונטען פאַר זיינע פיס. ווי הערליך און ווי שעהן איז דאָס אַלעס! נאָך ווי ער איז א גאַנץ קליין יונגעלע געוועזען, האָט ער ליעב געהאַט זיך צו פערקוקען אויף די גרויסע גאָלדענע שיסעל, וועלכע הענגט אויף גאָרנישט אינמיטען דער לופט, און פאַר איהר און הינטער איהר ציהען זיך די רויטע ברייטע פאַס־מעס, און צווישען זיי אויך בלויע, אויף וועלכע עס ליעגט דער פראָסט אונ־געגאָסען. און אונטען דאָס אייז ווייט און ברייט אויף דעם טייך, און דאָס איז גלאַנצט און פינקעלט אקעגען דער גאָלדענער שיסעל . . .

ווי הערליך און ווי . . .

— „זשיד!" . . .

ווער רופט יענעם וואָרט אַזוי שרעקליך? וואָס איז דאָס פאַר א שרעק־ליכע שנאה, וועלכע שטעקט אין יענעם וואָרט?

פטור, די יונגלעך פלאצען ארוים מיט א געלעכטער, ווי זיי האבען איהם דערזעהן. זיי פלאגען איהם און יאגען איהם און ווייזען איהם „חזיר־אויער־לעך". וואס האט ער זיי אזוי פיעל שלעכטס געהטון, וואס זיי ווילען איהם נישט דערלאזען פערגניגען צו האבען פון דעם, וואס געפעלט איהם? גע־הערט צו זיי דען דאס גרויסע גלאנצעדיגע אייז? האבען זיי דען בעשאפען די רויטע פאסען אויפ'ן הימעל מיט יענער גרויסער שיסעל?

פלוצלינג הערט ער אויף מיט דעם מוח צו קלערען. א שטיק אייז, וועל־כעס א יונגעלווארפט איהם, פליהט איהם אין שטערען אריין.

אין דער דאזיגער נאכט האט סערגיי נישט געקענט רוהיג שלאפען. אין חלום האט ער געזעהן טויזענד יונגלעך, גליטשען זיך אויף דעם אייז, און ער גליטשט זיך מיט זיי, און אלע פאלען און ער לאכט און שפעט אב פון זיי. — און אויך משה איז אין דער דאזיגער נאכט נישט רוהיג געשלאפען. אין חלום האט ער טויזענד יונגעלעך געזעהן, גליטשען זיך אויף דעם אייז, און ער גליטשט זיך מיט זיי! צום סוף אבער זענען זיי איהם אלע בעפאלען און האבען פון איהם זיין לעצטע טרייסט צוגענזל'ט: די גרויסע גאלדענע שיסעל, וועלכע הענגט צווישען די רויטע פאסמעס אין הימעל...

און נאך איינמאל האבען זיך ביידע בעגעגענט — אויף דער שוועל פון גימנאזיום...

איינער איז געקומען פון דער פארברייטונגס־שולע, און ווי ער איז אריין אין גימנאזיום, האט ער געפונען אפענע צוויי ארעמס, וועלכע האבען איהם צוגענומען! דער צווייטער איז געקומען פון חדר, און ווי ער איז אריין אין דעם נייעם הויז און אין די נייע וועלט, האט ער געפונען צוויי ארעמס, וועלכע האבען איהם מיט געוואלד אוועקגעשטויסען נאך אויף דער שוועל שטעהענדיג.

ווי איז עס געקומען, דאס א יודיש יונגעל איז ארוים פון זיין וועלט און האט געפרובט אריינגעהן און די נייע וועלט?

„די יודען וויסען אלצדינג און קענען אלצדינג" — האט איהם זיין בלאנדער חבר געזאגט. אבער דער מלמד, ביי וועלכען משה האט געלערנט אין חדר, האט נישט אזוי געזאגט! ער האט נישט געזאגט אויף די קליינע יודעלעך, וועלכע זיצען אין זיין חדר, אז זיי וויסען און קענען אלצדינג, און

אויך אויף דעם קליינעם משה׳לע האָט ער אַזוי נישט געזאָגט. אדרבא, דעם גאַנצען טאָג האָט ער געפּלעגט אויף די קינדער שרייען און זיי שעלטען מיט די ביטערסטע קללות. אויך משה׳ס פאָטער האָט געפּלעגט אויף זיין זוהן זאָגען, אַז ער וועט און קען גאָרנישט . . .

דאָס יונגעל אָבער איז געווען געבענטשט און בעגאָבט פון גאָט! זיין האַרץ איז געווען פול מיט געפיהל, און אַלעס שעהנע און אַלעס איידעלע האָט איהם געצויגען ווי מיט אַ כישוף — בעזונדערס האָט זיך געוויזען אין איהם אַ טאַלענט צום מאָלען.

צוועלף יאָהר איז ער אַלט געווען, ווי ער האָט געמאַכט דעם „שויתי״ פאַר דעם עמוד אין גרויסען בית־מדרש. ווער עס האָט דעם „שויתי״ געזעהן, איז געבליבען פערוואונדערט שטעהן, דען קיינמאָל נאָך נישט איז אַזאַ שעהנע זאַך געמאַכט געוואָרען פון אַזאַ יונגען קינד, וואָס האָט די דאָזיגע מלאכה קיינמאָל נישט געלערנט. און אויך מיט זיין שעהנער האַנדשריפט האָט דאָס יונגעל אויפזעהן געמאַכט. די אותיות זענען געווען ווי פערעל! אַזאַ שעהנע האַנדשריפט, האָבען אַלע געזאָגט, איז גאָר נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט.

אָבער וואָס געהערען זיך די יודען אָן מיט אַ זעלכע זאַכען? — דער מלמד איז געבליבען ביי דאָס זייניגע, אַז דאָס יונגעל טויג צו קיין זאַך נישט; ער פערברענגט זיין צייט מיט לויטער נאַרישקייטען, מיט בילדער־מאַכען און מיט צאַצקעס־מאָלען, און לערנט קיין שום זאַך נישט. אויך פון פאָטער פלעגט ער דאָס הערען טאָג־טעגליך, און דאָס יונגעל האָט פעסט און זיכער אָנגעהויבען גלויבען און וויסען, אַז ער טויג צו גאָרנישט. וואָס נוצען איהם נאָך חדרים און מלמדים? וואָס זאָל ער נאָך לערנען זאַכען, וועלכע געהערען זיך מיט איהם גאָרנישט אָן?

און משה האָט זיך אָוועקגענאַרט פון חדר, און איז איין טאָג אַהין נישט געקומען.

אָבער „ווען דו וועסט זי איין טאָג פערלאָזען, וועט זי דיך פערלאָזען צוויי טעג״. צום אָנפאַנג האָט משה געפּלעגט זוכען אַנ׳אויסרייד, כדי נישט צו דאַרפען קומען אין הדר אַריין איין טאָג, און די תורה האָט איהם פערלאָזען צוויי טעג; דאַן איז ער נישט געקומען צוויי טעג, און די תורה האָט

איהם פערלאָזען פיער טעג ; דאַן איז געקומען א צייט, ווי ער איז נישט גע־קומען א גאַנצע וואָך, גאַנצע צוויי, און דאַן האָט ער אויפגעהערט איינגאַנ־צען און איז גאָרנישט מעהר געקומען.

און אין דער היים האָט מען איהם גערודפ'ט און פערביטערט דאָס לעבען.

אזוי איז משה געוואָרען א גאַסען־יונג און האָט זיך צוזאַמענגעפּאָרט מיט דער ווייסער חברה.

דאַן אָבער האָט ער מיט געוואַלד זיין גאַנצע קראַפט צוזאַמענגענומען ; ער האָט בעהאַלטענערהייט אַלעס נויטיגע געלערענט און איז אָנגעקומען ביז צום גימנאַזיום.

אין דערזעלבער צייט איז אויך סערגיי דאָרט אָנגעקומען. — פון וואַ־נען ? ווי אזוי איז דער בלאָנדער יונגערמאַן אזוי וויים געגאַנגען ? נעכטען „האָט ער קיין צייט נישט געהאַט", היינט „איז איהם דער קאָפּ פער־דרעהט", און מאָרגען „איז די ארבייט צו שווער" — דער פאָטער אָבער האָט איינמאָל פאַר אַלע מאָל געוואוסט, און אויך דער לעהרער האָט עס איינגע־זעהן, אז דאָס יונגע קינד „לערנט זיך זעהר גוט".

אוןביידע קינדער זענען געשטאַנען פאַר דעם לעהרער ביים עקזאַמען.

דאָ האָבען די לעהרער דעם איינעם, דעם בלאָנדען, צוגענומען, „ווייל ער האָט זיך זעהר גוט געלערנט", און דעם צווייטען, דעם מיט דעם בלייך־כען פנים, האָבען זיי אָבגעזאָגט, „ווייל ער האָט נישט די נויטיגע קענט־נישען".

ובכן ווייסען און קענען יודען נישט אַלצדינג.

פאַרוואָס אָבער זאָגט סערגיי משה'ן טאָג־טעגליך, אז יודען ווייסען און קענען אַלצדינג ? פאַרוואָס קומט דער בלאָנדער טאָג־טעגליך צו דעם מיטן בלייכען פנימ'ל, און בעט איהם יעדעסמאָל ער זאָל אזוי גוט זיין און פאַר איהם די לעקציע מאַכען, און דאָס קינד מיט דעם בלייכען פנימ'ל מאַכט די לעקציע טאָג־טעגליך פאַר דעם בלאָנדען ?

*

און „מטות" און „מסעי", וועלכע געהען צוזאַמען, זענען פון דענס־מאָל אָן געגאַנגען זעהר וויים איינער פונ'ם אנדערן ; איינער איז געגאַנגען

העכער און העכער, און דער צווייטער איז געגאַנגען נידריגער און נידרי־
גער; איינער — באַרג אַרויף, דער צווייטער באַרג אַראָב . . .

איינער איז געגאַנגען אין גימנאַזיום פון קלאַס צו קלאַס, ביז ער איז
אָנגעקומען אין דעם דריטען קלאַס, דער צווייטער איז געגאַנגען אין דער־
זעלבער צייט אויף שלעכטע וועגען, ביז אַזש די פיס האָבען איהם נישט
געקענט מעהר דערשלעפּען.

פּלוצלינג אָבער האָט זיך דער דאָזיגער צווייטער צוזאַמענגענומען מיט
זיין גאַנצער קראַפט, און איז צום צווייטען מאָל געקומען צו די לעהרער,
און האָט געוויינט פאַר זיי און האָט זיך געבעטען אַז זיי זאָלען איהם ער־
לויבען זיך צו שטעלען צום צווייטען מאָל צום עקזאַמען. „יודען זענען
מאָדנע עקשנים!" האָבען די לעהרער געענטפערט און האָבען איהם חסד
בעוויזען לפנים משורת הדין און האָבען איהם אריינגענומען אין צווייטען
קלאַס.

נאָר סערגיי „האָט פאַרשטריט געמאַכט" אין זיין לערנען און משה
„האָט נישט געמאַכט קיין פאַרשטריט" — אַזוי שטעהט בפירוש געשריבען
אין די פּאַפּיערען, וועלכע די לעהרער האָבען אויסגעשריבען יעדעסמאָל פאַר
ביידע שילער.

און נאָך דעם ערשטען יאָהר איז משה פערבליבען אין דעמזעלבען
קלאַס, און אויך אין צווייטען יאָהר איז ער ווייטער געבליבען — דאָ האָ־
בען די לעהרער געפּסק'ענט, אַז דער דאָזיגער שילער איז נישט טויגליך
צו קיין שום לערנען און ער וועט מוזען דאָס גימנאַזיום פערלאָזען.

און פאַרט פלעגט יעדען טאָג סערגיי און נאָך פיעל אַנדערע שילער
צו איהם קומען, און משה פלעגט פאַר זיי זייערע לעקציעס מאַכען, און
בפרט פלעגט ער פאַר זיי די צייכנונגען מאַכען, וועלכע די לעהרער האָבען
זיי אויפגעגעבען.

און איהם זאָגט מען, אַז ער איז נישט טויגליך צו קיין שום זאַך!

דאָ האָט עס אויפגעפלאַמט אין איהם ווי אַ ווילד פייער, און ער האָט
מעהר נישט געקענט שווייגען. איינמאָל ווען ער איז געווען שטאַרק פער־
ביטערט, האָט ער איינעם פון די לעהרער עפענטליך בעליידיגט.

וואָס טהוען די לעהרער מיט אזא אויסגעלאַסענעם שילער? — רעכט האָבען זיי, און נישט טויגליך איז ער! דעריבער האָבען זיי איהם פון גימ־נאַזיום ארויסגעטריבען, און אין זיינע צייגענישען האָבען זיי איינגעשרי־בען, אז ער טאָר נישט אָנגענומען ווערען פון קיין שום גימנאַזיום מעהר אין דעם גאַנצען לאַנד...

און דאָס יונגעל הערט טאָג-טעגליך זיין שאַנד און זיין שפּאָט; אין דער היים רופט מען איהם „גוי", און אין גאַס זאָגט מען איהם, אז ער איז אַנ׳אויסגעלאַסענער שילער.

אזוי איז ער געגאַנגען באַרג אראָב...

*

א שטילע, רוהיגע נאַכט. טויזענד שטערען גלאַנצען פון דעם ליכטיגען בלויז אין דער דעק פונ׳ם הימעל, און זיי פלאַטערן ציטערדיג איינער אַנט־קעגען דעם אַנדערען.

אויף זיין געלעגער ביינאַכט ליגט א יונגעל מיט א בלייך בלאַס פּנים׳ל, אליין און פערלאַזען, און קען נישט אַנטשלאָפען ווערען. — אין גאַס לאַכט יעדער פון איהם דעם גאַנצען טאָג, און איצט זענען געקומען אויך יענע גרויסע ליכטער אין הימעל צו שפּעטען פון איהם... וואוהין זאָל ער איצט מיט זיין חרפּה אַנטלויפען? אפשר ביז צו אַן אָרט, פון וועלכען ער וועט מעהר נישט קענען צוריק... און פאַרוואָס האָט דאָס גאָט איהם אזוי זעהר געשטראָפט! פאַרוואָס בעצאָהלט ער איהם לויטער שלעכטס פאַר אלדעם גוטען, וואָס ער האָט אלעמאָל פון זיין קינדערהייט אָן געוואָלט טהון? איז דען נישט רעכט, אז דער מענש איז גוט און וויל גוט בלייבען?...

אפשר! אפשר איז נישט רעכט, אז דער מענש שטרעבט גוט צו זיין!...

איצט איז ער אַנ׳אומגליקליכער מענש, דען מענשען זענען געקומען און האָבען איהם מיט געוואַלד אומגליקליך געמאַכט; מיט געוואַלד האָבען זיי איהם פון גוטען אוועקגעשלעפּט און צום שלעכטען אהינגעשטויסען. ווי ער איז נאָך א קינד געווען, האָבען איהם קינדער פון זיינסגלייכען פון אייז

אויפ׳ן טייך פעריאַגט און האָבען איהם נאָכגערופען „זשיד״! ; דאַן האָבען זיי איהם פון דער שולע אַרויסגעיאָגט און האָבען איהם שוואַרץ אָנגעשריבען ; דאָך האָבען איהם אַלע אויך אויף דער גאַס פערשטויסען און האָבען איהם אַ נאָמען געגעבען „אויסגעלאָסענער״ — וועט ער דען שולדיג זיין, ווען ער וועט איצט באמת ווערען אַן׳אויסגעלאָסענער ? טהוט נישט אַ מענש, און האָט נישט אַ מענש רעכט אַלצדינג צו טהון, כדי זיך צו ראַטעווען ? איצט האָט ער מלחמה צו האַלטען פאַר זיך און זיין רעכט, מלחמה מיט אַלע מענשען, וועלכע שטעלען זיך איהם אין וועג אַריין, מלחמה מיט יעדען, וואָס וואַגט זיך אָנצוריהרען אָן זיין טייל ירושה, וואָס די נאַטור האָט איהם געגעבען מיט דער מינוט ווי ער איז אַרויס פון זיין מוטערס לייב !

ער האָט נישט מעהר פון וואָס צו לעבען. — צו וועמען וועט ער זיך ווענדען נאָך הילף מאָרגען ? און איבערמאָרגען צו וועמען ? און נאָך איבערמאָרגען און אַלעמאָל ביז אין טויט אַריין צו וועמען האָט ער זיך צו ווענדען ?

ער וועט געהן דאָרט אַהין, וואו מען קען איהם נישט . . .

און דאָרט וואָס וועט ער מאַכען ? וואָס קען מאַכען אַ יונגעל וועלכען מען האָט אַרויסגעשטויסען פון צווישען מענשען ?

דאָרט וואו מען קען איהם נישט וועט ער פּרובען צום צווייטען מאָל אין אַ גימנאַזיום אַריינקומען, אפשר וועט ער אַריינגעלאָזען ווערען . . .

אָבער וואָס וועט ער מאַכען מיט דעם ציייגעניש, אין וועלכען עס שטעהט בפירוש פערשריבען, אז ער האָט נישט מעהר דאָס רעכט אין קיין שום גימנאַזיום אין דעם גאַנצען לאַנד אָנגענומען צו ווערען ? — זאָל ער עס גאַרנישט ווייזען ?

יאָ, ער וועט עס גאַרנישט ווייזען ! . . .

מיט וואָס אָבער וועט ער אין אַ שולע אָנגענומען ווערען, אז ער וועט קיין ציייגעניש נישט האָבען ?

. . . . זיין בלוט איז אין איהם געראָנען געוואָרען, ווען ער האָט זיך ווענגען דעם דערמאָהנט, און די גאַנצע נאַכט האָט ער נישט מעהר געקענט שלאָפען. ווען אָבער עס האָט אָנגעהויבען טאָגען, איז ער רוהיגער געוואָ-

רען. דען ער האט די ריכטיגע עצה געפונען: אין איינעם פון די ערשטע צייגענישען, וועלכע ער האט אין דעם ערשטען לערן־יאהר בעקומען, וועט ער עטליכע אותיות און עטליכע ווערטער ענדערן, אבמעקענדיג עטליכע אלטע און צושרייבענדיג עטליכע נייע, דען ווער נאך ווי ער איז א מייסטער נאכצומאכען יעדע האנדשריפט? — ווען זיי האבען דאס גוטע פון איהם נישט געוואלט צונעהמען, אט זאלען זיי פון איהם דאס שלעכטע נעהמען! ווען זיי האבען איהם דאס זייניגע, וואס קומט איהם, נישט געוואלט געבען בהיתר, מא זאלען זיי עס איהם נעבען באיסור!

און אזוי איז ער אנטשלאפען געווארען . . .

און דערזעלביגער נאכט האט אויך זיין צווייטער, גליקליכער חבר, ביז אין העלען טאג אריין נישט געקענט אנטשלאפען ווערען. א בילד פון א יונג מיידעל איז איהם אהן אויפהער געשטאנען פאר די אויגען. דאס מיידעל איז געווען די נייע גוווערנאנטע ביי דעם פריסטאוו, וועלכער וואוינט אויף דער אנדערער זייט גאס. פאר עטליכע טעג האט סערגיי זי געזעהן, זיצענדיג ביים אפענעם פענסטער, און ער האט עטליכע קושען ארויפגעווארפען צו איהר. זינט דענסמאל איז דאס מיידעל פערשוואונדען געווארען און ער האט זי נישט מעהר געזעהן. דא האט ער געטראכט און געטראכט די גאנצע נאכט און געזוכט עצות, ווי אזוי זיך מיט דעם מיידעל צו בעקענען, און ווי עס האט אנגעהויבען טאגען, איז אין איהם א גוטער געדאנק געבוירען געווארען: מארגען וועט ער עטליכע רובעל פון דער מוטערס קאסע נעהמען, און וועט דערפאר קויפען א קלייד, און וועט עס דעם פריילייך אוועקפיהרען, און דאס פריילייך וועט איהם דאן צונעהמען ווי א גוטען מלאך . . .

און אזוי איז ער אנטשלאפען געווארען . . .

*

זייט דענסמאל האבען די ביידע יונגע לייט זיך נישט מעהר בעגעגענט; „מטות" און „מסעי" זענען נישט מעהר געגאנגען צוזאמען — יעדער פון זיי איז געגאנגען בעזונדער זיין אייגענעם וועג.

איינער איז געגאַנגען העכער און העכער, באַרג אַרויף, דער צווייטער איז געגאַנגען נידעריגער און נידעריגער, באַרג אַראָב.

סערגיי איז אַרויס בשלום פון גימנאַזיום און אַריין בשלום אין אוני־ווערזיטעט, וואו ער האָט יוריספּרודענץ שטודירט. דאַן איז ער אַרויס גליק־ליך פון דער אוניווערזיטעט און איז געוואָרען אַ געהילף ביי אַנ׳אַדוואָקאַט, דאַן איז ער געוואָרען אַליין אַנ׳אַדוואָקאַט, און נאָך עטליכע יאָהר איז ער געוואָרען אַ ריכטער און צולעצט איז ער געוואָרען פּרעזידענט פון דעם אויבערען געריכטס־הויז. — אַזוי איז געבענטש פון גאָט איינער, וועלכער האָט זיך גוט און עהרליך געלערנט: פון שטאַפּעל צו שטאַפּעל שטייגט ער אַלעמאָל העכער, ביז ער קומט אין זיין רוה אַריין.

אין דערזעלביגער צייט איז אויך משה געגאַנגען זיין וועג. ווי ער איז אָנגעקומען צו דעם גימנאַזיום אין דער פּרעמדער שטאָדט, האָבען די לעה־רער בודק געווען זיינע פּאַפּיערען און האָבען זיך דערוואוסט, וואָס ער האָט געמאַכט. דאָ איז מען איהם אָנגעפאַלען, און די גאַנצע שטאָדט האָט דער־פון גערעדט, ווי אַ יודישער יונג האָט זיך געוואַגט פרעמדע אונטערשריפטען צו פעלשען, און מען האָט איהם געטריבען פון אָרט צו אָרט. נאָך איינמאָל האָט זיך דער יונגער מענש געפּרובט, אפשר וועט ער אָנקומען אין אַנ׳אַקאַ־דעמיע, וואו מען לערנט מאָלען; אָבער אויך דאָרט האָבען די לעהרער איהם נישט אָנגענומען און האָבען איהם גערופען חתימה־פעלשער. אַזוי איז משה געוואָרען אַנ׳אונטערשריפטען־פעלשער — צוערשט געגען זיין ווילען, און דאַן מיט׳ן אייגענעם ווילען. צוערשט האָט ער געזינדיגט בשוגג, דאַן במזיד. יעדער אָרענטליכער מענש האָט זיך פון איהם דערווייטערט און דערפאַר האָט אויך ער זיך דערווייטערט פון יעדען אָרענטליכען מענש. אַזוי איז ער געוואָרען אַ חבר פון יעדען פערברעכער און האָט נישט מעהר געפיהלט קיין געוויסענביסען אין זיך. אָנפאַנגס האָט ער קליינע פערברעכענס געט־הון, דאַן גרעסערע, ביז ער איז געוואָרען דער אויסוואורף פון מענשען. דאַן איז ער געוואָרען אַ סוחר, און קיינער האָט נישט קלאָר געוואוסט מיט וואָס ער האַנדעלט; דאַן איז ער געוואָרען זעהר רייך, און קיינער האָט נישט גע־וואוסט ווי אַזוי; ווי מען האָט אָנגעהויבען חוקר ודורש צו זיין, האָט עס זיך

ארויסגעוויזען, אז משה האָט נאָכגעמאַכט צעהנרובעלדיגע פּאַפּיערלעך און האָט מיט דעם פאַלשען געלד געהאַנדעלט.

אזוי איז דער יונגער מענש געגאַנגען נידעריגער און נידעריגער, באַרג אַראָב.

און איינער האָט דעם אַנדערען יאָהרען־לאַנג נישט געזעהן . . .

אָבער עס איז געקומען דער טאָג און דער בלאָנדער יונגער מענש מיט די רויטע באַקען און די בלויע אויגען האָט ווידער אמאָל דעם יונגענ־מאַן מיט דעם בלייכען געזיכט און די שווארצע האָר געזעהן — און נאָך דעם איינעם מאָל האָט ער איהם שוין קיינמאָל מעהר נישט געזעהן.

דער בלאָנדער איז געזעסען אַלס פּרעזידענט פון׳ם אויבערען געריכטס־הויז, און דער צווייטער איז געשטאַנען נעבען דער באַנק הינטער דעם אָב־געצוימטען אָרט. דאָ האָט דער בלאָנדער פון א פּאַפּיער, וועלכעס ער האָט אין דער האַנד געהאַלטען, מיט א הויכער שטימע די ווערטער געלייענט:

„לויט׳ן געזעץ פון זיין קייזערליכער מאַיעסטעט . . . משה שמולעוויטש לפּידות, פון יודישען גלויבען . . . זיבען און דרייסיג יאָהר אַלט . . . גע־מאַכט א מאַשינקע אויף נאָכצומאַכען צעהנרובעלדיגע פּאַפּיערלעך . . . זעקס יאָהר שווערע ארבייט אין סיביר . . . אַלע רעכט פערלוירען . . . "

און דער יונגערמאַן מיט דעם בלייכען פּנים האָט וואָרט פאַר וואָרט געהערט מיט זיין אייזערנער רוה און עס האָט זיך ביי איהם קיין מוסקול נישט גע־ריהרט. זייט דענסמאָל האָט איינער דעם אַנדערען נישט מעהר געזעהן; „מטות" און „מסעי" האָבען זיך פון דענסמאָל אָן אויף אייביג פונאַנדער־געשיידט . . .

# עכן אין וואַרשאַ

אזוי אָפּט ווי איך געה פאַרביי די סענאַטאָרען־גאַס און קום צום באַנק־פלאַץ און זעה דאָס גרויסע געמויערטע הויז, און אויף דעם הויז הענגט דער גרויסער שוואַרצער שילד, אויף וועלכען עס איז אויסגעקריצט מיט גרויסע גאָלדענע אותיות: „באַנק־הויז פון מאַקס פראַנק", קומט מיר אויפֿן געדאַנק די געשיכטע מיט עכנ'ען, דעם זוהן פון כרמי, דעם זוהן פון זבדי, און אַלע יענע שרעקליכע מעשיות, וועלכע מיר לייענען אין ספר יהושע. איהר געדענקט דאָך ווי עס שטעהט דאָרט געשריבען? — „און עכן דער זוהן פון כרמי, דער זוהן פון זבדי, דער זוהן פון זרח, וועלכער האָט געשטאַמט פון שבט יהודה, האָט גענומען פון חרם א. א. וו. און יהושע האָט געזאָגט צו עכנ'ען: מיין קינד! גיב־זשע אָב כבוד דעם גאָט פון ישראל און זיי זיך מודה און זאָג מיר, וואָס האָסטו געטהון, זאָלסט פאַר מיר נישט לייקענען גאָרנישט — און ווייטער אַזוי. און ער האָט געזאָגט: אמת, איך האָב געזינדיגט פאַר'ן גאָט פון ישראל און דאָס און דאָס. האָב איך געטהון, און געזעהן האָב איך אין דעם רויב אַ מאַנטעל פון שנער אַ גוטען, צוויי־הונדערט טאָלער זילבער און אַ שטיק גאָלד וואָס וועגט פופציג רענדלעך — האָב איך צו זיי געקריגען חשק און האָב זיי צוגענומען א. אַז. וו. האָט יהושע געזאָגט: וואָס האָסטו אונז פערדאָרבען? זאָל דיך גאָט פערדאַרבען אין דעם זעלביגען טאָג. און כל ישראל האָבען איהם פערשטיינערט און פער־ברענט אין פייער און אַרויפגעלעגט אויף איהם אַ גרויסען באַרג מיט שטיי־נער". זעהר אַ שרעקליכע מעשה, וואָס די האָר פון קאָפּ שטעלען זיך בשעת מען הערט זי — נישט אמת?

אָבער דער מענש, פון וועלכען איך רעד און וועלכען מען האָט געגע־בען אַ צונאָמען עכן, דער וואַרשעווער עכן, ער האָט נישט געטהון אַזאַ גרוי־סע און מורא'דיגע זינד, נאָר אַביסעל אַ קנאַפּערע. נישט אַ מאַנטעל פון שנער האָט ער גענומען, נישט קיין גוטען און נישט קיין שלעכטען, נישט

צוויוהונדערט טאַלער אין כנעניש געלד, אָדער אפילו אין רוסיש געלד; נישט קיין שטיק גאָלד וואָס וועגט פופציג רענדלעך אָדער אויך ווייניגער ווי פופציג, נישט צו קיין איינציגער פון די דאָזיגע אַלע זאַכען האָט איהם געכאַפּט דער חשק און נישט אַזעלכעס האָט ער צוגענומען. אויך איז דער־זעלבער מענש נישט געכאַפּט געוואָרען ביי דער גנבה און נישט אריין איז ער אין חרם און נישט האָט איהם כל ישראל פערשטיינערט און נישט קיין באַרג פון שטיינער האָט מען אויף איהם אַרויפגעלעגט — אומגעקעהרט, פון קליין איז דער מענש געוואָרען אַלע מאָל גרעסער און איז וואָס אַמאָל גע־וואַקסען אַלץ מעהר און מעהר, ביז ער איז געוואָרען זעהר גרויס און די גאַנ־צע שטאָדט, די גרויסע, האָט איהם זעהר בכבוד געהאַלטען, און אַנשטאָט זיי זאָלען אויף איהם אָנלעגען אַ גרויסען הויפען שטיינער, האָט ער זיך אַליין אויפגעשטעלט יענעם הויפען שטיינער אין דער פאָרם פון אַ גרויסאַר־טיגען פּאַלאַץ, וועלכען ער בעוווינט, און אין וועלכען ער טהוט פיעל פיעל טובות מיט יעדען געדריקטען און גיט פיעל פיעל נדבות פאַר יעדען אָרימען —און אָט דעם דאָזיגען גוטען און פיינעם מענש רופען אַ סך מענשען מיט'ן נאָמען עכן, פונקט ווי יענעם, וועלכער האָט פערבראָכען דעם פערברעך און האָט גענומען פונ'ם חרם . . .

און דער חרם, פון וועלכער דער מענש האָט גענומען, איז געווען אַ קליינער ,אַ גאָר גאָר קליינער, נאָך קנאַפּער גאָר פון אַ כזית, און איז ווי אַ שטיקעל מצה און הייסען הייסט עס — „אפיקומן” . . .

— אַ — הא, מיר ווייסען, מיר ווייסען שוין! — וועלען מאַנכע זיך טראַכטען אין הארצען. מן חסתם האָט דער דאָזיגער קליינערהייט אַרויס־געגנב'עט דעם אפיקומן פון אונטער דעם טאַטענס קישען, ווי דער שטייגער איז ביי יודען, און דאָס מיינט מען עס דעם חרם און דאָס איז עס דער פערברעך, וועלכען ער האָט פערבראָכען!

אַ טעות, מיינע הערךען, אַ טעות! און כדי אייך נישט צו לאָזען פער־פיהרען זיך, אייל איך מיך אייך צו זאָגען, אַז נישט אין ניסן, נאָר אין תשרי; נישט ביינאַכט, נאָר ביי טאָג און נישט אין דער צייט פון די „סד־רים”, נאָר אין דער צייט, ווען קיין שום סדר און קיין שום אָרדנונג איז

נישט פארהאן, אט דענסמאל האט דער מאן געטהון דאס, וואס ער האט געטהון האט גענומען פון חרם — דעם אפיקומן.

און היינט זעהען מיר דעם מאן, וועלכער האט פערשוועכט דאס הייליגע, טהוט ער לויטער גוטס אין שטאדט ווי קיין צווייטער נישט. די שטאדט פערמאגט נישט קיין גרעסערען בעל־צדקה און נישט פארהאן איז קיין גרעסערער טובה־טהוער פון איהם און איבערהויפט דערוועקט זיך זיין הארץ ווען ער הערט וועגען הונגער. ער קען, ווי עס ווייזט זיך אויס, דאס ווארט „הונגער" גארנישט הערען. און נאך עפעס: אט דער דאזיגער מאן, אויף וועלכען מען זאגט אין שטאדט, אז זיין פרומקייט איז עפעס נישט אזוי פויגעלדיג, און אז אויף די מצוות וואס בין אדם למקום איז ער עפעס נישט אזא שטארקער בעלן, און אנדערע זאגען אז אפילו אום פסח ווערט ביי איהם אין שטוב גענעסען סיי חמץ סיי מצה — אט דער דאזיגער, ווי עס קומט דער חודש ניסן, נעהמט ער אויף זיך אויסצוהאלטען די ארימע לייט פון זיין שטאדט מיט מצה, וויפיעל זיי זאלען נישט דארפען, און עס האט גאר ביי איהם קיין שיעור נישט, יעדערער בעקומט ביי איהם מצות, וויפיעל ער פערלאנגט. עס ווילט זיך אפטמאל גלויבען, אז אין דעם מענשען שטעקט עפעס א משוגעת, א מין מאניע בנוגע צו מצות, אזוי אז אן דער מצה הענגט זיין גאנץ לעבען און אז די מצוה פון מצה איז ביי איהם איינגערעכענט פאר א מצוה, וואס וועגט איבער אלע אנדערע מצוות און דורך דער מצוה גלויבט ער צו בעקומען אנ'אויסלייזונג פאר עפעס אנ'עבירה, וואס ער האט געטהון און מיט איהר מיינט ער צו דעקען אנ'אלטען חוב . . .

און אנדערע דערצעהלען גאר, אז ביי איהם אויפ'ן האלז הענגט א קמיע, וועלכע ער טהוט נישט אויס, נישט בייטאג, נישט בייגאכט, און אויסקוקען קוקט די דאזיגע קמיע אויס ווי א שטיקעל מצה — ווער ווייסט? אפשר איז דאס אויך אמת! דען ווירקליך איז דער דאזיגער מענש מחויב צו בענשען די מצה צו יעדער צייט, ווייל נאר צוליעב א שטיקעל מצה איז ער געגאנגען אלץ גרעסער און גרעסער, ביז ער איז געווארען דאס, וואס ער איז היינט . . .

אמאל מאכט זיך, אז א קליין רעדעל רודערט אויף א גאנצע וועלט,

אַמאָל יאָגט איין קליינער שטוים אַ מענשען צו זיין ציעל און אַמאָל ווידער טרעפט עס זיך, אַז איין רגע פון מענשענס לעבען ענדערט די גאַנצע ריכ־טונג פון זיין לעבען, און פון דער דאָזיגער רגע ווערט בעשלאָסען זיין מזל אויף זיין גאַנץ לעבען.

איין קליינער שטוים — און אַזאַ קליינעם שטוים האָט בעקומען אויך דער דאָזיגער רייכער מאַן בעת ער איז נאָך געווען אַ קליין יונגעלע, אין יענער צייט, ווען ער האָט נאָך געוואוינט ביי זיין מוטער דער אלמנה, אויף פראַגאַ, פון יענער זייט בריק, אַ צייט, אין וועלכער ער האָט געוואוסט פון געלד נאָר פון הערען רעדען און האָט אָנגעזעהען ברויט נאָר איינמאָל אין טאָג. זיין מוטער האָט דאַן געוואוינט אין אַ ענגען פינסטערען קעלער, ער־גענץ אין אַ פערוואָרפענעם הינטער־געסעל, און פיעל מאָל האָט זי נישט געהאַט צו בעצאָהלען דאָס דירה־געלד אפילו פאַר אַזאַ דירה אויך נישט און דער רזשאָנדצאַ פון הויז האָט זי געמוזט ארויסוואַרפען פון דאָרט. צום אָנהויב פלעגט די יודענע פּרובען אָוועקפיהרען איהר קליינעם מאיר'ן צו אַ מלמד, כדי ער זאָל לערנען אין חדר און זאָל וועניגסטענס זיין יוד. ווי אָבער זי האָט נישט געהאַט צו צאָהלען פאַר איהם און זעהענדיג, אַז דאָס יונגעל האָט נישט קיין גרוים השק צום לערנען און געהט אַרום לעדיג גאַנ־צע טעג, האָט זי אָבגעלאָזט דערפון — איז ער אַ „שייגעץ", זאָל ער אַליין פאַר זיך זאָרגען. זי האָט איהם געפּרובט געבען צו אַ בעל־מלאָכה; אָבער דאָס יונגעל איז אָוועקגעלאָפען פון מייסטער איינמאָל און צווייטאָל, דען עס איז איהם בעסער געפעלען געוואָרען אַרומצוגעהן פוסט און פּאַסט, און אַזוי איז ער געוואָרען אַ צעלאָזענער, געגאַנגען באָרוועס און נאַקעט און איז אַלעמאָל געווען הונגעריג און דורשטיג — ניין, דורשטיג איז ער קיינמאָל נישט געווען, ווייל וואַסער בעקומט מען אָהן געלד אויך, און נאָר הונגע־ריג איז ער געווען, שטענדיג הונגעריג, דען ברויט קריגט מען נישט אָהן געלד. אַמאָל פלעגט ער זוכען אַ שטיקעל ברויט ביי זיין מוטער אין שטוב און פלעגט געפינען, און אַמאָל ווידער פלעגט ער זוכען און נישט געפינען. וואָס אמת איז — די תורה פון הונגערן האָט דאָס יונגעל אויסגעלערנט ביז'ן גרונד, און מיט אַלע פּינטעלעך און מיט אַלע מפרשים. און טיילמאָל

ווען די מאמע זיינע פלעגט אויפשטעהן גאנץ פריה און אוועקגעהן אין שטאָדט אריין האנדלען און פערדיענען עפּעס אויף חיונה, פלעגט דאָס יונגעל ווארטען גאנץ געשמאק ביז נאָך האלבען טאָג און ער איז נישט אומגעדולדיג געוואָרען ווארטענדיג.

אָבער אויך די מלאָכה פון הונגערן איז נישט אזוי לייכט, און אָפּט טרעפט עס, אז אפילו איהרע בעסטע תלמידים האלטען נישט אויס די פּראָבע און ווארפען זי אוועק, ווייל עס קלעקט זיי נישט קיין געדולד. אָפּט האָט אויך דאָס יונגעל שוין מעהר נישט געהאט קיין געדולד צו ווארטען און די צייט איז איהם געוואָרען צו לאנג אביסעל; דאן האָט ער פערשאָל־טען דעם הונגער, צו וואָס איז ער גאָר בעשאפען געוואָרען. נישט גוט אז א מענש איז הונגעריג.

ערב שבת איז עס געווען, א טאָג פאר „שבת תשובה". די אלמנה איז אוועק איז שטאָדט אריין כמעט פארטאָגס נאָך, נאָכדעם ווי זי איז געווען אין ווייבער־שול הערען סליחות, און פון דארט איז זי אוועק מיט איהרע קאָשיקעס — און מאיר איז געבליבען אין שטוב און האָט געווארט. אַלע־מאָל איז ער ארויסגעגאנגען און איז ווידער אריינגעקומען, ארויס און אריין, און פּלוצלינג האָט ער דערפיהלט, אז עפּעס א שלעכטער מלאָך קומט און פייניגט איהם, דער מלאָך פון הונגער, און דאָס יונגעל האָט געשפּירט, ווי זיין מאָגען איז איהם זעהר לעדיג, אמת, אז נישט דאָס ערשטע מאָל האָט ער זיך אזוי געשפּירט, אמת, אז דאָס דאָזיגע האָט זיך מיט איהם געטראָפען אויך נעכטען און אייערנעכטען, אָבער דער, וואָס האָט ליעב זיין מלאָכה קומט זי אַלע טאָג אויס ניי ביי איהם!

אין אָנפאנג האָט ער זיך גאָרנישט געמאכט פונ'ם הונגער און האָט מיט ליפּען אויסגעפּייפט דעם „ויאתיו", וועלכען דער חזן האָט געזונגען דעם לעצטען ראש־השנה. אָבער דאָס פייפען פון די ליפּען איז געוואָרען וואָס אמאָל שוואכער און דאָס פייפען און בורטשען פון די לעדיגע קישקעס האָט זיך געלאָזט הערען וואָס אמאָל שטארקער און שטארקער. דאָס יונגעל האָט גענומען ארומלויפען אין צימער אהין און צוריק, האָט געזוכט אינ'ם שראנק און אינ'ם קופער, אין טישקעסטעל און אויף דער פּאָליצע, אפשר

וועט ער פאַרט וואָס געפינען, און האָט אָבער גאָרנישט געפונען. דאָ האָט ער דערזעהן אויף דער קיך אַ פולען טאָפּ, און ער איז צוגעלאָפען און האָט אריינגעשטעקט די האַנד און זי ווידער ארויסגענומען און ער האָט גענומען זי ארומלעקען, ווי אַ הונד — דאָס איז אָבער מעהר נישט געוועזען ווי אַבי־סעל שוואַרצע ציקאָריע, און דערפון האָט מען גאָרנישט. און דער הונגער וועקט אַלץ וואָס אמאָל שטאַרקער, וואָס אמאָל גרעסער! פעראומערט און טרויעריג זיצט ער און ער הערט זיך צו ווי דער זייגער געהט: איינס צוויי, צוויי־דריי, — און נישט ווילענדיג גיט ער אַ קוק פון וואַנען עס הערט זיך דער אָבקלאַנג. ער דערזעהט די וואַנד, און אין איהר אַ טשוואַק, אויף וועל־כען עס הענגט דער זייגער. און פּלוצלינג — אויף אַ שטיקעל ווייסען פאַדעם הענגט, צוגעבונדען צום זייגער, אַ שטיקעל טרוקענע מצה, גרויס ווי די העלפט פון אפיקומן . . .

און דאָ דערמאָהנט ער זיך, אַז אָט דאָס שטיקעל אפיקומן האָט זיין מאַמע בעהאַלטען אויף דעם דאָזיגען אָרט נאָך אין דעם לעצטען פּסח, אַזוי ווי דער מנהג איז ביי פרומע יודען, וואָס לאָזען יעדעס מאָל איבער אַ שטי־קעל פון אפיקומן און הענגען עס אויף אויף אַ אָנזעהענדיגען אָרט, עס זאָל דאָרט הענגען פון איין פּסח ביז צום צווייטען, פון דער צווייטער סדר־נאַכט ביז בדיקת חמץ.

דעם יונגעל איז ליכטיג געוואָרען אין די אויגען . . .

אָבער נאָר אויף אַ רגע. דען באַלד האָט ער בעקומען צוויי שווערע דאגות פאַר איינמאָל. ערשטענס: ווי וועט ער דערלאַנגען צום אפיקומן און ער איז דאָך נאָך גאָר אַזאַ קליינער און דער זייגער הענגט פיעל העכער פון איהם? אָבער דאָס אַליין וואָלט נאָך נישט אויסגעמאַכט, ווען נישט די צווייטע, טויזענדמאָל שווערערע דאגה: אָט דאָס שטיקעל מצה איז דאָך עפּעס הייליגס און מען מעג נאָר קוקען דערויף און נישט נהנה זיין דער־פון, און ווער ווייס, צי וועט ער נישט שטאַרבען באַלד ווי ער וועט זיך נאָר צוריהרען דערצו, און ווער ווייס, וואָס וועט נאָך זיין שפּעטער, און ווער ווייס . . .

דערווייל מאַטערט איהם דער הונגער און ער ווערט וואָס אמאָל שטאַר־

קער, וואָס אַמאָל גרעסער! פון דער רעכטער זייט שטעהט דער שטן — ניין, נישט נאָר פון דער רעכטער זייט, נאָר אויך פון דער לינקער, און פון פאָרענט און פון הינטען, און אין הארצען זיצט ער, דער שטן, און אין קאָפּ, און ער שרייט נישט אויף איהם, נאָר אדרבא, ער רעדט צו איהם מיט א ווייכער און א זיסער שטימע: „מאיר, מאיר! צו וואָס זאָלסטו זיין א בהמה? צו וואָס זאָלסטו שטארבען פון הונגער פאַר דער צייט, ווען דו האָסט א שטי־קעל עסענוואַרג פאַר די אויגען? אוי, מאיר, מאיר!״ . . .

און מאיר טראַכט ביי זיך: די מצה וועט ער נישט עסען, נאָר גלאָט אזוי, מיט דער האַנד וועט ער זי אָנגעהמען און מעהר נישט ווי מיט׳ן פינגער וועט ער זי אָנריהרען און דאַן באַלד אוועקלעגען צוריק אויף דעם אָרט, אזוי ווי זי איז געלעגען.

אָט דאָ נעהמט ער דעם טיש און רוקט איהם צו מיט דעם לעצטען כוח ביז צו דעם אָרט, וואו דער זייגער הענגט. ווי אָבער ער איז ארויפגעקראָכען אויפ׳ן טיש און זיך געשטעלט אויף איהם, האָט ער איינגעזעהן, אז ער איז אלץ נאָך צו קליין, אום צו דערלאַנגען ביז צו דער מצה. ער איז נאָכאמאָל אראָבגעקראָכען, האָט גענומען א שטוהל און האָט איהם אויפגעהויבען און ארויפגעשטעלט אויפ׳ן טיש ארויף. דערנאָך איז ער ארויף אויפ׳ן טיש, און פון טיש האָט ער ארויפגעקלעטערט אויפ׳ן שטוהל, און שטעהענדיג אויפ׳ן שטוהל, האָט ער מיט די פינגער דערלאַנגט ביז צו דעם שטיקעל מצה...

עפּעס ווי אַן׳עלעקטרישער שטראָם איז אריבער דורך זיינע גלידער אין דער מינוט, ווען ער האָט זיך צוגעריהרט צו דער מצה! אמת, ברויט האָט דאָס יונגעל געלערנט צו שעצען פון אייביג אָן, עפּעס א גרויסע, א וויכ־טיגע זאַך איז פון תמיד אָן אין זיינע אויגען געווען אלצדינג, וואָס איז בע־שאַפען געוואָרען אין געשטאַלט פון א לעבעל ברויט. אָבער דאָס מאָל, ווי ער איז אזוי געשטאַנען אויפ׳ן שטוהל איבער׳ן טיש און האָט געהאַלטען דאָס שטיקעל טרוקענע מצה אין זיינע פינגער, האָט איהם עפּעס א שטימע פון אינעווייניג א זאָג געטהון: זעה מאיר, אויב יעדער ביסען איז הייליג, איז דער דאָזיגער דאָ הייליג איבער אלע הייליגקייטען!

אָט ליגט דער גן־עדן פאַר זיינע אויגען, און ער קען אין איהם נישט

אריין ; אט ליגט אויסגעגאסען פאר איהם דאס הייליגע און געבענטשטע לאנד, און ער זעהט עס, און קען דערצו נישט צוקומען ! . . .

דאס יונגעל האט א גרויסען זיפץ געטהון — און איז אראב אויף דער ערד.

אבער דער שטן איז אויך אראב צוזאמען מיט איהם—און מאיר האט נישט קיין מנוחה און זיין תאוה ברענט אין איהם, פונקט ווי א פייער... „מאיר, מאיר ! צו וואס זאלסטו זיין ווי א פערד, ווי אנ'אייזעל, און צו וואס זאלסטו שטארבען פאר דער צייט און צו וואס זאלסטו אויסגעהן פאר הונ־גער ? איז דען דאס דאזיגע שטיקעל מצה אנדערש פון יעדען אנדערען עסענווארג, וואס איז פארהאן אויף דער וועלט ? ביזט הונגעריג, אט נעהם און עס !

צי איז ער הונגעריג . . . הונגעריג איז ער דוקא זעהר, און דעם אמת רעדענדיג, איז דאך דאס שטיקעל מצה נישט אנדערש אויף א האר פון יע־דען אנדערען עסענווארג, וואס איז פארהאן אויף דער וועלט, און וואס האט ער דא אזוי מורא צו האבען און צו אנטלויפען דערפאר ?

פלוצלינג דערמאהנט ער זיך אן זיין מאמען און אן דעם לעדערנעם פאסעק וועלכען זי האט, און אז זי איז גרייט צו יעדער צייט, איהם צו ממית'ן פאר אזא גרויסע עבריה . . .

אבער אין א מינוט ארום איז שוין ביי איהם דא גאר אנ'אנדערע מחשבה : ווארום ווער זאגט עס, אז דו וועסט בלייבען זיצען אין שטוב ? ווער וועט דיר צוהאלטען די פיס, אז דו זאלסט נישט קענען אנטלויפען ? נעהם און עס ! קריך ארויף אויפ'ן טיש און עס ,עס און ווער זאט, וויש אב די ליפען און — ויברח !

אין א מינוט ארום שטעהט שוין מאיר ווידער אויפ'ן שטוהל איבער'ן טיש, נעהמט מיט דער האנד דאס שטיקעל אפיקומן און קעהרט עס אהין און אהער, אמאל אזוי און אמאל אנדערש, און ער קען זיך גארנישט זאט געװנוג אנקוקען פון איהם. זיין מאגען ווערט אבער מיט'ן קוקען אליין נישט זאט. און פארט האט דאס יונגעל אלץ מורא זיך צוצוריהרען צו דעם הייליגען ביסען. דער דאזיגער ביסען איז הייליג, איז אבגעשיידט, איז פאר

גאַטס וועגען — און עפּעס אַ גוטער מלאך, וואָס איז געשלאָפן ביז יעצט אין אַ פֿערבאָרגען ווינקעלע פֿון זיין האַרץ, האָט זיך אויפגעכאַפּט און האָט איהם געשעפּטשעט אין אויער אַריין, אַז ווען ער טהוט עס, איז עס גלייך ווי ער וואָלט געהרגעט אַ מענשען. פּלוצלינג פֿערגעסט דאָס יונגעל גאָר אינגאַנצען אַלע חקירות און אַלע מחשבות און אַלע פּילאָזאָפּישע פּלפּולים, און איידער ער האָט נאָך צייט צו בעקלערען וואָס מיט איהם איז געשעהן און פאַרוואָס טהוט ער עס אַזוי, ליגט דאָס שטיקעל מצה שוין צווישען זיינע ליפּען. ער לעקט אַרום דעם שטויב, וואָס איז געדיכט אָנגעלעגט אויף דעם שטיקעל מצה. דער שטויב קריכט איהם אין מויל און לעגט זיך איהם אויף דער צונג און דאָס יונגעל ניסט דערפון און שפּייט אויס, וואָס ער האָט געלעקט. אַזוי — טראַכט ער זיך אין האַרצען — דאָס הייליגע איז אויך נישט קיין גרויסער מאַכל און האָט גאָרנישט אַזאַ וואַזשנעם טעם ! — דאָס שטיקעל מצה לאָזט ער אָבער פֿון די פֿינגער נישט אַרויס, און נישט וויסענדיג וואָס ער טהוט, שאָקעלט ער עס שטאַרק אַהין און צוריק און בלאָזט אַראָב דערפֿון דעם שטויב. אין דער דאָזיגער רגע קומט איהם אויף אַ נייער געדאַנק : עסען וועט ער עס נישט. ער וועט עס מעהר נישט ווי אַרומגריזשען מיט די צייהן, אַרום און אַרום, כדי עס צו מאַכען קיילעכדיג, ווייל עס איז מיט שפּיצען און נישט אַזוי קיילעכדיג, ווי עס געהער צו זיין . . .

ער עסט נישט די מצה, נאָר ער נעהמט און גריזשעט זי אַרום מיט זיינע צייהן פֿון איין עק ביז'ן אַנדערן — און דאָס אַלץ טהוט ער נאָר צוליב דעם וואָס זיין גוט האַרץ קען נישט זעהן ווי דאָס שטיקעל מצה קוקט נישט אויס גענוג שעהן. ער שטעלט זיך אָב אויף אַ רגע, און דאָ זעהט ער, אַז די מצה איז נאָך אַלץ נישט אַזוי, ווי עס בעדאַרף צו זיין. ער נעהמט זיך צוריק צו דער אַרבייט, אפשר וועט ער דאָך קענען מאַכען פֿון דער מצה אַזאַ רעדעל, ווי ער וויל, און אפשר וועט שוין יעצט אַרויסקומען די פאָרם גוט. וויפיעל פּילאָזאָפען האָבען שוין אָבער פֿערלוירען זייערע כוחות און זייערע יאָהרען, קלערענדיג אַלץ וועגען שטאָף און וועגען פאָרם, און האָבען נאָך אַלץ גאָרנישט אויסגעקלערט. די חקירה וועגען שטאָף און פאָרם איז אַ פּנים גאָרנישט אַזוי לייכט — און אויך אונזער קליינער פּילאָזאָף, ווי ער האָט

זיך אַזוי אָבגעמאַטערט צו שאַפען אַ שעהנע פאָרם, האָט ער דערווייל פער־געסען און האָט נישט בעמערקט, אַז דער שטאָף איז געוואָרען וואָס אַמאָל קנאַפּער און וואָס אַמאָל ווענינער. פון דעם גרויסען שטיק איז שוין מעהר נישט געבליבען ווי אַ קליין ברעקעל, און אויך דאָס דאָזיגע ווערט וואָס אַ רגע קלענער. דאָס יונגעל אָבער קען זיך אַלץ נאָך נישט בערוהיגען. די פּראַנצויזען זאָגען, אַז מיט'ן עסען קומט אויך דער אַפּעטיט, און אַזוי אויך מיט דעם פילאָזאָפירען קומט די לוסט צום פילאָזאָפירען. וויבאַלד דאָס יונגעל האָט נאָר אָנגעהויבען צו פילאָזאָפירען און צו חוקר'ן האָט ער שוין נישט אויפגעהערט, און ער האָט געקלעהרט און פילאָזאָפירט ביז'ן גרונד אריין. אויסגעגאַנגען נאַטירליך איז איהם אַזאַ סוף, ווי עס געהט אויס אַלע פילאָזאָפען און אַלע חוקרים: סיי פון שטאָף און סיי פון דער פאָרם איז גאָרנישט געבליבען, און געבליבען איז נאָר דער רעיון אַליין.

גאַנץ שטיל איז אין צימער און עס הערט זיך נישט מעהר ווי דער זייגער, ווי ער געהט — מיטאַמאָל האָט דאָס יונגעל זיך אַרומגעזעהן, וואָס ער האָט דאָ געטהון.

עס איז איהם מיטאַמאָל בעפאַלען אַ גרויסע טרויעריגקייט, און עפּעס האָט איהם אָנגעהויבען צו דריקען אין הארצען ווי נאָך קיינמאָל נישט. מיט גרויס קלעמעניש איז ער פאַמעליך אַראָב פון שטוהל אויפ'ן טיש, און פון טיש איז ער אַראָבגעקראָכען אויף דער ערד, און דאָס הארץ האָט איהם געקלאַפּט, ווי נאָך קיינמאָל נישט ביז יעצט.

פּלוצלינג ווערט איהם קלאָר, אַז ער איז בעגאַנגען נישט נאָר אַ גרויס פערברעכען, נישט נאָר אַזעלכעס, וואָס אפילו אַ גוי טהוט עס נישט, נאָר עס קומט איהם פאַר, אַז ער האָט געגנבעט און געגזל'ט און געהרגעט און גע־טהון אַלע עבירות, וואָס שטעהן אין דער תורה און וואָס שטעהן נישט אין דער תורה געשריבען. אין דער דאָזיגער מינוט דערמאָהנט ער זיך אָן דעם מאָן, וואָס וועגען איהם האָט ער פאַר צוויי יאָהרען געלערנט אין חדר, ווי אַזוי יענער האָט אויך אַזוי גענומען פון דעם חרם און האָט פערבראָכען אַ פערברעך, צוליעב וועלכען עס זענען אַלע יודען געשלאָגען געוואָרען אין דער מלחמה, און ווי אַזוי מען האָט איהם צום סוף פערוואָרפען מיט שטיינער

און איהם געטויט און ארויפגעלעגט אויף איהם א גרויסען בארג שטיינער. ער מאכט־צו די אויגען און זעהט דעם בארג, און דער בארג איז אזוי גרויס, אזוי גרויס, אזוי גרויס, און ער ווערט וואס אמאל גרעסער, אז דער שפיץ פון איהם דערגרייכט שוין ביז'ן הימעל אריין . . . ווי הייסט ער, יענער ? ווי איז געווען זיין נאמען ? און וואס מעהר ער מאטערט זיך, קען ער זיך אלץ נישט דערמאהנען — און גאר פלוצלינג האט ער זיך דער־מאהנט : עכן, האט ער געהייסען, און געווען איז ער דער זוהן פון כרמי...

אין דער זעלבער מינוט איז זיין מוטער אריינגעקומען אין צימער, צו־ריקקומענדיג פון שטאדט.

די יורענע דערזעהט דעם טיש נעבען דער וואנד און דער שטוהל אויף איהם, און זי קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען און אין דער זעלביגער רגע ווייסט זי שוין, וואס איהר זוהנדעל האט דא אבגעטהון : אויסגערוימט האט ער פון שטוב דאס, וואס איז הייליג, אויפגעגעסען האט ער דאס, וואס איז אבגעשיידט, פעראומריינינגט האט ער זיך, און גאט האט ער דערמיט געלעסטערט און דערצערנט. און נישט אין איינעם פון די געוועהנליכע טעג האט ער דאס אלץ געטהון, נאר אין איינעם פון די עשרת־ימי־תשובה, בין כסא־לעשור, צווישען ראש־השנה און יום־כפור. ווער ווייסט, וויפיעל קליינע קינדער עם וועלען יעצט שטארבען, און ווער ווייסט, צי עס וועט זיך נישט עפענען די ערד און וועט זי נישט איינשלינגען, פונקט ווי זי האט איינגעשלונגען קורח'ן מיט זיין געמיינדע, ווי עס שטעהט געשריבען אין דער הייליגער תורה ! . . .

אין דער ערשטער מינוט האט זי גארנישט געוואוסט, וואס זי זאל טהון. די ערשטע זאך איהרע איז געווען, צו נעהמען א שטיק האלץ, מיט וועלכען זי האט געשלאגען דעם זוהן איבער די פלייצעס וואס אמאל מעהר און וואס אמאל שטארקער. דאס יונגעל האט געשריגען און געמאכט גע־וואלדען און איז ארויסגעלאפען. נאכדעם האט זי געשווינד גענומען און איז אוועק צום רב, כדי איהם צו פרעגען : אפשר קען ער נאך מציל זיין,, אפשר קען ער נאך העלפען. —

דערוויילע איז דאס יונגעל ארומגעלאפען אהן ציעל און אהן צוועק,

געלאָפען איבער גאַסען און געלאָפען איבער פּלעצער, און האָט זיך נישט אָבגעשטעלט אויף אַ מינוט. אָט איז ער פאַר דער װייסעל און אַ רגע האָט ער זיך אָבגעשטעלט אויפ׳ן זאַמד, װאָס איז ביים ברעג פון טייך — און אויפ׳ן האַרצען איז איהם אַזוי שװער, פּונקט װי אַ גרויסער שטיין װאָלט איהם געלעגען. זאָל ער אַריינװאַרפען אין װאַסער אָט דעם דאָזיגען שטיין צוזאַמען מיט זיין האַרץ און מיט זיין קערפּער ? ער שטעהט אַזוי און קוקט זיך צו, װי די גרויסע בערלינקעס מיט האָלץ שװימען אויפ׳ן װאַסער און קליינע שיפלעך, צעבראָכענע און איבערגעקעהרטע מיט׳ן דעק אַרויף ליגען נאָהנט ביים ברעג און קוקען צו איהם אַרויף — ער װייסט נישט װאָס ער זעהט, און פּלוצלינג צעװיינט ער זיך אויפ׳ן קול, דערנאָך חאַפּט ער זיך אויף און לויפט װייטער. מיט איינמאָל דערשפּירט ער, זיינע באָרװעסע פיס זענען געשװאָלען און ער איז זעהר מיעד און דער קאָפּ דרעהט זיך איהם װי אַ מיהל . . .

װאוהין לויפט ער ? װאָס װעט זיין זיין סוף ? . . .

זיין סוף ? ? . . . אויף אַ רגע האָט זיך דאָס יונגעל אָבגעשטעלט און שװער אָבגעטעמט. עפּעס אַ נייע געפיהל, װאָס איז איהם אומבעקאַנט, איז איהם אַדורך דורכ׳ן האַרץ. איז דאָס נישט דאָס ערשטע מאָל, װאָס ער פרעגט זיך װעגען זיין תכלית און װעגען דעם, װאָס װעט אַרויסקומען פון איהם ?... און דער דאָזיגער געדאַנק האָט איהם שוין מעהר נישט אָבגעלאָזט.

אַמאָל מאַכט זיך, אַז אַ קליין רעדעל רודערט־אויף אַ גאַנצע װעלט, און אָפּטמאָל טרעפט עס, אַז איין רגע אין מענשענס לעבען ענדערט די גאַנצע ריכטונג פון זיין לעבען.

נאָך איין מחשבה קומט אַ צװייטע ; נאָך איין געדאַנק — אַ צװייטער, װער קען זעהען אָט יענע מחשבות ? װער קען זיי קאָנטראָלירען, אָט יענע אַלע געדאַנקען ? . . .

אין אַ װיילע אַרום האָט דאָס יונגעל שוין געװאוסט אויף ריכטיג, אַז ער האָט גאָרנישט געזינדיגט און איז קיין שום פערברעכען נישט בעגאַנ־גען דערמיט, װאָס ער האָט געגעסען די מצה, קיינער קען נישט האָבען קיין פּרעטענזיע צו דעם, װעלכער גנב׳עט כדי צו האָבען װאָס צו עסען. אין

א שעה שפּעטער איז שוין דאָס יונגעל דערגאַנגען מיט זיינע חקירות ביז צו דער גרויסער פראַגע וועגען „אַרבייט און קאַפּיטעל", וועגען רייך און אָרים, וועגען די אַלע בעקוועמליכקייטען, וואָס עס האָבען די רייכע און וועגען די אַלע צרות, וואָס עס ליידען די אָרימע. נאָך אַ שעה איז אַריבער, און דאָס יונגעל האָט אָנגעהויבען צו בעקלערען, וואָס הייסט אַרבייטען און וואָס הייסט אַרומגעהן לעדיג. מיט איינמאָל איז ער דערגאַנגען, אַז ער האָט ביז היינט זעהר געזינדיגט דערמיט, וואָס ער איז די גאַנגע צייט אַרומגעגאַנגען פּוסט און פּאַסט און האָט גאָרנישט געטהון. נאָר דערמיט וועט ער זיך אויסקויפען, ווען ער וועט נעהמען אויף זיך אַז פון היינטיגען טאָג אָן און ווייטער וועט ער שוין מעהר נישט רוהען און וועט נישט שלאָפען און נאָר טהון וועט ער און האָרעווען, אָהן אַ סוף און אָהן אַ תכלית, ביז עס וועט קומען די צייט אַז ער וועט ווערען רייך און האָבען פערמעגען . . .

פלוצלינג קומט ער אַרויף אויפ'ן רעיון, אַז אַלץ ווענדט זיך נאָר אָן מענשענס רצון און אָן זיין פעסטען כאַראַקטער, און אַז אַ מענש וויל, קען ער ווערען אפילו רייך און מאַכען אַ פערמעגען. —

אַ ווײַלע איז ער געבליבען שטעהן. די לעצטע זונענשטראַהלען האָבען אויסגעגאָסען אַ רויטליכען שיין אויף זיין געזיכט, און דער אָבשלאָג פון דעם שיין איז אַרויף אויף זיינע אויגען און אויף זיינע באַקען און אויף די ליפּען, וועלכע זענען געוואָרען רויט. דאָס יונגעל האָט זיך דאַן געגעבען אַ שבועה: נישט רוהען וועט ער און נישט אויפהערען צו האָרעוועז, ביז וואַנען ער וועט נישט ווערען זעהר רייך און וועט נישט מאַכען אַ פערמעגען און ביז וואַנען ער וועט נישט ווערען נאָר אַ גרויסער גביר, ווי די גרעסטע גבירים אין שטאָדט!

נאָכדעם האָט ער זיך געגעבען די צווייטע שבועה: אַז ער וועט זיין אַ רייכער, זאָל ער קיינמאָל נישט פערגעסען אָן זיין ברודער, דעם אָרימען, ווייל ער איז אויך „געוועזען" אַן'אָרימאַן, און ער וויים דעם אָרימאַנ'ס נשמה!

און נאָך אַ דריטעס: ווען ער וועט ווערען רייך און וועט האָבען אַ גרויס פערמעגען און וועט שפּילען אַ גרויסע ראָליע, זאָל ער נישט פערגע־

סען אָן דער מצה, וואָס דורך איהר איז ער פון דער פינסטער אַרויס צו ליכט, פון לעדיגגעהן צו אַרבייט און וואָס צוליעב איהר נאָר האָט ער „דערגרייכט" דאָס אַלץ!

די אויגען זענען איהם ליכטיג געוואָרען, און ער איז געוואָרען רוהיג. —

אין אָוועגט איז ער געקומען צו דער מוטער אַהיים און ער איז געווען זעהר פערמאַטערט, און די מוטער איז נישט מעהר געווען בייז און האָט איהם מעהר גאָרנישט געטהון. צי האָט דאָס דער רב געמאַכט? צי האָט ער עס זי בערוהיגט, נאָכדעם ווי זי האָט איהם געפרעגט? שטיל און ווייך האָט זי מאיר'ן געפרעגט, צי ער האָט שוין געדאַווענט מעריב אין שוהל, האָט איהם געגעבען צו מאַכען קידוש און האָט איהם דערלאַנגט עפּעס אַ ברעקעל פיש און אויך פלייש.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דאָס יונגעל נעלם געוואָרען און מען האָט איהם איז פּראַגאַ נישט געזעהן. אין איניגע טעג שפּעטער האָט די מוטער זיך דערוואוסט, אַז איהר מאיר „טהוט" ביי איינעם אַ שוסטער אויף פּראַנציסקאַנער גאַס.

נאָר דאָרט האָט ער נאָך אויך נישט געהאַט קיין רוה. פון שוסטער איז ער אַוועק און איז אַנגעקומען צו אַ שניידער. איז אַוועק פון שניידער און איז געוואָרען אַ געזעלען ביי אַ בעקער, און פון דער בעקעריי איז ער אויך אַוועק און איז געוואָרען אַ פערקויפער אין אַ מאַגאַזין פון פאַרטיגע מלבושים. דאָרט האָט ער געאַרבייט פון דער פריה ביז אין דער נאַכט אַריין און איז געווען אַן'אויסגעצייכענטער פערקויפער. זיין בעל־הבית האָט איהם ליעב געקריגען.

מיט איינמאָל איז מאיר פערשוואונדען געוואָרען, און חדשים לאַנג און יאָהרען האָט די מוטער פון איהם קיין שום ידיעה נישט געהאַט. ערשט אין אַ פּאָר יאָהר שפּעטער האָט די מוטער בעקומען פון איהם דאָס ערשטע געלד, וואָס ער האָט איהר געשיקט פון זעהר אַ וויטער שטאָדט, פון שיקאַגאָ אין אַמעריקאַ. דערנאָך האָט ער געשיקט אַלע חודש וואָס אַמאָל מעהר.

צוואַנציג יאָהר זענען אַריבער. אין ווארשאַ איז אַנגעקומען עפּעס איינער, וואָס קיינער האָט נישט געוואוסט, ווער ער איז און פון וואַנען ער

שטאמט, נאָר דאָס האָט מען געוואוסט, אז ער איז איינער פון די רייכסטע אין שטאָדט און אויך סענאטאָרען־גאַס האָט ער אַנ׳אייגען הויז און אויפ׳ן שילד, וואָס הענגט איבער זיינע פענסטער איז אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות: „באַנק־געשעפט פון מאַקס פראַנק".

צו די בעקאַנטע זיינע אָבער זאָגט ער: רופט מיך נישט פראַנק, רופט מיך „עכן"! און אַז עס איז איהם גוט אויפ׳ן הארצען, דערצעהלט ער די מעשה, וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט.

און דער מאַן האָט געהאַלטען וואָרט. ער איז רייך געוואָרען און האָט געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע, און אויך דעם אָרימאַן האָט ער נישט פערגעסען ביז היינטיגען טאָג...

און נאָך אַ דריטעס: אַנדערע זאָגען, אַז ער האָט אַ קמיע וואָס הענגט איהם אויפ׳ן האַלז און ער טהוט זי נישט אויס נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט, קוקען קוקט זי אויס, די קמיע, ווי אַ שטיקעל מצה.

אַ קליין שטיקעל מצה האָט געבראַכט אַ מענשען דערצו, אַז ער זאָל פון אַ קנעכט ווערען אַ פרייער מענש, פון אַ לעדיגעהער זאָל ער ווערען אַנ׳אַרבייטס־פלייסיגער און פון אָרימען שטאַנד זאָל ער צוקומען צו עשירות!

# געגעסען

א מעשה פון דריי, וואָס האָבען געגעסען.

נישט אין אַנ'איינפאַכען געוועהנליכען טאָג האָבען זיי געגעסען, נאָר אום יום־כפור; נישט בעהאַלטענערהייט, וואו קיינער זעהט נישט, נאָר עפענטליך, אין דער גרויסער שוהל, פאַר דעם גאַנצען עולם; און נישט עפּעס פּראָסטע גאַסענמענשען זענען עס געוועזען, וואָס קיינער קען זיי נישט און קיינער ווייסט זיי נישט, נאָר די גרעסטע חשובים, די אָנגעזעהענסטע, די גרעסטע ליַיט פון שטאָדט: דער רב און די ביידע דיינים — און פאַרט זענען זיי געבליבען אויך וויַיטער, נאָך דער מעשה פונ'ם עסען, די גרעסטע חשובים פון דער שטאָדט, און גאַנץ קהל האָט אויף זיי געקוקט, ווי מען קוקט אויף הייליגע . . .

עפּעס אַ מערקווירדיגע מעשה!

איך בין געוועזען דענסמאָל נאָך אַ קליין קינד און האָב נישט רעכט פערשטאַנען, וואָס עס טהוט זיך; אָבער געפיהלט האָב איך פאַרט שוין, אַז דאָ ווערט עפּעס אַ גרויסע זאַך געטהון.

יאָ, עס זענען דענסמאָל געווען ביטערע, פינסטערע טעג, ווי קיינמאָל נישט פריהער און קיינמאָל נישט דערנאָך. אַנ'אומגליק איז געווען פון הימעל געקומען — צום ערשטען מאָל איז עס געקומען — און גערופען האָט מען עס מיט דעם נאָמען: כאָליערא! . . .

פון וויַיטע לענדער, פון אזיען, איז זי געקומען צופאָהרען, און איז צו אונז, צו אונזער קליינעם שטעדטעל דערגאַנגען. אין דער גאַס האָט זי נעאַרבייט אונדערבאַרעמליך און אין די הייזער האָט זי געשטיקט אָהן אַנ־אויפהער. שטיל האָט זי זיך געשלעפּט דורך די נעכט און אומגעזעהן דעם העלען ליכטיגען טאָג. ווער קען צעהלען די טויטע, וועלכע זענען געפאַלען יענע טעג? ווער קען זיי אָנרופען ביי די נעמען און ווער ווייסט דעם חשבון פון די פרישע בערגלעך, פון די נייע קברים? . . .

איבערהויפט האָט די מגפה מעשים געארבייט אין דער יודישער גאַס. ווי די פליעגען זענען דאָרט געפאַלען יונג און אַלט, קליין און גרויס. עס איז נישט געווען קיין הויז, וואו עס זאָל נישט זיין כאָטש עטליכע טויטע.

אויבען, אין דעם דאַך־שטיבעל, איבער דער וואוינונג פון מיינע על־טערן, זענען געפאַלען אין איין טאָג ניין נפשות; אונטען, אין דער קעלער־שטוב אונטער אונז, איז געשטאָרבען אַ מאַמע מיט פיער קינדערלעך, און אין דעם הויז אַקעגען האָבען מיר געהערט די גאַנצע נאַכט קרעכצען און אינדערפריה האָבען מיר זיך דערוואוסט, אז עס איז דאָרט קיין איינציגער נישט געבליבען לעבען . . .

און די מתעסקים זענען אָבגעשטאַנען און די מקברים זענען מיעד גע־וואָרען און האָבען נישט מעהר געקענט די ארבייט בייקומען. ווי זאַמד זע־נען די טויטע געלעגען אויף דער ערד, אַ גוף נעבען אַ גוף, און קיינעם האָט עס נישט מעהר געאַהרט. וואָס האָט דענסמאָל שוין אַ מענש אויסגעמאַכט? ווער האָט דענסמאָל גאָר געקוקט דערויף?

און אַזוי איז אַוועק דער זומער, אַלעמאָל ווייטער, און דערנאָך זענען געקומען די הייליגע טעג, און נאָך זיי דער הייליגסטער טאָג פון אַלע, דער יום־כפור.

און דאָס איז דער טאָג, וועלכען איך וועל שוין קיינמאָל נישט פער־געסען אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבען, און ווען איך זאָל אפילו אַזוי אַלט ווערען ווי מתושלח!

אָט איז דער כל־נדרי . . .

פאַר'ן עמוד, ביים אָרון־קודש, שטעהט דאַסמאָל נישט דער חזן מיט צוויי חשוב'ע בעלי־בתים, ווי דער מנהג איז פון קדמונים, נאָר עס שטעהט דער רב מיט זיינע צוויי דיינים. ארום און ארום ברענען די ליכט, און ברענענדיג קנאַקען די פלאַמען פאַמעליך. דער עולם שטעהט צו דער וואַנד צו, איינגעהילט אין די טליתים און אין די ווייסע קיטלען. מיט ווייסע יאַר־מאָלקעס און ווייסע גאַרטלען; אויף די ווענד פליסען די שאָטענס אַהין און אַהער און שאָקלען זיך אָהן אַנ'אויפהער, און פיעל שטעהען און קוקען אָן די שאָטענס אויף די ווענד. זענען עס אפשר די טויטע, וועלכע זענען היינט,

וועלכע זענען נעכטען, וועלכע זענען עהערנעכטען געשטארבען? שאקלען זיי זיך דא אויף די וואנד? קענען זיי נישט איינרוהען אין זייערע קברים און זענען דא אהער געקומען? . . .

שטיל! דעם רב'ס קול הערט זיך איצט, און דערנאך דאס קול פון די דיינים — און דערנאך ציטערט עס ווי א קרעכץ דורך דעם גאנצען עולם.

און נאך דעם קרעכץ הערען זיך ווערטער. אה! מען זאגט: „על דעת המקום ועל דעת הקהל — מיט גאט'ס דעה און מיט קהל'ס דעה זענען מיר מתיר צו דאוונען איצט מיט אלע בעלי-עברה'ס צוזאמען!"

און איך הארך און הארך. צו וואס רעדט דאס דער רב אזעלכע רייד? וואו זענען דאס היינט פארהאנען בעלי-עברה-ניקעס? צו וואס דערמאהנט ער גאר היינט אזא ווארט? האט ער נישט מורא פאר דעם שטן היינט אזעל־כעס צו דערמאהנען, היינט אין אזא צייט, אין אזא ביטערער, אומגליקליכער פינסטערער צייט? . . .

און א מורא, א פינסטערע, וויסטע מורא פאלט אן אויף מיר פלוצ־לינג, און איך מיין, אז די זעלביגע מורא פאלט אן בזה הרגע אויף אלעמען, וואס זענען דא אין שוהל, אויף אלט און יונג . . .

און פלוצלינג דערזעה איך, ווי דער רב געהט ארויף אויף דעם בעלע־מער.

וועט ער היינט זאגען א דרשה? וויל ער דעם עולם טרייסטען און שטארקען? . . .

אבער איך הער, אז ער זאגט נישט קיין דרשה. עפעס נייעס איז עס, א נייער מנהג, וועלכער איז פריהער גארנישט בעקאנט געוועזן: ער שטעהט און איז מזכיר־נשמות אלע טויטע, וועלכע זענען געשטארבען אין דער לעצטער צייט, אין די לעצטע טעג. אך, גרויסע גאט! ווי לאנג איז די מאס פונ'ם דאזיגען צעטעל, ווי גרויס איז די צאהל פון די נעמען, וועלכע ער דערמאהנט איצט! די מינוטען שווינדען, א מינוט נאך א מינוט, און דער רב האלט נאך אלץ נישט ביים סוף. וועט גאר קיינמאל נישט אויפהערען די לאנגע רשימה? וועט שוין דאס אייביג, אייביג דויערען? . . .

און פלוצלינג פאלט מיר איין, אז דער רב וואלט טויזענדמאל גלייכער געטהון, ווען ער זאל אויסרעכענען די לעבעדיגע, וועלכע לעבען נאך — דען זיי זענען דאך שוין אזוי ווינציג, אזוי קנאפּ, אז אין א פּאר מינוט קען מען פערטיג זיין מיט זייער אויסרעכענען, וועהרענד די רשימה פון די געשטאָרבענע איז אזוי לאנג, אז זי נעהמט קיינמאל נישט קיין סוף.

און יענעם אָווענט וועל איך קיינמאל נישט פערגעסען, און דאָס דאָ־זיגע ווענען דענסמאל וועל וועל איך אייביג געדענקען! אך, עס איז דאָך גאָר קיין דאווענען נישט געווען, נאָר א קרעכץ, א גרויסער, לאנגער קרעכץ וואָס האָט זיך אַרויסגעריסען פון דער טיעפעניש פון הארץ, אום צו שטייגען ביז צו די וואָלקענס און דורכצולעכערען די הימלען! נאך קיינמאל נישט האָבען יודען געדאווענט מיט א מעהר צעבראָכען און צעריסען הארץ, נאך קיינמאל נישט האָבען געברענט הייסערע טרעהרען אין מענשעס אויגען...

אין יענער נאכט האָט קיינער נישט פערלאָזט די שוהל. נאך דעם דאווע־נען האָט מען געזאָגט שיר־היחוד, און נאך דעם שיר־היחוד האָט מען זיך גענומען צו תהלים־זאָגען, און נאך דעם תהלים צו משניות, און נאך דעם משניות־לערנען האָט מען זיך גענומען צו די אנדערע הייליגע ספרים.

איך שטעה ביינאכט אין שוהל און איך פיהל, ווי עס לאָזט זיך אראָב אויף מיר עפּעס ווי כמארעס, און א טומאַן לעגט זיך מיר אויף די אויגען און מאכט מיך בעטויבט. עס רוישט אין מיר עפּעס און איך ווייס נישט וואָס.

„ומלאכים יחפזון, וחיל ורעדה יאחזון — און מלאָכים פלאַטערען, און א שרעק און א ציטער כאַפּט אַלע אָן". פלוצלינג מיין איך, אז איך זעה זיי אַלעמען דורך די כמארעס און דורך דעם טומאַן, און די מלאָכים שטייגען אַרויף און אראָב, אַרויף און אראָב . . .

און צווישען זיי דערזעה איך פלוצלינג אויך דעם פינסטערען, דעם שווארצען מלאך. מיט די אויגען אָהן א צאָל, פון קאָפּ ביז צו די פיס איז ער פול מיט אויגען — אָך, די אויגען, די אויגען . . .

אין יענער נאכט האָט קיינער נישט פערלאָזט די שוהל — און פּאָרט האָבען אינדערפריה עטליכע געפעהלט פון קהל; זיי זענען געשטאָרבען אינ'ם

מנין. צווי זענען דענסמאָל בײנאַכט פּלוצלינג אַנידערגעפאַלען אין שוהל, צווישען דעם גאַנצען עולם, נאָך אײנגעהילט אין די טליתים מיט די קיטלען, אַזוי אַז זײ האָט שוין כמעט גאַרנישט געפעהלט אום אַריבערצופאָהרען פונ׳ם לעבען אין דעם טויט אַרײן . . .

און פון דער יודישער גאַס קומען אָן נאַכריכטען אין שוהל אַרײן, — נאַכריכטען ווי נאָך קײנמאָל נישט פריהער און קײנמאָל נישט דערנאָך. קײ־נער איז נישט נײגעריג, יעדער אײנציגער האָט מורא צו הערען יעדער אײ־נער האָט מורא צו וויסען וואָס עס טהוט זיך בײ איהם אין דער היים . . .

און יענע נאַכט וועל איך קײנמאָל נישט פערגעסען, און ווען איך זאָל לעבען אפילו אַזוי לאַנג ווי מתושלח! און פאַרט אָבער איז טויזענד מאָל פירכטערליכער געווען דער טאָג דערויף, דער יום־כפור . . .

פירכטערליך איז געווען דער דאָזיגער טאָג, און פירכטערליך אַלעס, וואָס איך האָב געזעהן און וואָס איך האָב געהערט אין יענעם טאָג.

און נאָך הײנט, ווען איך פערמאַך אויף אײן מינוט מײנע אויגען, זעה איך פאַר מיר יענע סצענע, וואָס איך האָב דענסמאָל געזעהן, און אָפטמאָל מײן איך, אַז איך שטעה נאָך יעצט אין דער שוהל דאָרט צווישען עולם . . .

אָט איז יום־כפור נאָכמיטאָג . . .

אויף דעם בעלעמער אין שוהל שטעהט דער רב מיט זײן הויכער גע־שטאַלט, און זײן קאָפּ האַלט ער האַלב פערריסען.

ליגט אַ בעהאַלטענער כשוף אין דעם פנים פון דעם דאָזיגען מענשען? איז עפּעס אַ בעזונדערע מאַכט אין זײן געשטאַלט פאַרהאַנען וועלכע ציהט־צו צו זיך יעדעס אויג?

אין דעם ווינקעל שטעהט דאָס יונגעלע — איך אַלײן בין עס — און זײנע אויגען זענען צו יענעם מענשען ווי צוגעקלעבט און ער קען זײ פון איהם ניש אַראָבנעהמען . . .

אמת, אַזאַ הדרת־פנים, אַזאַ שעהנקײט, אַזאַ ליכטיגע, געטליכע גע־שטאַלט האָב איך נאָך קײנמאָל נישט געזעהן! דער רב איז דאָך אַלט, אַנ׳־אַלטער גרײז־גרויער מאַן, אפשר אַכציג אָדער עטליכע־און־אַכציג יאָהר אַלט, און פאַרט איז זײן געשטאַלט אַזוי פּראַכטפול און אַזוי גלײך און הויך, אַז

ער גרייכט אריבער איבער יעדען אין גאנצען עולם. זיין באָרד איז ווייס, ווי זילבער ווייס, און נאָר די געדיכטע האָר פון זיין קאָפּ זענען ווייסער, ווייס ווי דער געפּאַלענער שניי. אויך זיין פּנים איז ווייס, אזוי אז מען קען עס קוים אָבשיידען פון זיין ווייסען קיטעל, און ווייס זענען דאָסמאָל אויך די ליפּען, און נאָר די אויגען, די גרויסע ברענענדיגע אויגען, זענען שוואַרץ, ווי א סאמעט — שוואַרץ, און זיי לייכטען און גלאַנצען, גאָרנישט ווי די אויגען פון אַן׳אַלטען מאַן.

פון מיין פריהסטער קינדהייט אָן בין איך געוועהנט געוואָרען דעם דאָזיגען מענשען צו עהרען און צו אַכטען, און נאָך א קינד זייענדיג האָב איך געוואוסט, אז דאָס איז א הייליגער געטליכער מאַן, א גאון־עולם, וואָס אַלעס וואַרט אויף זיינס א וואָרט און וואָס רבנים מופלגים פון דער גאַנצער וועלט קוקען איהם אין מויל אַריין. איך האָב אויך געוואוסט פון תמיד אָן, אז דאָס איז א גדול א מקיל, א גאון, וואָס זוכט צו אַלצדינג רק א היתר, און אז אַלע רבנים בויגען זיך פאַר איהם, און זיין וואָרט און זיין פּסק איז פאַר די גאַנצע וועלט תורת משה.

און אויך היינט זעה איך נאָך פאַר מיר די גאַנצע ערהאַבענע, פּירכטערליכע סצענע, פּונקט ווי איך האָב זי געזעהען אין יענעם טאָג בשעת איך בין געשטאַנען צווישען עולם אין דער שוהל!

אויף דעם בעלעמער שטעהט דער רב און זיינע ברענענדיגע שוואַרצע אויגען לייכטען און גלאַנצען אַרויס פון דעם ווייסען בלאַסען פּנים, וואָס איז איינגערינגעלט אין די ווייסע האָר מיט דער ווייסער באָרד. — מוסף איז שוין לאַנג אָבגעדאַווענט, און דער עולם שטעהט און שווייגט און וואַרט אויף דעם, וואָס דער געטליכער מאַן וועט רעדען. קיינער וואַגט זיך נישט אפילו דעם אָטעם הערענדיג צו ציהען.

און דער רב רעדט . . .

זיין שוואַך, ניעדריג קול ווערט וואָס א מאָל שטאַרקער, וואָס א מאָל העכער, ביז עס ווערט הויך און שטאַרק, ווי איך האָב עס נאָך קיינמאָל נישט געהערט ביי איהם. ער שטעהט און רעדט פון דער קדושה, פון דעם יום־טוב און פון דער כונה, וואָס דער נותן־התורה האָט דערביי געהאַט; ער רעדט פון לעבען און שטאַרבען און פון די לעבעדיגע און טויטע. איבער־

הויפט האָט ער לאַנג גערעדט פון די טויטע, און פון דער גרויסער מגפה, וואָס איז אַריינגעקראָכען ווי אַ רייסענדיגער שטראָם, פּלוצלינג, שרעקליך, פּירכטערליך, און זי רויבט און זאָגט נישט געווג, עסט און ווערט נישט זאַט, טרינקט און שטילט נישט איהר דורשט, — ווי לאַנג, ווי לאַנג־זשע נאָך ?

זיינע בלייכע באַקען רויטלען זיך ביסלעכווייז, זיינע בלויע ליפּען פּאַרבען זיך וואָל אַמאָל רויטלעכער, און פּלוצלינג הער איך ווי ער זאָגט: — „ובשעה שאָדם רואה יסורין באין עליו — און זעהט דער מענש, עס קומען אויף איהם יסורים, דאַן איז ער מחויב בודק צו זיין אין זיינע מעשים״ — און נישט נאָר בנוגע צו די מעשים צווישען זיך און גאָט, נאָר אַפילו בנוגע צו די מעשים צווישען זיך און זיין אייגען נפש; און נישט נאָר בנוגע צו די מעשים צווישען זיך און זיין נפש, אלא אפילו בנוגע צו די מעשים צווישען זיך און זיין אייגענעם גוף, צווישען זיך און זיין אייגען פלייש, צווישען זיך און זיין טעגליכען לעבען . . .

איך בין דענסמאָל געוועזען נאָך אַ קינד גאָר — אָבער איך געדענק, אַז ווי איך האָב דערהערט די דאָזיגע ווערטער, איז מיר פּלוצלינג געוואָרען קאַלט און וואַרם. איך האָב פּלוצלינג פערשטאַנען, איך האָב פּלוצלינג געפיהלט וואָס ער רעדט . . .

און ער שטעהט נאָך אַלץ און רעדט. ער רעדט פון דער ריינליכקייט, וואָס דערהאַלט דעם מענשענס לעבען, און פון דער שמוציגקייט, וואָס ברענגט אַוועק דעם מענשען פון דער וועלט; ער רעדט פון הונגער און דורשט, און אַז הונגער און דורשט זענען די שלעכטע מלאָכים, וועלכע ברענגען אַוועק דעם מענשען פון דער וועלט, בשעת עס קומט אַ מגפה בכדי צו טויטען און אומצוברענגען, אומצוברענגען און אויסצוראָטען . . .

און דאַן הער איך ווי ער זאָגט: „אין דער הייליגער גמרא שטעהט: „וחי בהם ולא שימות בהם — איז דער טייטש: לעבען זאָל מען דורך זיי, דורך די מצוות, אָבער נישט שטאַרבען דורך זיי!״ און ווידער זאָגען די הייליגע חכמים: „משום עת לעשות הפרו תורתך, אמאָל מאַכט זיך אַ צייט, אַז עס איז פּראָסט אַ מצוה אַ זאַך פון דער תורה מבטל צו זיין!״ — טייל־

מאָל איז פאַרהאַנען, אַז אַ מענש מעג צעשטערען תורה כולה, אבי דאַדורך צו דערהאַלטען אַ גאַנצע וועלט מיט לעבען! . . . "

איך שטעה און אַלע מיינע ביינער פלאַטערען אין מיר. — וואָס וויל דער רב דען האָבען? וואו אַהין ציעלען זיינע ווערטער? וועלכען פּונקט שטרעבט ער צו דערגרייכען? . . .

און פּלוצלינג הער איך אַ געוויין, און מיר ווערט אַזוי וואַרעם און אַזוי ווייך ביי דער נשמה. פאַרוואָס־זשע ווײנט ער? — פאַרוואָס־זשע ווײנט ער? . . .

און ווי איך שטעה דאָרט אין ווינקעלע, ציטערדיג און פלאַטערדיג, הויב איך אָן אַליין צו וויינען און די טרעהרען גיעסען זיך.

און נאָך הײנט, ווען איך פערמאַך די אויגען אויף איין מינוט, זעה איך איהם נאָך שטעהענדיג דאָרט אויבען אויפ'ן בעלעמער. איך זעה אויך, ווי ער שטרעקט אויס די האַנד און ווינקט צו די דיינים, און אויךביידע דיינים זעה איך ווי זיי געהען צו איהם אַרויף אויף דעם בעלעמער.

און אַלע דריי שטעהען זיי דאָרט אויף דעם בעלעמער, דער רב דער העכסטער פון אַלע, און ביידע דיינים, די ניעדריגערע פון איהם, איינער פון זיין רעכטער זייט און איינער פון זיין לינקער זייט.

וואָס עפּעס רוימט זיי איין דער רב איצט אין זייערע אויערען? פאַר־וואָס עפּעס איז זייער פּנים געוואָרען פּלוצלינג בלייך ווי קרייד?

און פּלוצלינג הער איך ווערטער און פערשטעה זיי נישט. די ווערטער גרייכען בלויז ביז צו די אויערען, און אין האַרץ אַריין דערלאַנגען זיי נישט. און פאָרט זענען די ווערטער אַזוי קלאָר און אַזוי דייטליך פון אַלע דריי מיילער אַרויסגעקומען!

און ווי אַ רייסענדיגער קרעכץ צוקט עס דורך דעם גאַנצען עולם, פון דעם בעלעמער ביז צו די פיער ווינקעלעך — און נאָך דעם קרעכץ הערען זיך ווערטער:

„על דעת המקום ועל דעת הקהל — מיט גאָטס דעה און מיט קהלס דעה זענען מיר מתיר צו עסען און צו טרינקען הײנט!" —

אַ פירכטערליכע שטילקייט, אַ טויט־שטילקייט הערשט אין דער גאַנ־צער שוהל. עס ריהרט זיך קיינער נישט. עס ציהט קיינער נישט. קיין אָטעם.

אינ'ם ווינקעל פון דער שוהל שטעה איך נאך אויף מיין ארט און איך הער דייטליך, ווי מיין הארץ קלאפט אין מיר: איינס, איינס און צוויי — און פלוצלינג פאלט אויף מיר אן א פינסטערע, פירכטערליכע מורא.

אויף די ווענד שווימען די שאטענס אהין און אהער — און איך זעה צווישען די שאטענס די טויטע, וואס זענען נעכטען און די וואס זענען עהערנעכטען און די וואס זענען פאר־עהערנעכטען געשטארבען: א גרויסע, שרעקליכע עדה . . .

און פלוצלינג פערשטעה איך קלאר און דייטליך, וואס דער רב פער־לאנגט דא פון אונז. דער רב פערלאנגט פון אונז, אז מיר זאלען עסען היינט; דער רב פערלאנגט, אז אידען זאלען עסען אום יום־כפור און זאלען נישט פאסטען — וועגען דער מגפה . . . וועגען דער מגפה . . . וועגען דער מגפה . . .

און איך שטעה און הויב פלוצלינג אן הויך און שטארק צו וויינען.

און וואונדערליך איז עס! נישט איך אליין שטעה דא אין דער שוהל און וויין, נאר פיעל, פיעל שטעהען און וויינען הויך און שטארק. אויך די דריי דארט אויף דעם בעלעמער שטעהען און וויינען, און דער העכסטער פון זיי שטעהט און וויינט, ווי א קליין קינד.

און ווי א קליין קינד בעט ער זיך, און זיינע ווערטער זענען אזוי ווייך, אזוי ווייך. טיילמאל נאר קומען די טרעהרען און שטיקען איהם די ווערטער איז האלז. — „עסען! געהט עסען! די צייט איז אזעלכע! עס מאכט זיך אמאל א צייט, אז עס איז פראסט א מצוה, א זאך פון דער תורה מבטל צו זיין! לעבען זאל מען דורך זיי, דורך די מצוות, אבער נישט שטארבען דורך זיי!"

אבער אין דער שוהל ריהרט זיך נישט קיינער פונ'ם ארט.

און ער שטעהט נאך אלץ און בעט זיך. ער זאגט, אז ער נעהמט אויף זיך די גרויסע עברה פון עסען אום יום־כפור; זיי אבער וועלען אלע ריין זיין פאר גאט, אהן איין עבירה, אהן א זינד.

אבער אין דער שוהל ריהרט זיך נישט קיינער פונ'ם ארט.

און פלוצלינג ענדערט זיך זיין קול. ער בעט זיך נישט מעהר, נאר ער בעפעהלט: „איך בין מתיר! איך! איך!" — ווי פיילען פליהען די

ווערטער, ווי דונערס שלאָגען זיי איין.

און דער עולם הערט — עס ריהרט זיך אָבער קיינער נישט פון׳ם אָרט.

און דאָ הויבט ער ווידער אָן מיט זיין ערשטען קול, ער בעט זיך און וויינט, ווי אַ קליין קינד: „וואָס האָט איהר זיך אַלע צעבונטעוועט געגען מיר? פאַרוואָס ווילט איהר דוקא טרייבען מיך ביז צו דעם נויטווענדיגס־טען? איז אייך ־דען ווענינ, וואָס איך האָב שוין אַלעס היינט איבערגעליטען פון אינדערפריה ביז יעצט?״ . . .

אויך די דיינים העלפען איהם אונטער און בעטען זיך ביי דעם עולם.

און פּלוצלינג איז דאָס פּנים פון דעם געטליכען מאַן נאָך בלייכער געוואָרען, ווי פריהער. טיעף זינקט זיין קאָפּ אַראָב אויף זיין ברוסט אַ מי־נוט לאַנג — און אַ קרעכץ, אַ טיעפער, האַרץ־צערייסענדער קרעכץ הערט זיך פון איין עק שוהל ביז צום אַנדערען עק, און נאָך דעם קרעכץ הערט זיך ווי אַ מורמלען: „גאָט׳ס ווילען איז עס״, זאָגט ער מיט אַ טרוקענער שטימע, און עס האָט אַ פּנים, ווי ער וואָלט רעדען צו זיך גאַר אַליין—„צוויי און אַכציג יאָהר בין איך אַלט און בין קיינמאָל נאָך נישט דערצו געבראַכט געוואָרען, אויף אַ דין עובר צו זיין בידיעה. אָבער אויך דאָס איז אַ דין, אַ מצוה איז עס, אַ תורה איז עס. ווי עס ווייזט זיך אויס, איז עס גאָט׳ס ווילען אַזוי, איך זאָל נישט שטאַרבען פריהער, ביז איך וועל נישט אויך אַזעלכעס מקיים זיין!״

און שטיל איז געווען אַ מינוט לאַנג, שטיל ווי אויף אַ בית־עלמין.

און פּלוצלינג הערט זיך די שטימע פון׳ם רב ווי ער רופט: שמש!״

און דער שמש געהט אַרויף, און דער רב רוימט איהם איין עפּעס אין אויער. דערנאָך רעדט ער זיך איבער שטילערהייט עפּעס אויך מיט די דיי־נים, די דיינים שאָקלען איהם צו מיט די קעפּ, ווי זיי וואָלטען מיט איהם מסכים זיין צו עפּעס. דערווייל איז דער שמש צוריקגעקומען פון׳ם רב׳ס וואוינונג אינ׳ם הויף פון דער שוהל און האָט מיטגעבראַכט אַ פלעשעל ווין און גלעזלעך מיט אַ פּאָר שטיקלעך לעקעך.

און ווען איך זאָל גרייז־גרוי אַלט ווערען, און ווען איך זאָל לעבען אַזוי לאַנג ווי מתושלח — יענעם טאָג און יענע ערהאבענע סצענע וועל איך קיינמאָל נישט פערגעסען מעהר. נאָך איצט, ווען איך פערמאַך מיינע אויגען

א מינוט לאנג, זעה איך זיי נאך פאר מיר: די דריי, וואס האבען געגעסען. דריי גרויסע, הייליגע מענער שטעהען אויף דעם בעלעמער אין שוהל און עסען אום יום־כפור פאר דעם גאנצען עולם.

אך, העלדען זענען זיי געווען . . . ווער קען ווסען, ווי שווער עס איז געווען די מלחמה אין דער טיעפעניש פון זייער הארץ? ווער קען וויסען, וואס זיי האבען דענסמאל איבערגעליטען אן איבערגעטראגען? . . .

„איהר האט עס דוקא פון מיר געוואלט — און איך האב עס געטהון", זאגט דער רב יעצט און זיין שטימע איז קלאר און פעסט און ציטערט נישט מעהרביים רעדען — גאט'ס נאמען זאל זיין געבענשט!"

און פיעל פונ'ם עולם עסען איצט, עסען און וויינען . . .

און גאנצע טייכען ליכט ברעכען זיך ארוים פון די דאזיגע עראינע־רונגען און גיסען און פלייצען און ציהען זיך אהער ביז צו דעם טישעל און ביז אויף דעם פאפיער, אויף וועלכען איך שרייב די דאזיגע מעשה . . .

*

נאך דריי קען איך, וואס האבען דענסמאל געגעסען.

אין דער זעלביגער שעה, וואס מיין אויג האט געזעהן אין שוהל יענע גרויסע און ערהאבענע סצענע, זענען דריי אנדערע מינים מענשען געזעסען אין א הויז פונקט אנטקעגען און האבען אויך געגעסען. די דריי זענען גע־ווען די דריי „משכילים" פון שטעדטעל: דער אקציזניק, דער לעהרער און דער אפטייקער. דאס פענסטער ביי זיי איז געווען ווייט אפען, און אויפ'ן טיש איז געשטאנען דער סאמאוואר, ווארעניעס און עטליכע גלעזלעך מיט רויט־וויין. די דריי האבען געשפיעלט פרעפעראנס.

אויך דריי, וואס האבען געגעסען!

# קאָפּערניקס גענגער

דער, פון וועמען איך וויל דערצעהלען, איז געווען א גענגער פון קאָפּערניק'ן און פון'ם קאָפּערניקאַנישען סיסטעם. —

און נישט עפּעס אין די פאַרצייטיגע דורות האָט ער געלעבט, נישט איז ער געווען איינער פון די לעצטע חסידים פון פּטאָלאָמעוס, נאָר א היינטיגער, אונזערס א צייטגענאָסע איז דער דאָזיגער וואונדערליכער אסטראָנאָם געווען: א בחור, א משכיל, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבען פערבראַכט אין טראַכטען, קלערען, גריבלען זיך, בדק'ענען און פאָרשען, ביז ער איז צום סוף געוואָרען דער גענגער פון קאָפּערניק'ן. גערופען האָט מען איהם זיינוויל חקרן. ווייסט איהר, וואָס א חקרן איז?

האָט איינער נאָך קיינמאָל נישט געברויכט פאַר זיך א קאָם און האָט נאָך קיינמאָל נישט געקוקט אין א שפּיגעל אריין, האַלט ער דעם קאָפּ צוריקגעבויגען און קוקט אַלעמאָל אין הימעל אריין, זיצט איהם דאָס היטעל אויפ'ן קאָפּ אַלעמאָל אין דער קרום און דער דאַשעק אויפ'ן אויער, איז ביי איהם דאָס מויל שטענדיג אויפגעריסען און פליעגען שפּאַצירען דאָרט אַריין און אַרוים, האָט ער א שטערען פול מיט קנייטשען און די נאָז איז אַלעמאָל אביסעל פייכטליך—איז דאָס די „הקדמה" צום גופא חקרן; ווען אָבער אזא פאַרשוין לערנט נאָך אביסעל „מורה נבוכים", „עיקרים", „חובות הלבבות" און דעם „ספר המדות לאַריסטו" און ווייסט אויסענווענינ אַלע פיינע שטיקלעך פון'ם אבן־עזרא און לייענט ידעם „הצופה" פון'ם „המגיד" און שרייבט א פּירוש אויפ'ן פסוק „או נשיש" און קען אביסעל חשבון, אביסעל אסטראָנאָמיע און אביסעל מאַטעמאַטיק — דאַן איז דער „חקרן" פערטיג אינגאַנצען.

אזא מין הקרן איז געווען זיינוויל —א בית־מדרש־בחור צווישען צוואַנציג אַנדערע בחורים, דענסמאָל ווען די השכלה איז אין פּוילען אַרויסגעקומען און האָט אָנגעהויבען איהר הערשאַפט פון'ם שטעדטעל פלאָנסק.

גאַנצע טעג האָט דער בחור נישט עפּעס אַנדערש געטהון, ווי נאָר גע'

חקר'ענט. שוין אַלס קליין אינגעלע האָט ער אַרויסגעוויזען אַ נייגונג צו דער אַסטראָנאָמיע; זעהענדיג בייטאָג די זון און ביינאַכט די לבנה, איז איהם נישט מעהר אַרוים פון זין די פראַגע: ווער פון דיביידע איז וויכטיגער פאַר דער וועלט ?—און נאַטירליך איז ער צום סוף געקומען צו דעם קלוגען שלוס, אַז וויכטיגער איז די לבנה, דען זי לייכט דאָך ביינאַכט, ווען עס איז פינסטער און איהר ליכט קומט אונז צונוץ, ווערהענד די זון לייכט נאָר בייטאָג, דענסמאָל, ווען עס איז סיי־ווי־סיי ליכטיג און מיר ברויכען גאָרנישט איהר ליכט. — און עטליכע יאָהר שפּעטער, ווען ער איז געווען אַ יונגעל פון אַ יאָהר צעהן, צוועלף האָט ער ווידער געוויזען, אַז ער האָט אַ גאַנץ בעזונ־דערע נייגונג צו חשבון. ווען דער רבי פלעגט איהם שלאָגען מיט'ן קאַנטשיק, איז ער געלעגען און עס זענען איהם גאָרנישט אַנגעגאַנגען די שמיץ אַלס שמיץ, נאָר אַנגעגאַנגען איז איהם בלויז דער חשבון; און אַזוי האָט ער זיך געפּלעגט בשעת מעשה צו טראַכטען: דער קאַנטשיק האָט פינף לאַקשען און זעקס מאָל אין אַ מינוט האָט מען איהם געשמיסען מיט איהם — דאָס מאַכט דרייסיג אין דער מינוט; ווען מען זאָל איהם אַזוי שמייסען אַ גאַנצע שעה אָהן אויפהער — וועט דאָס זיין טויזענד אַכט הונדערט: ווען אַ גאַנצען מעת־לעת אָהן אויפהער — דאַן וועט דאָס זיין אַזוי פיעל ווי דריי־און־פערציג טויזענד מיט צוויי הונדערט, און ווען אַ גאַנץ יאָהר כסדר אָהן אונטערברעכונג, דאַן וועט אויסקומען פופצעהן מיליאָנען זיעבען מאָל הונ־דערט און אַכט־און־זעכציג טויזענד, און ווען דאָס יאָהר וועט גראָד זיין אַן עיבור־יאָהר, דאַן נאַטירליך וועט נאָך אַ רעכט ביסעל צוקומען צום דאָזי־גען חשבון . . . אָט דאָס איז געווען זיינוויל: נאָר הקירה'נען, נאָר גריבלען זיך, נאָר חשבונ'ען און ציפערן צוזאַמענשטעלען, ווערהענד אַלעס אַנדערע איז איהם געווען בלויז אַ נעבענזאַך.

אַזוי איז ער אויפגעוואַקסען.

און דאַן איז זיינוויל געוואָרען אַ משכיל און האָט געלערנט פּויליש און האָט געקענט אַלע גראַמאַטיקען, וואָס אַ מענש האָט נאָר אָנגעשריבען אין דער דאָזיגער שפּראַך — און נאָר פּויליש, פּויליש בעצם, האָט ער נישט געקענט. אָבער זיין עיקר־זאַך, די חקירה, איז איהם געבליבען און האָט

איהם נישט פערלאָזען, נישט אין זומער און נישט אין ווינטער. דאַן האָט ער געקריגען אַלעמאָל עפּעס אַן עסק צו דעם משומד אין שטעדטעל און צום גלח, און האָט אַלעמאָל געהאַט מיט זיי עפּעס אַ ויכוח. אַמאָל איבער שטיינער און ביינער, אַמאָל וועגען דער קריסטליכער רעליגיע אַמאָל וועגען דער וועלט, וועלכע איז אַ „קדמון" לויט אַריסטו, אַמאָל וועגען דעם „חומר ההיו־לי", דעם אור־שטאָף, אַמאָל וועגען ישעיה קאַפּיטעל נ"ג, און דער גלח האָט געטענה'ט, אַז דאָס מיינט מען קריסטוס און ער האָט זיך הייזעריג געשריי־גען, אַז אדרבא פּונקט פערקעהרט, דאָס מיינט מען דוקא נישט קריסטוס. און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער. — דענסמאָל איז ער געוואָהר געוואָרען אויך דערפון, אַז עס איז עפּעס פאַרהאַן אַ וועלט, וועלכע מען רופט אַמערי־קאַ און פון וועלכער דאָס גאָלד קומט, און דאַ האָט ער טאָג און נאַכט שוין געקלערט נאָר וועגען דעם דאָזיגען לאַנד. איינמאָל ביינאַכט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און איז אַרומגעגאַנגען אַרויף און אַראָב אינ'ם צימער און האָט זיך גאָרנישט געקענט בערוהיגען: קלאָר, אַז די גאַנצע מעשה מוז זיין אַ לי־גען, אַמעריקאַ, איז זיכער אַנ'אויסגעטראַכטע זאַך, פּונקט אַזוי ווי איוב, למשל איז אַנ'אויסגעטראַכטע זאַך. פּלוצלינג אָבער איז איהם געקומען אין זין אַריין, אַז אויף דער לעצטער זייט פון זיין „המגיד" זענען פאַרהאַן מו־דעות וועגען עגונות, וואָס זייערע מענער זענען אַוועק נאָך אַמעריקאַ — און אויב אַזוי איז דאָך ווידער קלאָר, אַז אַמעריקאַ איז יאָ פאַרהאַן.

אַזוי איז געוועזען זיינוויל חקרן.

צו יענער צייט איז איהם אָנגעקומען דאָס גרויסע נייעס וועגען עפּעס איינעם קאָפּערניקוס, וועלכער האָט אַ נייע הימעל־סיסטעם צונויפגעשטעלט און די דאָזיגע מעשה האָט איהם אויפגערודערט אַלע זיינע מוחות. גראָד איז איהם דענסמאָל אויך דאָס אַלטע אַסטראָנאָמישע ספר „צורת הארץ" פון ר' אברהם בר' חייא הספרדי געקומען אין די האַנד אַריין — אַ ספר מיט געל געוואָרענע בלעטער און געבונדען אין חזירלעדער, און דער מוח האָט זיך איהם אינגאַנצען פערדרעהט.

פון יענער צייט אָן איז ער אַרומגעגאַנגען פערחוש'ט און האָט צו קיין מענשען קיין וואָרט נישט גערעדט.

דעם קאָפּ טיעף איינגעבויגען, די אויגען צו דער ערד, דאָס שפּיעגעל

רינענדיג פון מויל, אַלעמאַל רעדענדיג צו זיך אַליין, אַזוי איז ער אַרומגע־גאַנגען גאַנצע טעג און האַלבע נעכט, עפּעס בעזונדערעס איז אין איהם פאַרגעקומען. פּלוצלינג איז ער פערשוואונדען געוואָרען אויף עטליכע וואָ־כען, און עס האָט איהם קיין מענש נישט געזעהן; ער האָט זיך געהאַט אויף זעקס וואָכען לאַנג איינגעשלאָסען אין זיין שטיבעל. דאַן האָט ער זיך ווידער געוויזען און ער איז געווען הונדערטמאָל צערודערטער ווי פריהער. ער האָט ווייטער געשוויגען און נאָר די שוואַרצע אויגען האָבען מורא׳דיג געגלאַנצט, און אָפּט נאָר האָט מען געקענט הערען ווי ער זאָגט צו זיך: „ער האָט זיך פּעררעכענט!״... און קיינער האָט נישט געוואוסט, וועגען וועמען רעדט ער. — פּלוצלינג האָט ער זיך ווידער איינגעשלאָסען און האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט. דאָס איז געווען אַ גרויסע אַרבייט, וועלכע פּער־לאַנגט פיעל חקירה און אַ גרויסע רוהיגקייט.

און ווי ער איז פון זיין בעהעלטעניש ווידער אַרויסגעקומען, האָט זיין פּנים געלויכטען און די הענד האָבען געאַרבייט אין דער לופט און דאָס מויל האָט זיך אויף קיין מינוט נישט פּערמאַכט — ער האָט אַלעמען דערצעהלט, גרויסע און קליינע, בעקאַנטע און פרעמדע, אַז ער האָט ענט־דעקט עפּעס אַ נייעס, וועלכעס וועט די גאַנצע וועלט איבעראַנדערשען.

„קאָפּערניק האָט זיך פּעררעכענט!...״

— די ערד שטעהט, די זון דרעהט זיך, אַזוי איז עס געווען פון תמיד אָן, זינט די „גלגלים״ האָבען זיך אָנגעהויבען, ביז אויפ׳ן היינטיגען טאָג, און אַזוי וועט עס בלייבען אייביג.

די מענשען האָבען איהם אָנגעקוקט און האָבען געשאָקעלט מיט די קעפּ.

און זיינוויל האָט אַרומגעטראָגען מיט זיך אַ העברעאישען מאַנוסקריפּט, אַ ספר פון עטליכע הונדערט עמודים, וועלכע ער האָט אָנגעשריבען, און האָט יעדען דערפון פאַרגעלייענט; נאַטירליך איז יעדעס וואָרט געווען טיעף, אַז קיין מענש האָט עס נישט פּערשטאַנען. — „יעדער כוכב, ווען ער איז נאָהנט צום קוטב, איז דער שטריך פון זיין צירקעל, וועלכען ער צירקעלט אַרום אַנטקעגען, קלענער פון דעם שטריך פונ׳ם כוכב׳ס צירקעל, וועלכער איז ווייט פון קוטב, און דער שטריך פון צירקעל איז מוסיף אין דער לענג

בערך אַ הוספה פון דער ווייט פונ'ם כוכב צום קוטב . . ." אפשר ניין ? — „ווען דער כוכב וועט זיין אויף דער נקודה, וואָס איז אַנטקעגען דעם מרכז פונ'ם כידור, וועט ער אויסווייזען אַ גרויס ווייטקייט ווייט פון דער ערד, און די נקודה, די דאָזיגע, וועט זיין די אויבערשטער הויך פונ'ם כוכב; און ווען ער וועט זיין אויף דער נקודה, וואָס איז אַנטקעגען דעם מרכז פון דער ערד, וועט ער אַוים ווייזען נאָהענט צו דער ערד און די נקודה, די דאָזיגע, איז די נידעריקייט; און ווען דער כוכב אין דער דאָזיגע געשטאַלט קרייזט זיך פון דער נקודה פון זיין אויבערשטער הויך ביז דער נקודה פון זיין נידריגער הויכקייט, וועט זיין מהלך זיין ווענינגער פון זיין גלייכען מהלך, ביז ער וועט צוקומען צו דער מיטעלער ווייטקייט צווישען דער הויך און צווישען דער נידעריגקייט . . . " אפשר ניין? — „דאָס אָרט, וואָס איז טיעף אין צפון ביז צו דער ווייטקייט פון ס"ט חלקים מיט אַ האַלבען, וועט זיין דער מזל סרטן און דער מזל תאומים, אייביג זיכטבאַר אויף דער ערד און עס וועלען בלייבען אַכט מזלות אויפצושטייגען אויף דער ערד און אונטערצוגעהן אונטער איהר, און עס וועט זיין פיער פון זיי דלי און דגים און טלה און שור, וואָס שטייגען אויף צעשפרייט" . . . אפשר ניין? — „די קדמונים האָבען געמיינט אַז זיי זענען אונטער דעם כידור החמה און האָבען מסדר געווען די כוכבי־לכת אויפ'ן סדר פון שבתי, צדק, מאדים, חמה, נוגה, כוכב, לבנה, און דער סימן איז געווען שצ"ם חנכ"ל, זענען אָבער געקומען אַנדערע, וואָס האָבען מיט זייער כידור אַנ'אַנדערע סברה געהאַט און האָבען מסדר געווען שצ"ם נחכ"ל". . . אפשר ניין ? — „און אויף וועמען עס איז ראוי זיך צו פערלאָזען פון זייערע ווערטער איז די דעה פון איפרכש און פטאָלאָמעאוס, וועלכע זאָגען, אַז די שנת החמה איז שס"ה ווענינגער אַ פערטעל טאָג מיט זעקס שעה, ווענינגער פון אַכט און צוואַנציג אין דער שעה, וואָס איז איין חלק פון דרייהונדערט אין טאָג, און ער איז ראוי געווען זיך אויף איהם צו פערלאָזען, ווייל ער איז יוצא לויט די דעה פון זיין רבי'ן ז"ל דעם סוד פון עיבור, סיי די דאָזיגע דעה אין די טעג פון יאָהר און סיי די די דעה פון ר' אדא בר אהבה" . . . אפשר ניין ? — „דער שטריך, וועלכער געהט אַרוים פונ'ם מרכז פון דער ערד צום מרכז פונ'ם גלגל פון דער אומקרייזונג, פיהרט דעם מרכז פונ'ם גלגל אויף די קרומקייט פונ'ם גלגל, וועל־

בער צירקעלט אַרום פון מערב קיין מזרח, וועט צוליעב דעם זיין דער גלגל פון דער אומקרייזונג פאָהרענדיג פאַר'ן מזרח, און דער צפון, וועלכער נייגט זיך אַרומקרייזענדיג אויפ'ן גלייכען ראָד, פיהרט דעם קאָפּ פון דלי און זיין עק אויפ'ן ראָד צו דרום־זייט" . . . אפשר ניין ?

איז דאָך קלאָר — קאָפּערגיק האָט זיך פעררעכענט ! — —

און נאָך עפּעס אַ בעוויז פון'ם פּראַקטישען לעבען האָט ער פאַר זיך געפונען : — וואַרפט עמיצער זיין הוט אין דער הויך, פאַלט דער הוט אַלע־מאָל צוריק אויף דעם אייגענעם אָרט, פון וואַנען מען האָט איהם געוואָרפען, און ווען די ערד וואָלט זיך האָבען אינצווישען ווירקליך געדרעהט, וואָלט דאָך דער הוט מוזען פאַלען פיעל ווייטער פון יענעם אָרט — איז אַלזאָ קלאָר, אַז די ערד שטעהט אַלעמאָל שטיל.

אויך דער גלח אין דער שטאָדט האָט געהערט דערפון, אַז זיינווייל חקרן האָט געשריבען אַ ספר וועגען קאָפּערניק'ן מיט זיין סיסטעם, און דאָס ערשטע מאָל, ווען ער האָט איהם געזעהן, האָט ער איהם אַ פרעג געגעבען :

— קענען זיי דאָס בוך פון רהעטיקוס וועגען דעם קאָפּערניקאַנישען סיסטעם ? — איך מיין דאָס בוך : „נאַרראַציאָ פּרימאַ דע ליברים רעוואָלוציאָנום קאָפּערניצי".

— וואָס געהט מיך דאָס דאָזיגע בוך אָן ? — האָט זיינווייל געענטפערט מיט אַ קוק פון אויבען אַראָב.

— און דאָך, מיין זוהן, וואָלט איך אייך ראַטען, זיך צו אַזאַ אַרבייט נישט צו נעהמען, אַזוי לאַנג ווי איהר האָט די נויטווענדיגסטע ביכער, וועל־כע געהערען דערצו, נישט שטודירט. זעהט איהר, עס געפינט זיך ביי מיר קאָפּערניקס הויפּט־בוך אַליין, דאָס בוך „דע אָרביום צעלעסטיום רעוואָלוציאָ־ניבוס" — איך מיין די : „אַסטראָנאָמיאַ רעסטאַוראַטאַ" — עס איז אַ ליטעראַרישע זעלטענהייט : די אויסגאַבע פון 1543 — און זעהט איהר, ווען איך וואָלט וויסען, אַז איהר לייענט לאַטיין, וואָלט איך אייך דורכויס דאָס דאָזיגע בוך געהייסען לעזען.

— וואָס געהט מיך דאָס דאָזיגע בוך אָן ?— איך וויל צו קאָפּערניק'ן אַליין . . .

דער פריינדליכער מאַן איז דערשראָקען געבליבען. ער האָט ערשט יעצט

אַנגעהויבען זיך אַרומצוקוקען און צו פערשטעהן, וואָס פאַר אַ מענש עס שטעהט דאָ פאַר איהם. ער איז עטליכע מאָל אין צימער אַרויף און אַראָב געגאַנגען. פּלוצלינג האָט ער זיך אָבגעשטעלט און האָט אַ פרעג געגעבען:

— און וואָס אייגענטליך, מיין זוהן, האָט איהר צו קאָפּערניק׳ן?

— איך האָב שוין צו איהם וואָס. איך מוז נאָך ווארשא פאָהרען און מוז איהם זעהן און מוז מיט איהם רעדען און מוז מיך מיט איהם מתוכח זיין און מוז איהם אויפווייזען, אַז ער האָט זיך פעררעכענט . . .

דער גלח האָט יעצט פאָלקאָם פערשטאַנען.

און דער גלח האָט דעם חקרן מיטגעגעבען אַן׳עמפּפעהלונגס־בריעף צו זיינעם אַ בעקאַנטען, אַ בעוואוסטען דאָקטאָר אין ווארשא, און דעם בחור האָט ער אָנגעזאָגט, אַז זאָפאָרט, ווי ער וועט אָנקומען קיין ווארשא, זאָל ער אַהינגעהן צו דעם געלעהרטען דאָקטאָר און זאָל קיין טאָג נישט פערליערען . . .

אין עטליכע טעג אַרום איז זיינוויל שוין געווען אין ווארשא, מיט זיין מאַנוסקריפּט אין דער טאַש. דעם ערשטען בעסטען, וועלכען ער האָט געטראָפען, האָט ער געפרעגט: ווי געהט מען דאָ צו קאָפּערניק׳ן? — און ער האָט בעקומען דעם ענטפער: קאָפּערניק געפינט זיך אין דער „קראָקעווער פאָרשטאָדט״, פאַר׳ן ערשטען גימנאַזיום.

די זון איז אויפגעגאַנגען, ווען זיינוויל איז געשטאַנען פאַר׳ן ערשטען גימנאַזיום אין דער „קראָקעווער פאָרשטאָדט״ קעגען דעם דענקמאָל פון ני־קאָליי קאָפּערניק . . . פון שטיין געמאַכט זיצט אַ מענש און האַלט דעם קאָפּ אָביסעל איינגעבויגען; אין איין האַנד טראָגט ער אַ דראָהטענעם וועלט־קוגעל און אין דער אַנדערער אַ צירקעל. אונטען, אַרום דעם שטיין, איז אַ פּיערקאַנטיגער פּאַרקאַן מיט פיער לאָמפּען פון אַלע פיער זייטען און מיט אַכט בוימעלעך אַרום. אויבען אויפ׳ן שטיין פון איין זייט איז אין גאָלדענע בוכשטאַבען אויסגעקריצט אויף פּויליש: „מיקאָלאַיאָווי קאָפּערניקאָווי — ראַדאַצי״; און פון דער אַנדערער זייט אויף לאַטיין: „ניקאָלאַאָ קאָפּערני־קאָאָ — גראַטאַ פּאַטריאַ״.

די זון איז אויפגעגאַנגען און האָט מיט ליכט בעגאָסען דעם דענקמאָל און אַלץ אַרום, און זיינוויל איז געשטאַנען און האָט געקוקט און געקוקט —

און פּלוצלינג האָט ער דערשפּירט ווי די פּיס זענען איהם שטייף געוואָרען, פאַר די אויגען איז איהם שווארץ, און אַלץ האָט זיך אָנגעהויבען דרעהען מיט איהם. ער האָט געקוקט אויף די גאָלדענע בוכשטאַבען פונ׳ם נאָמען און האָט בשום אופן זיך נישט געקאָנט דערמאָהנען, ווער דאָס איז. ער האָט געדענקט, אַז ער האָט געוואָלט מיט איינעם עפּעס זיך מתוכח זיין, און האָט בשום אופן נישט געוואוסט מיט וועמען . . . פּלוצלינג האָט ער ווידער אַלץ געדענקט . . .

נאָך אינ׳ם זעלביגען טאָג האָט זיינוויל איבערגעגעבען דעם עמפּפּעהלונגס־בריעף פון גלח דעם דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט גענוי אויסגעהערט, וואָס זיינוויל ערצעהלט איהם: די מעשה מיט זיין נייעם זונען־סיסטעם און מיט קאָפּערניק׳ן און מיט קאָפּערניק׳ס טעות, און אויך די מאַנוסקריפּטען האָט ער פערלאַנגט פונ׳ם יונגענמאַן און האָט אין זיי זעהר אויפמערקזאַם געלעזען — און זיינוויל איז וועהרענד דעם שטום און שטיל געזעסען און האָט מיט מאָדנע אויגען אָנגעקוקט דעם דאָקטאָר ביים לייענען און האָט גענוי געבליקט אויף יעדע מינע זיינע. פּלוצלינג האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און האָט דעם דאָקטאָר אָנגעכאַפּט דער האַנד: „פון היינט אָן, ווער עס וויל מיר נישט גלויבען, דעם וועל איך דערווערגען!"

דער דאָקטאָר האָט אויך דאָס דאָזיגע רוהיג אויסגעהערט. דאַן האָט ער איהם געענטפערט: „מיין פריינד! איהר זענט גערעכט אין אַלעם; אויף אייך און אייער סיסטעם וועלען מיר אַמאָל אַלע שטאָלץ זיין!"—און וועהרענד דעם רעדען האָט ער אָנגעקלונגען און צוויי דיענער זענען אריינגעקומען . . .

אויך באָניפראַטערסקאַ־גאַס אין ווארשא שטעהט דאָס אונהיימליכע הויז פאַר גייסטיג־קראַנקע. דאָרט־אהין האָבען זיי דעם אומגליקליכען אַסטראָנאָם געבראַכט. דער אומגליקליכער האָט אויך דאָרט וואָכען און חדשים לאַנג נישט אויפגעהערט זיין סיסטעם פאַר יעדען אויסצופּאַקען, און איז געבליבען דער געגענער קאָפּערניק׳ס ביז אין טויט אריין. ווען קיינער האָט איהם נישט צוגעהערט, האָט ער גערעדט צו זיך אַליין. זיין לעצט וואָרט איז געווען: „קאָפּערניק האָט זיך פעררעכענט . . ."

# דער גולם

אכט און צוואנציג יאָהר איז דער גרויסער ר׳ ליב, דער מהר״ל פון פּראָג, געזעסען פערמאַכט ביי זיך אין חדר, איינער אליין, פערטיעפט אין התבודדות. איהם האָט געפּייניגט דער גרויסער סוד, און ער האָט איהם דורכויס געוואָלט דערגעהן, דורכ׳ן קליינעם פענסטערעל, אינם טורעל פון דעם דאָזיגען קעמערעל, האָט איהם חוה׳לע, זיין טאָכטערס טעכטערעל, אין די לעצטע יאָהרען יעדען טאָג דערלאַנגט דאָס ביסעל עסען, און איז זי גע-קומען אָברוימען, פלעגט זי געפינען על־פּי־רוב דאָס עסען אזוי, ווי זי האָט עס געלאָזען. נאָר עטליכע קרישלעך האָבען טיילמאָל געפעהלט; דער גרוי-סער ר׳ ליב האָט גענומען נאָר אזוי פיעל, אבי דאָס לעבען צו דערהאַלטען. איז געקומען אמאָל עפּעס אנ׳אורח אנ׳איינגעשפּארטער, און האָט זיך איינגע-עקשנט, דוקא און דוקא שלום צו נעהמען ביים מהר״ל, דאָ האָבען זיך דורך דעם זעלבען קליינעם פענסטערעל ארויסגעשטעקט א צוויי-דריי פינגער פון א דאַרער פרוקענער האנד; אָבער קיין פּנים האָט זיך נישט בעוויזען. עס האָט זיך אויך קיין שטימע נישט געלאָזט הערען. טיילמאָל, אין לאַבעדיגע טעג, איז דורכגעצויגען דורכען צימערעל עפּעס א שטראַהל פון דער זון, איז געהאָנגען קרום אין דער לופטען א קורצע צייט, דאַן ביסלעכוויז בלאַ-סער און בלאַסער געוואָרען און צום סוף פערשוואונדען — און קיין אויג האָט איהם נישט בעמערקט; דער מהר״ל איז געווען פערטיעפט אינ׳ם זוכען דעם גרויסען סוד. ווען עס האָבען פריהמאָרגענס אין א זומער־טאָג, דריי א זייגער פּאַרטאָגס, דרויסען צווישען די בוימער די שוואַלבען פלוצ-לינג זיך צעצוויטשערט, און נאָכאמאָל „צוויטש צוויטש, צוויטש!״ און ווי-דעראמאָל „טרילי, טרילי, טרילי!״ און צום סוף „גירר, גירר״, דאָ האָט עס קיין אויער נישט פערנומען; דער מהר״ל איז דאַן געזעסען איבער די דיקע ספרים און האָט געזוכט. דער גרויסער סוד איז איהם געלעגען ווי א שווערע לאַסט אויף זיין קאָפּ און אויף זיין הארץ און אין דער גאַנצער

לופט ארום און ארום. אויבען אין א ווינקעל ביים באלקען האט א שפין זינט א סך יאהרען אנגעארבייט א גרויס שטיק שפינוועבס, און דאס דאזיגע שטיק איז געהאנגען פינסטער און שווארץ און איז וואס אמאל פינסטערער און שווארצער געווארען.

און ווען דער גרויסער ר׳ ליב, דער מהר״ל פון פראג, איז צום סוף, נאך אכט און צוואנציג יאהר, ארויסגעקומען פון זיין חדר, דא איז ער גע־ווען משונה-ווילד בעוואקסען, און זיינע האר זענען ווענען גרייז־גרוי. דאס ערשטע, וואס איז איהם אנטקעגען געקומען, איז געווען א העלער לאכעדיגער שיין פון דער זון, וועלכער איז גראד אריינגעפאלען דורך א פענסטער. דער גרויסער ר׳ ליב האט געמוזט פערשטעלען זיך די אויגען מיט דער רעכטער האנד, געמאכט ווי א דעכעל, כדי עס זאל איהם נישט בלענדען. דאס צווייטע, וואס ער האט דערבליקט, איז געווען חוה׳לע, זיין אייניקעל — און ווי־דער האט ער געמוזט פערהאלטען זיך די אויגען א גאנצע מינוט לאנג, ווייל עס האט געבלענדט. ערשט אביסעל שפעטער איז ער צוגעגאנגען עטוואס נעהנטער.

— ווער איז דאס ? — האט ער געפרעגט. זיין שטימע האט געקלונגען ווי די שטימע פון א קינד, וואס לערנט זיך רעדען.

— דיין אייניקעל, רבקה׳לעס א טאכטער — האט די אלטע רבי׳צין געענטפערט.

ער האט זיך געמוזט ערשט דערמאהנען. ווארט נאר, ווארט נאר — האט ער נישט געהאט עפעס אמאל א טאכטער ? יא טאקי. ווען ער זאל קיין טעות נישט האבען, האט מען זי גערופען, דאכט זיך, רבקה׳לע.

הויך און פערריסען דעם קאפ איז חוה׳לע פאר איהם געשטאנען און האט מיט ווייט אויפגעריסענע אויגען געקוקט אויף דעם גרויען פערוואק־סענעם וואונדער. דאס לעבעדיגסטע לעבען האט געשפראצט פון איהר, און אלץ האט אין איהר געקאכט און געזידט. און די פלאמענדיגע אויגען האבען געבליצט און דאס פנים האט געלויכטען און די ווייסע ציינער האבען געב־לישטשעט און די שווארץ־סאמעטענע האר האבען געגלאנצט — עפעס איז געווען אין דער שטוב ווי א שפרינגעדיג שיינדעל פון א זון, וועלכעס ציטערט ארום און איז א מינוט דא און א מינוט דארט. און זי שטעהט נאך אלץ

און קוקט אויף דעם אונבעהאָלפענעם, ווילד־בעוואָקסענעם אָלטיטשקען, און דאַן בעווייזט זיך אַ שפּאָטישער שמייכעל אין די ווינקעלעך פון איהרע ליפּען. דער גרויסער ר׳ ליב איז צוגעגאַנגען אַ טריט נעהנטער; עפּעס האָט עס איהם געצויגען. פּלוצלינג אָבער האָט ער זיך אָבגעקעהרט און איז גיך אַוועק. ער האָט זיך דערמאָהנט, אַז ער האָט געלאָזען ליגען ביי זיך אין חדר, אויפ׳ן טישעל, דעם שם־המפורש — און דאָ איז ער גיך צוריק אַוועק אהין. חוה׳לע האָט זיך פּלוצלינג שטאַרק צעלאַכט אויפ׳ן קול.

און ווי עס זענען עטליכע טעג פערבייגעגאַנגען, האָט גאַנץ פּראָג אָנ־געהויבען קאָכען ווי אַ קעסעל. די וואונדערליכסטע מעשיות האָט מען דער־צעהלט פונ׳ם גריסען ר׳ ליב און וועגען זיין שם־המפורש און פון זיין קבלה און וועגען זיינע צירופים. מאַנכע האָבען דערצעהלט, אַז איינמאָל אינדער־פריה איז ער אויפגעשטאַנען, האָט זיך געוואַשען די הענד, האָט דריי מאָל געזאָגט „ויהי נועם”, האָט געווען זיין שם־המפורש און האָט מהיה גע־ווען אַ מת. אַ יונגערמאַן איז געשטאַנען צווישען מנחה און מעריב אין ר׳ מרדכי מייזילס בית־מדרש און האָט דערצעהלט, ווי דער מהר״ל הקדוש, זיצענדיג אין התבודדות, האָט פערפלאַנצט אַ קערנדעל אין אַ פלאַש, און עס האָט אָנגעהויבען דערין צו וואַקסען אַ מענשעל, און דאָס מענשעל איז געוואָרען גרעסער און גרעסער, ביז די פלאַש האָט גענומען פּלאַצען, און דאָס מענשעל איז גרויס געוואָרען און איז געוואָרען דער גרעסטער תלמיד פונ׳ם מהר״ל. אין דער אַלט נייער שוהל איז געשטאַנען אַנ׳אַלטער יוד און האָט דערצעהלט, אַז דער רבי ר׳ ליב האָט געמאַכט אַ גולם, און לעגט ער איהם אַריין דעם שם־המפורש אין מויל אַריין, דאָ ווערט דער גולם לעבע־דיג און איז דאַן אימשטאַנד די וועלט חרוב צו מאַכען, און נאָר ווען ער נעהמט איהם דעם דאָזיגען שם־המפורש ווידער אַרויס, בלייבט ער ליגען טויט ווי אַ שטיק לעהם.

פערטראַכט און אומעטיג איז דער גרויסער ר׳ ליב טאָג־טעגליך אַרויס פון זיין חדר און ווידער אַריין, און ווי אַ פינסטערער וואָלקען איז איהם געלעגען אויף זיין גערונצעלט פּנים. ער האָט נישט געקאָנט לאַכען, און האָט נישט געקאָנט הערען ווי מען לאַכט; ער האָט קיין פרייד נישט געפונען. וואָס נוצט דער גרויסער סוד? וואָס נוצט ער אפילו דאַן, ווען מען איז

איהם שוין דערגאנגען? ווערט דורך דעם די וועלט דען אנדערש? ער האט געקרעכצט. עס נוצט נישט, ווען א איינער דערגעהט איהם. יעדער פאר זיך וואלט מוזען איהם דערגעהן, אלע צוזאמען וואלטען איהם מוזען אין איין צייט דערגעהן, אויב מען וויל, אז די וועלט זאל ווערען אנדערש און פרייד זאל זיין און גליק און מען זאל קענען און מעגען לאכען. ער איז מיט לאנגזא־מע שריט געגאנגען ווייטער. חוה'לע, א לאכענדיג לעבען, איז טאנצענדיג איהם אקעגענגעקומען. אט איהר מאטערט נישט דער סוד און ווי אזוי מען זאל לעבען און וואס איז לעבען — און דערווייל לעבט זי. ער האט זיך אבגעע־שטעלט און האט זיך א מינוט לאנג טיעף פערטראכט. די אויגען האבען זיך מיעד געשלאסען. דאן האט ער ענערגיש געשאקעלט מיט'ן קאפ אויף ניין. איז דען דאס לעבען? . . . ער איז פלוצלינג ווייטער געגאנגען, האט זיך געוואשען די הענד און האט זיך אוועקגעשטעלט דאווענען.

פונ'ם הראדשין־בארג אראב איז ווי פייל פון בויגען געפלויגען א קא־רעטע, איינגעשפאנט אין זעקס ווייסע פערד, און איז צוגעפאהרען צום הויז פונ'ם גרויסען ר' ליב. דען קייזער רודאלף II, א מענש וואס האט עוסק געווען אין מיסטיק און אלכימיע און נאך אזעלכע זאכען און האט דעסגליי־כען געזוכט דעם גרויסען סוד, האט געשיקט זיין אדיוטאנט, רופען דעם יו־דישען רבי אין שלאס אריין. ער האט געהערט, וואס דער יודישער רבי האט געטהון, און ער איז נייגעריג געווען צו זעהן דעם וואונדערליכען מאן.

*

דער פרייטאג דערויף איז געווען א טאג געטונקען אין לויטער ליכט און זונען־שיין. דער רבי ר' ליב האט גענומען זיך מכין זיין אויף שבת; ער האט זיך געשניטען די נעגעל, האט געריסען פאפיער און איז ענדליך געגאנגען אין מקוה אריין. די אלטע רבי'צין איז, פערשוויצט און קייכענדיג, געווען בעשעפטיגט אין קיך. דער ריח פון פריש־געקאכטע פיש האט זיך געלאזט הערען. חוה'לע האט, זינגענדיג און מיט ברענענדיגער אונגעדולד, געראמט אין די צימערן לכבוד שבת. פון דער מאלדאווא האט זיך מינוטענ־ווייז געהערט א מערקווירדיג רוישען און זשומען פונ'ם וואסער. ענדליך איז

חוה׳לע אויך אריין אין דעם שטודיר־צימער פונ׳ם זיידען, כדי אויך דאָרט אַלץ צו ברענגען אין אָרדנונג.

דאָס ווייסע טיכעל אויפ׳ן קאָפּ, צוגעבונדען פון הינטען ווי די פויער־טעס, אין דער האַנד דער פלעדערוויש, און פון דעם ווייסען טיכעל ארויס צוויי בליצעדיגע שווארצע אויגען, וואָס האָבען געפלאַמט און געבריהט — אַזוי איז זי געשפּרונגען פון ווינקעל צו ווינקעלע און האָט גערעדט צו זיך און געטהון. און נישט גערעדט האָט זי, נאָר געטשוויטשערט; און נישט געשפּרונגען איז זי, נאָר עפּעס געפלויגען אָדער געשוועבט. דרויסען ערגעץ־וואו, אין אַ בעהעלטעניש פון דאַך, האָט אַ זינג־פויגעל גראַד געזונגען דעם נגון פון „ווי שעהן איז דאָס לעבען!" זי האָט זיך איינגעהערט און האָט מיטגעזונגען. און אַזוי איז זי ארויף אויפ׳ן טיש, אויף די בענק, אויף די שטוהלען, און פון שטוהל צו שטוהל איז זי געשפּרונגען און האָט ארומגע־ארבייט מיט דעם פלעדערוויש. אויבען אויפ׳ן באַלקען, ביים אָרט פון „זכר לחורבן", האָט זי שטאַרק ארומגעווישט, און דאַן האָט זי זיך גענומען צו דער שפּין מיט דעם שפּינוועבס, און דאַן צו דער שאַפע מיט די ספרים; זי האָט געארבייט און געזונגען. עס האָט איהר אָנגעהויבען ווערען צו וואַרם, און זי האָט אויפגעשפּילעט איהר בוזעם. דאָס הייסע אויפגעשפּילעטע לעבען איז אַרויסגעקוואָלען אין דרויסען ארויס.

אָט האַלט זי אין דער האַנד אַ גרויס מעכטיג ספר פון די ספרים און ווישט עס. זי האָט זיך אויף אַ מינוט פערטראַכט. רבונו של עולם! צו וואָס גאָר איינגאַנצען אַזויפיעל ספרים? צו וואָס בעדאַרף זיי אַ מענש? זי שטעהט און קלערט. איהר זיידע איז פּראָסט משוגע, אַז ער האָט גענומען אַ בלוי־הענדיג לאַנג לעבען פון זיעבעציג יאָהר און האָט עס דערטרונקען אין אַזעל־כע נאַרישקייטען. איין מינוט לאַנג די ליעבע ליכטיגע וועלט, מיט דער גאָלדענער זון, איז דאָך טויזענדמאָל ליעבער און קלוגער פון אָט די אַלע ספרים צוזאַמען.

און אָט האָט זי שוין פערגעסען די ספרים און דאָס לאַנגע לעבען און אפילו דעם געדאַנק וועגען דער ליעבער ליכטיגער וועלט מיט דער גאָלדענער זון, און זי שטעהט שוין ביים אויוועט און ווישט איהם אַרום. אין מיטען פון אויוועט איז אויסגעהאַקט אַ פיגור מיט אַן׳אָבגעריעבענער נאָז. זי כאַפּט

זיך דערבײַ, װי זי איז שוין װידער פּערטיעפט אין געדאַנקען. װאָס טהוט זיך דאָס הײַנט מיט איהר, װאָס זי קלערט און פּערקלערט זיך אַזוי אָפּט? זי נעהמט אַראָב פון דער װאַנד דעם שבת׳דיגען ספּאָדעק פון׳ם זיידען און טהוט איהם אָן און צעלאַכט זיך אויף׳ן קול. עס אהרט זי אָבער, װאָס די נאָז פון דער פיגור איז אָבגעריבען און מיט א כיון קאַליע געמאַכט. זי דערמאָהנט זיך פּלוצלינג, אַז עס איז פאַרהאַנען עפּעס א דין װעגען א צורה װאָס איז בולט, און אַז עס שטעהט געשריבען „לא תעשה לך כל פסל" — און זי װערט טרויעריג. באַלד דערויף אָבער הויבט זי שוין װידער אָן צו אַרבייטען און צו טרילען און צו זינגען; זי האָט בלויז נאָך דעם מעשע-נעם הענג-לייכטער אַרומצוװוישען.

גראָד בויגט זי זיך אַראָב און װענדט זיך צום װינקעלע װאָס הינטער דעם אויװוען — און פּלוצלינג בלייבט זי שטעהן װי פערשטיינערט. דער פּלעדערװויש פאַלט איהר אַרויס פון די הענד און זי שטעהט און גלאָצט מיט אויפגעריסענע אויגען. דער בוזעם הויבט אָן צו קאָכען, דער אָטעם צו ברענען, די אויגען צו פלאַמען.

הינטער דעם אויװוען אין׳ם װינקעלע, ליגט אויסגעשטרעקט עפּעס א געשטאַלט, א געשטאַלט פון א מענש, און נישט לעבעדיג איז ער, נאָר גע-מאַכט, פון װייסען לעהם געמאַכט — א גיפּסענער גולם.

מיט װייט אויפגעריסענע אויגען קוקט זי אויף דעם בעשעפעניש. אַזוי עפּעס שעהנס האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געזעהן. דאָס פּנים לעבט, די לי-פּען לעבען, אַלע גליעדער לעבען. זי קוקט אין קען איהרע אויגען נישט אַראָב-נעהמען! און א מאַנספּערשוין איז עס! רבונו של עולם, װי שעהן איז דאָך דער דאָזיגער מאַנספּערשוין! זי קען נישט אַנדערש — זי מוז זיך אַראָב-בויגען און מיט איהרע פינגער אָנריהרען. א װאַרעמער ציטער דורכפלאַמט א מינוט לאַנג איהר גאַנצען קערפּער. זי נעהמט אַראָב פון איהם דעם זיי-דענעם כאַלאַט, אין װעלכען ער איז איינגעהילט, זי עסט די געשטאַלט אויף מיט איהרע בריהענדיגע אויגען. איבערהויפּט געפעלט איהר דאָס מויל! עס איז, װי עס װאָלט זיך קענען יעדע מינוט אויפמאַכען און רעדען, ניין, איבער-הויפּט געפעלט איהר דער שטערן; ניין — די װינקעלעך פון די שלייפען. אוי גאָט, װי זענען דאָך די שלייפען שעהן! עס דאַכט זיך, זי זעהט אויך

דאָס בלויע אָדערעל אין דער פיינער שלייף. און פלוצלינג פאַלט איהר אין די אויגען אַריין דער אויבער־אָרעם מיט זיינע מוסקולען. און דער דאָזיגער ברוסט־קאַסטען! רבונו של עולם, וויפיעל שטאַרקייט און גבורה דאָ ליגט! פלוצלינג פערבלאָנדזשעט זיך איהר ביז צו דעם אויער און דעם פייר נעם אויער־לעפּעלע. אַזאַ אויער־לעפּעל האָבען נאָר גוטע מענשען. אַ הייסע גלוט דורכריזעלט זי. זי קאָן זיך נישט איינהאַלטען און מוז איהר הייסען בוזעם צולעגען צום קאַלטען, געמאַכטען גוף, אום זיך אַ מינוט לאַנג צו קיהלען. זי מאַכט פאַמעליך צו די אויגען, און איהר איז אַזוי זיס, אַזוי זיס. זי וואָלט וועלען אהר גאַנץ לעבען אַזוי ליגען בלייבען. אַ פּנים, אַ מענש, וואָס מענשען־הענד בעשאַפען איהם, אין טויזענדמאָל שענער און פאָלקאָמענער פון אַ מענשען, וואָס גאָט האָט איהם בעשאַפען. זי קען נישט אַנדערש — זי טוליעט זיך צו פעסטער צום גוף און זי פּרעסט איהר מויל אויף זיין מויל. אַך, ווען ער וואָלט נאָר וועלען לעבעדיג ווערען אויך! זי ווערט פלוצלינג אונגעדולדיג און זי כאַפּט זיך אויף. זי טופּעט מיט איהר גאַנצער קראַפט אויף דער ערד מיט איהר פוס: לעבען! לעבען! לעבען!

פלוצלינג ווערט עס איהר קלאָרער אין קאָפּ. זי דערמאָנהט זיך, וואָס מען האָט געמורמעלט אין די לעצטע טעג, אַז דער זיידע האָט געמאַכט אַ מענש, אַ גולם פון לעהם. עפּעס ווייסט זי. אַז דער זיידע קען איהם אויך לעבעדיג און ווידער טויט מאַכען, אַלץ ווי ער וויל. זי געדענקט שוין איצט אויף קלאָר: אַ שם המפורש האָט ער צו איהם. אָבער ווער האָט געדולד צו אָט די אַלע נאַרישקייטען פונ׳ם אַלטען? זי טופּעט מיט איהר פוס אומגעדולדיג און אויפגערעגט: לעבען! לעבען! לעבען!

אָבער דער גולם ריהרט זיך נישט.

און זי האַלזט איהם און קושט איהם און זי זאָגט איהם, גליהענדיג פאַר ליידענשאַפט: איך האָב דיך ליעב! איך האָב דיך ליעב! איך האָב דיך דאָך אַזוי ליעב!

און דאָס וואונדער געשעהט: די ליעבע ברענגט צום לעבען. עס הערט אַ גולם דאָס וואָרט „איך האָב דיך ליעב", און הערט־אויף צו זיין דער גולם.

דער שם־המפורש האָט אויף וואונדערליכע וועגען מוסר געווען זיין

כוח דעם יונגען מיידעל, דאָס יונגע מיידעל האָט מוסר געווען דעם כוח דעם וואָרט און דאָס וואָרט האָט איהם מוסר געווען דער געשטאַלט. עס האָט זיך געריהרט פּלוצלינג די געשטאַלט. און צום סוף איז זי דערוואַכט.

דער גולם האָט זיך לאַנג געריבען די אויגען און ענדליך האָט ער זיי אויפגעמאַכט. דאָס ערשטע, וואָס האָט איהם בעגעגענט, איז געווען אַ זונען־שטראַהל; ער האָט געמוזט פערשטעלען זיך די אויגען מיט דער רעכטער האַנד, ווי אַ דעבעל, כדי עס זאָל איהם נישט בלענדען. דאָס צווייטע, וואָס ער האָט דערבליקט, איז געווען חוה'לע, און ווידער האָט ער געמוזט פער־האַלטען זיך די אויגען אַ מינוט, ווייל עס האָט איהם געבלענדעט. ער האָט אוועקגעבליקט פערשעהמט און האָט זיך אריבערגעוואָרפען גיך דעם זיידע־נעם כאַלאַט. זיין פּנים איז פּלוצלינג שטאַרק רויט געוואָרען.

באַלד אָבער האָט ער זיך פערטיעפט אין געדאַנקען. דו גרויסער גאָט וואו איז ער דאָ? אַנ'אַלטע, נאָר וואָס פערגעסענע וועלט איז אין איהם ביסלעכווייז אויפגעשטיגען. ער דערמאָהנט זיך אייניציגווייז אָן גאָט, נשמה, הימעל, הייליגע ספרים, קבלה, סיגופים, עבודת־הבורא, רבי ליב, יענע וועלט, גן־עדן. ער געדענקט, אז דאָס לעצטע, וואָס ער האָט געהאַלטען אין האַנד נעכטען ביינאַכט, איידער ער האָט צוגעמאַכט די אויגען, איז געווען דער „גור־אריה". ווי אַ נעבעל איז איהם געוואָרען אַרום און אַרום. דאָס האַרץ איז איהם אַזוי שווער געוואָרען און דער קאָפּ איז איהם געהאָנגען ווי בליי. און פאַר דעם „גור אריה", געדענקט ער, האָט ער מיט דעם מהר"ל הקדוש צוזאַמען געלערנט דעם „זהר". ער דערמאָהנט זיך, אז ער איז שוין איצט שעהנע עטליכע מינוטען ווידער אויפגעוואַכט און האָט נאָך אין גאָרנישט עוסק געווען. אַ שווערער קרעכץ האָט זיך פון איהם געהערט, ווי פון אַ מענ־שען, וועלכער האָט פאַר זיך אַ שווערע לעסטיגע אַרבייט. ער האָט זיך פּאַמע־ליך אויפגעהויבען און איז צוגעגאַנגען צו דער ספרים־שאַנק.

—וואָס ווילסטו דען טהון איצט?

ער איז פּלוצלינג בלאַס געוואָרען און די אויגען האָבען אָנגעהויבען פלאַקערען. איהם האָט זיך געדאַכט, אז אַ זילבערען גלעקעל האָט געקלונגען. באַלד אָבער האָט זיך איהם געדאַכט, אז אַ פויגעל, דערזעלבער, וואָס וואוינט דרויסען אויפ'ן בוים, האָט געצווישטשערט. ער האָט זיך טיעף אריינגע־

בויגען אין די ספרים־שאנק און האָט, קוים וואָס מען האָט געהערט, געשעפּט־שעט:

— לערנען . . . איך מוז נאָך געהן לערנען . . .

ער האָט מורא געהאַט אהינצוקוקען דאָרט, פון וואַנען די שטימע איז געקומען.

און ווידער האָט זיך געהערט דאָס קלינגען פון א זילבערען גלעקעל. דאָסמאָל אָבער גאַנץ אָהן ווערטער. חוה'לע האָט זיך צעלאַכט אויפ'ן קול.

לערנען. — איהר איז דאָס וואָרט אויסגעקומען אזוי מאָדנע נאַריש, אז זי האָט געמוזט זיך פונאַנדערלאַכען. נאָך אזוי יונג — און שוין לערנען. נאָך אזוי פריש און ניי און קרעפטיג — און שוין לערנען. נאָך אזוי שעהן און לעבעדיג און פול חן — און שוין זיך טויטען. און צום צווייטען מאָל האָט זי זיך צעלאַכט. מיטאמאָל אָבער איז זי אמת'דיג אין כעס געוואָרען אויף איהר אלטען זיידען.

גאַנץ ווי צו אנ'אלטען בעקאַנטען איז זי צוגעגאַנגען צו דעם יונגען מענש, פריי און אומגעצוואונגען און אָהן קלעמעניש. זי האָט ארויפגעלעגט איהר האַנד אויף זיין האַנד, וועלכע האָט גראָד געהאַלטען דעם „תפארת ישראל".

— אוי דו, נארישער גולם, דו! קוק מיך אָן . . . קוק ארויס אין דרויסען. דער הימעל איז אזוי בלוי, אזוי בלוי. און ווי גרויס איז דער גאָרטען און ווי ברייט און גרויס איז דאָס האַרץ. און אין גאָרטען זינגען גאָט'ס מלאָכים — גאָלדענע שפּיל־פייגעלעך, און זיי זינגען אזוי זיס. ווייסטו, ווי זיס די פייגעל זינגען? אוז אלעס איז אזוי פריש און מחיה'דיג. און די לופט און די טויזענד ריחות און דאָס רוישען פון די בוימער און מינוטענווייז א זשומען און ברומען, אז קיינער ווייסט נישט, פון וואַנען און פון וואָס. און דו, גולם, ווילסט זיך בעגראָבען נאָר אין ספרים? אין שטויב און אין שימעל?

א לייכטער ציטער איז איהם אריבער איבער'ן קערפּער. שוואַך און קוים וואָס מען האָט עס געהערט האָבען זיינע ליפּען נאָכגעשעפּטשעט די ווערטער: דער הימעל איז אזוי בלוי, דער גאָרטען אזוי גרין . . . דער

„תפארת ישראל" האט זיך איהם ארויסגעגליטשט פון דער האנד און ער האט זיך פערטראכט. ווי א צויבער האט עס איהם ארומגענומען.

באלד אבער האט ער זיך א וויש געגעבען מיט דער האנד איבער די אויגען און איבער דעם גאנצען שטערען, ווי ער וואלט האבען אויפגעוואכט פון א וואונדערליכען חלום. ער האט זיך ענערגיש א דרעה געטהון און האט זיך געכאפט צו דעם ספר.

זי האט געקוקט אויף איהם בעפעהלעריש. איהרע אויגען האבען זיך ווי ארייגעזויגען אין איהם, און אויף דער שטעל, וואו איהר בליק איז הענגען געבליבען, האט עס געבריהט ווי א ברעננלאז. נישט ווילענדיג האט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען.

זי האט אנגעהויבען לאנגזאם רעדען צו איהם. ביי דעם קלאנג פון איהר ווייכער שטים האט ער געמוזט רק געדענקען אן דער רויהער שטים פון דעם אלטען. אפנים אזוי רעדען, ווי זי רעדט צו איהם, קען נאר דאס מויל פון א ווייבליך בעשעפעניש. און עפעס רעדט זי פון דעם, אז ווען אנ׳ אלטער מאן ,א משונה־ווילד פערוואקסענער, פערגראבט זיך אין טויטע געשטארבענע אותיות, דא איז עס נאך צו פערשטעהן ; עפעס אנדערש איז איהם שוין אין דער וועלט נישט געבליבען. אבער ווען אזא יונג לעבען, וואס קען לעבען—און קען אהן חשבון לעבען—ווען אזא יונג לעבען, צעשטיקעלט זיך אליין און צעשרויפט תמיד זיך און זיין טהון און אונטערזוכט תמיד זיין געוועהק און זיינע אייגענע רעדלעך, דא זינדיגט און פערזינדיגט ער זיך נאר געגען זיין צוועק און געגען דעם אמת׳ען צוועק פון לעבען בכלל. און דו ביסט דאך, האט זי געענדיקט, אזוי יונג און אזוי שעהן.

— רעד, רעד נאך — האט זיך איהם ארויסגעגאסען פון די ליפען.

און זי רעדט ווייטער. און נישט איהרע ווערטער הערט ער מעהר, נאר דעם קלאנג פון איהר שטים. ער פערטראכט זיך אבער פלוצלינג. וואס איז דאס לעבען און צו וואל לעבט מען ? און זוכט נישט דער אלטער, מיט אלע זיינע טויזענד ספרים און מיט זיין גאנצער חכמה, נאך איצט ערשט דעם צוועק פון לעבען און דעם גרויסען סוד ? נעכטען ביינאכט, דריי אזייגער איז עס געווען, ווען זיי זענען געזעסעןביידע צוזאמען איבער די ספרים, דא האט זיך דער אלטער פלוצלינג אויפגעכאפט און איז געלאפען ארויף

און אראב און האט געשריגען: „ניין, ניין, ניין! קוים האב איך געפונען דעם גרויסען סוד און האב געמיינט, איך וועל מיך שוין בערוהיגען, דא איז שוין ווידער געווארען א נייער גרויסער סוד, וועלכען איך מוז אויפסניי זוכען און דערגעהן, און קוים וועל איך אויך איהם דערגעהן, וועט דאן ווי־דער ווערען א נייער גרויסער סוד, און קיין סוף וועט קיינמאל נישט זיין!"

— דאס, אלזא, האט דערגרייכט דער אלטער מיט אלע זיינע ספרים און מיט זיין גאנצער חכמה! און בעת יענער זוכט, קאן דען ער, דער גולם, נישט עפעס בעסערס טהון און דערווייל לעבען? ער, וואס האט אלע גא־בען צום לעבען? און קענען דען טויזענד חכמות צוזאמען געבען דאס, וואס מען פיהלט אין איין מינוט? זאל מען און מוז מען דען נישט אוועקגעבען דעם גאנצען מוח פאר איין מינוט הארץ?

און זי רעדט אלץ ווייטער צו איהם, און איהם איז, ווי ווען זי וואלט זיין עלענדע קראנקע נשמה איינהילען אין עטוואס ווייכעס, וואס בערוהיגט און לינדערט.

און ווי זיי זענען ביידע ארויסגעקומען אין די פרייע לופט, האט זיי א זיסע לופט ארומגענומען. האנד אין האנד זענען זיי געגאנגען דורכ'ן גאר־טען און איבער דער בריק. דאס וואסער אין דער מאלדאווא האט אזוי צוי־בערהאפט גערוישט. און איבער דעם שאסיי זענען זיי געגאנגען און ביז צום וואלד, די אלטע טונקעלע בוימער זענען געשטאנען פאר זיי און האבען זיי צו זיך געצויגען און געצויגען.

שטיל איז געשטאנען דער וואלד, ווען זיי זענען אריין אין איהם, און ווען זיי זענען ווידער פון איהם ארויסגעקומען, האט ער גערוישט און גע־הילכט; ער האט זייער סוד, וועלכער איז אויך גרויס געווען, געהאט איינ־געשלונגען און איצט האט ער געפרובט איהם אויסצופלוידערען. און די זון האט געלאכט ביי זייער צוריקקומען, און דאס זאמד האט געפינקעלט און אלעס גרינע האט זיך געפרעהט און געגליהט און געלויכטען.

*

א האלבע שעה שפעטער איז דער רבי ר' ליב צוריקגעקומען פון דער מקוה. דער שבת־קודש האט שוין גערוהט אויף איהם. פריש און אויס־געצוואגען האט ער אויסגעזעהן, און ביים האלז האבען זיך געוויזען די פרי־

שע ווייסע ראַנדען פון אַ קלאָר העמד. די רביצין האָט אהם דערלאַנגט אַ שטיקעל פיש מיט אַנ׳אייערקיכעל. דאַן איז דער גרויסער ר׳ ליב אריין אין זיין לערן־חדר. ער האָט זיך אין אָנהויב דערשראָקען. דער גולם איז געזע־סען אין אַ ווינקעל פערקלערט, אָבער אַ לעבעדיגער. דאכט זיך, ער האָט איהם געלאָזען אָהן אַ שם־המפורש, אַ טויטען, אָבער אויף קלאָר געדענקט ער עס נישט. שטיל און אָהן ווערטער האָט דער רבי ר׳ ליב גענומען דעם „ספר רזיאל״. זיין ליעבסטען תלמיד מוז ער איצט דערקלערען דעם סוד פון יצירה און וואָס איז דער אָדם הקדמון און וואָס איז דער אין־סוף. דער עיקר איז דער אין־סוף. דער גולם אָבער האָט זיך נישט קיין ריהר געגעבען. דער מהר״ל האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען און האָט איהם אָנגעקוקט.

— דרויסען — שעפּטשען די ליפּען פונ׳ם גולם פערחלומ׳ט — איז דער הימעל אזוי בלוי, אזוי בלוי . . . גרין איז דער גאָרטען און דאָס פעלד און דער וואַלד, און אויך דאָס הארץ איז אזוי ברייט און גרויס. און די ריחות, און דאָס פויגעל־געזאַנג . . . און ספרים זענען שטויב און שימעל . . .

אויפ׳ן טיש ליגט דער „גור אריה״, דער „גבורות ה׳״, דער „באר־הגולה״ און נאָך און נאָך — און דער גולם רעדט דאָס אזעלכע ווער־טער.

דער רבי ר׳ ליב איז געשטאַנען, ווי ווען דאָס לשון וואָלט איהם זיין אָבגענומען. ער האָט גאָרנישט פערשטאַנען די ווערטער.

ס׳טויטש, מיין גולם? און אזעלכע דבורים? . . .

*

דריי טעג זענען פאַרבייגעגאַנגען.

דער רבי האָט מיט דעם תלמיד אין די דריי טעג קיין איינציג וואָרט נישט גערעדט, ווי דער גולם וואָלט זיין אין חרם. ווי אַ שאָטען איז ער נאָכ־געגאַנגען נאָכ׳ן רבי ר׳ ליב. כאָטש איין וואָרט, כאָטש איין וואָרט! עס האָט איהם געצויגען צום רבי׳ן, ווי אַ מאַגנעט. דאָס בילד פון חוה׳לען איז פון מינוט צו מינוט געוואָרען בלאַסער אין זיין פאַנטאַזיע. כאָטש איין וואָרט, כאָטש איין וואָרט! ערשט אויפ׳ן דריטען טאָג פאַרנאַכט, צווישען מנחה און מעריב, האָט דער מהר״ל אויפגעמאַכט זיין מויל און האָט גערעדט.

— ווען צו די, האָט ער געזאָגט, וועלכע פערלאָזען חיי עולם און זענען עוסק אין חיי שעה. אזעלכע, וואָס רעדען פונ׳ם הימעל. וואָס איז בלוי, און פון די פויגעל, וואָס זיי זינגען, און פונעם גרינעם, וואָס אין גאָרטען, און דערווייל לאָזען זיי דאָס, וואָס איז נצחיות, ליגען אין א קרן־זוית און זענען זיך מסיח דעת פון איהר; — וואָס האָבען זיי דערפון, די נאַראָנים? מאָרגען קומט אַ טאָג און כמאָרע איבערציהט דעם קומט און וועהט איבער דעם גרינעם — און עס איז שוין נישט גרין נאָר פערוועלקט. און אַ פראָסט קומט — און דער פויגעל זינגט שוין נישט מעהר, נאָר פערקריכט זיך ערגיץ וואו אין אַ לאָך. און צוליעב אזעלכע נאַרישקייטען, אַזעלכע פוסטע פאַנטאַזיעס, וואָס דויערען נישט מעהר ווי איין נאַכט אָדער איין וואָך און איין חודש, וויל מען פערלאָזען דאָס דאָזיגע, וואָס ענדערט זיך קיינמאָל נישט, און פון וועלכען דאָס נפש קאָן ציהען זיין חיונה אייביג?

דער גולם איז געווען ווי צעשלאָגען אין אַלע זיינע אברים. ער האָט געוואָלט אויפהויבען זיינע אויגען צום רבי׳ן און האָט נישט געקאָנט; אַ מין חרפה האָט איהם צוגעדריקט. ער פרובט זיך דערמאָהנען אָן דעם וואַלד, אָן דעם טונקעלען, און ווי ער איז געווען מיט איהר צוזאַמען און ווי עס איז אין זיין הארץ געווען גאָר עפּעס אַנדערש — און קאָן עס בשום אופן נישט. ער קאָן זיך אויף קיין פאַל נישט דערמאָהנען, פאַרוואָס עס איז איהם געווען דענסמאָל אזוי זיס און ווי עס איז איהם געווען אזוי זיס. אַדרבא איהם קומט־פאָר אַלץ איצט אַזוי נאַריש, און ער פערוואונדערט זיך איבער זיך אַליין, ווי דאָס אַלץ האָט גאָר געקאָנט זיין. דער מהר״ל איז דאָך אזוי גערעכט! וואָס האָט מען אייגענטליך פון אַלע די דאָזיגע נאַרישקייטען, ווי אַ ריח און אַ פאַרב און אַ טאָן? עס איז נישט מעהר ווי אַ קיצעל פאַר די חושים אויף איין מינוט, בעת דאָס, איז אייביג, איז דאָך אייביג, און די זעלבע תורה, ווי זי איז געווען פאַר טויזענדער יאָהרען, איז זי נאָך איצט און זי וועט אזוי זיין אין נאָך טויזענדער יאָהרען. דאָס וואָס איך לערן, טראַכט ער זיך איצט, דאָס האָב איך געלערנט און עס איז מיינס אויף אייביג, און אפילו ווען איך בין נישט מעהר, בלייבט דאָס דאָזיגע אויף אייביג.

זיין בלאַס פּנים האָט אויסגעוויזען אזוי טרויעריג און פערשטערט און אומגליקליך.

ער איז אריין מיט א צעבראָכען געמיט אין זיין חדר. ער האָט אויסגע־שטרעקט די האנד און האָט גענומען דעם „באר הגולה". ער האָט געפּרובט זיך פערטיעפען אין איהם. די מלחמה געגען ר' עזריה מן האדומים און גע־גען דעם מאור עינים, ווי זי קומט פאָר אין דעם ספר, האָט שטארק בעשעפ־טיגט זיין מוח .. .

*

אין בית־מדרש איז עס געווען בעת'ן דאווענען. מיט די גרויסע תפילין אויפ'ן קאָפּ זיצט דער גולם, און דער קאָפּ מיט די בלאָנדע לאָקען איז גע־שטיצט אויף זיין האנד, און ער קלערט און קלערט.

צו וואָס האָט ער מיך געמאכט ?

דער פעהלער איז, אז דער וועלכער, האָט מיך, גולם, געמאכט, האָט מיך געמאכט מיט איין גוף און צוויי נשמות. אָדער צי איז יעדער מענש אזוי געמאכט ? די וועלט וואָלט האָבען א גאנץ אנדער פּנים, ווען יעדער מענש וואָלט האָבען איין נשמה און דערצו צוויי גופים, וועלכע וואָלטען איהם קאָנען דיענען איינמאָל אזוי און איינמאָל אזוי. אזוי אָבער איז דאָס אומ־גליק, וואָס עס איז גראָד אומגעקהערט: נישט נאָר ער האָט נישט צוויי גופים, נאָר ער האָט נאָך צוויי נשמות, און איינע ציהט איהם אהין און איינע אהער. דאכט זיך, אז חוה'לע רעדט, איז זי גערעכט ביז גאָר, אזוי אז עס איז גאָר נישטאָ וואָס צו ענטפערען; ווען אָבער דער מהר'ל רעדט, דאכט זיך אויס, אז דאָס וואָס ער רעדט, איז גאָר דער עיקר פּונ'ם אמת. וועט די מלחמה צווישען זיך אליין און מיט זיך אליין נאָך לאנג דויערען ? איז עס די מלחמה פון יעדען בעשעפעניש ? הערט זי אויף נאָר דאן, ווען דאָס לעבען הערט אויף ?

ער האָט האסטיג אראָבגענומען די תפילין של ראש און האָט זיי א שליידער געטהון אויפ'ן טיש.

און וועמען געהערט דער פאָרצוג ? דעם הימעל אָדער דער ערד ? דעם הארץ אָדער דעם מוח ? דער נשמה אָדער דעם גוף ? דער שעהנקייט אָדער דער וויסענשאפט ? דער פּאָעזיע אָדער דער פילאָזאָפיע ? דעם גלויבען אָדער דעם וויסען ? חוה'לען אָדער דעם מהר"ל ?

צום סוף זעצט ער זיך ווידער אוועק און האלט ווידער אנגעשפארט זיין בלאנדען קאפ אויף די שעהנע האנד. דער זונענשיין שפּיעלט זיך אויף די בלויע אדערלעך פון די פיינע פינגער.

עס איז נישטא צו געבען א פארצוג דעם אדער יענעם. איינער איז בעשאפען אזוי, אז ער איז מעהר איינגענומען פאר דאס איינע, און איינער — פאר דאס צווייטע.

דאס אומגליק איז נאר, וואס עס געהט נאך ווייטער: איין און דאס זעלבינע בעשעפעניש איז איין מינוט אזוי און איין מינוט אזוי. דאס איז דאס אומגליק פון די צוויי נשמות. רבונו של עולם! וואלסטו נישט טוי-זענדמאל בעסער געמאכט און וואלט דער מענש נישט געווען טויזענדמאל רוהיגער און נישט אזוי צעריסען מיט זיך שטענדיג, ווען דו וואלסט איהם בעסער געגעבען צוויי גופים צו איין נשמה? און ווען שוין נישט — טא ווענינסטענס, ווען דו וואלסט איהם געגעבען נאר איין נשמה?

*

דער שבת נאכמיטאג איז געקומען.

מיעד און פערשלאפען פאר צופיעל תענוג איז אלץ ארום און ארום. דער גולם האלט גראד ביים עונג פון שינה של שבת. אנ'אקאציע שטעהט אין דער ברענענדיגער היץ און שמאכט און חלש'ט נאך א טראפען. אויפ'ן פענסטער ליגט א קאץ, פערמאטערט און פערשמאכט, און האלב עפענט זי די אויגען און האלב שליסט זי זיי. און האלט זיי דאן פערגלאצט, און די זון ברענט איהר אין רוקען, די באנק פאר דעם הויז שטעהט און איז בריהענ-דיג ווארעם. דאס געלע זאמד אויף דער ערד איז געבאקען ווי אין א גליה-אויווען. עטליכע מיידלעך שפּיעלען אויף דער גאס אין נים, און דער שווייס גיסט זיך פון זיי. שטיל איז און מען הערט יעדען שארך.

און ריחות טראגען זיך פונ'ם גארטען, צום פערשכור'ן. אויף די גלעז-לעך פונ'ם שבת'דיגען הענגלייכטער האט זיך גראד א ליכט-שטאהל געבראכען און טויזענד זיך בייטענדיגע פארבען האבען זיך צעגאסען אויף א ברעג פון דער אנטקעגען ליגענדיגער וואנד.

פון זיין צימער געהט ארויס דער גולם, איינגעהילט אינ'ם זיידענעם קאפטען און זיין רויט טאשענטיכעל געוויקעלט ארום דעם האלז. ער געהט אין בית־מדרש אריין. אבער דורכגעהענדיג דעם גארטען, שטעלט ער זיך אב אויף איין מינוט, דאן צוקומענדיג צו דעם ביידעל אין גארטען, קאן ער נישט ווייטער געהן. ער זעצט זיך אוועק אויף איין מינוט. ער חלומט און חלומט, און צום סוף שליסען זיך איהם די אויגען. ווי ער מאכט זיי אויף, שטעהט חוה'לע פאר איהם.

— היט דיך, די אויגען אפילו אויף איין מינוט צוצומאכען. באלד ווי דו וועסט זיי פערמאכען, וועל איך דיך קושען אין דיינע אויגען.

זיין בלאס פנים האט זיך עטוואס גערויטעלט.

ער הויבט זיך האסטיג אויף און וויל געהן. איהם בלאנקעט זיך אין קאפ עפעס א שם המפורש, א מאמר אז „כל האומר מה נאה ניר זה, הרי זה מתחייב בנפשו", א געדאנק, אז אנ'אשה שאדט צו היילינקייט. אבער זיינע פיס זענען אזוי שווער, אזוי שווער. ער קאן זיך גארנישט ריהרען פונ'ם ארט.

— נארישער בן אדם! פון היינטיגען טאג אן וועל איך זיין דיין שם־המפורש. איך וועל דיך מחיה זיין און איך וועל דיך ממית זיין, — זאגט זי פלוצלינג צו איהם, אזוי ווי זי וואלט לייענען אין זיינע געדאנקען.

ער פיהלט, אז זיין כוח עקט זיך און ער קאן זיך נישט ראנגלען מעהר.

און זי רעדט צו איהם ווייך און זי רעדט צו איהם אזוי גוט. דאס גריב־לען אין זיין נשמה האט א מינוט לאנג אויפגעהערט און איהם איז פלוצלינג אזוי לייכט, אזוי לייכט. ער פערשטעהט פלוצלינג גארנישט, ווי ער האט גאר געקאנט אנדערש פיהלען און דענקען און ווי עס קען גאר זיין אנדערש. ער פיהלט פלוצלינג, אז דאס איז דאס אמת'ע איינציגע לעבען.

— דער נארישער אלטער! — רעדט זי, און איהר שטים קלינגט שוין ווידער ווי א זילבערען גלעקעל — וואס האט ער אליין דען דערגרייכט אין זיין גאנץ לעבען? — זיעבעציג יאהר איז ער אלט און האט זיין לעבען אוועקגעגעבען אויף פוסטע חלומות. אכט און צוואנציג יאהר האט ער אוועקגערויבט פון זיין לעבען. האט ער עפעס געהאט דערפון? — נאך זיין טויט, איבער הונדערט און צוואנציג יאהר, וועט יעדער שוסטער און יעדער

שניידער זיין פּאָרטרעט אויפהענגען ביי זיך אין די קעלערס און אין די בוידעם־שטיבער איבער דעם בעט, און די וועלט אָבער וועט בלייבען ווי געוועזן. אזוי ווי דאָס גרעזעל איז געוואקסען פאר טויזענד יאָהר, אזוי וועט עס וואקסען נאָך טויזענד יאָהר און גאָרנישט וועט זיך האָבען געענדערט. דאָס זעלבע ווי דאָס הינטעל בילט איצט, וועט עס בילען נאָך הונדערט יאָהר, און אזוי ווי די זון שיינט איצט, און דאַן ווערט עס פינסטער, און דאַן שיינט זי ווידער, אזוי וועט זי שיינען נאָך טויזענד דורות און אזוי וועט עס דאַן ווערען פינסטער און אזוי וועט זי דאַן ווידער שיינען, און אזוי וועט אַלץ בלייבען עד סוף כל הדורות. וועמען האָט ער גענוצט מיט זיין התבודדות און מיט זיין קלערען? מיט וואָס זענען מיר ווייטער געקומען דורך וועלכען עס איז טיפען געדאַנק? און אפילו די שלעכטיגקייט איז געבליבען די זעלביגע, ווי זי איז געוועזן דענעסמאָל, ווען מען האָט געזאָגט „כי יצר לב האָדם רע מנעוריו"!

ער פיהלט, ווי אין זיין מוח ווערט אַ גאַנצע איבערקעהרעניש. נאָר שוואַך און ווי ער וואָלט נישט זיין דערביי שעפּטשען זיינע ליפּען: חיי־עולם — חיי־שעה. —

— און ער — זאָגט זי ווייטער — דער דאָזיגער נאַר, וואָגט ריר צו רעדען וועגען חיי־עולם און חיי־שעה? ער? זאָל ער מיר קוקען גלייך אין די אויגען אריין, בעת ער רעדט, און זאָל ער מיר זאָגען, אז ער ווייס פון חיי־עולם און וואָס חיי־עולם איז! ציטערט ער נישט אליין אָפּ און כאַפּט ער זיך נישט אויף אליין אָפּ פון מיטען זיינע געדאַנקען און פרעגט זיך: מיט וואָס ער האָט זיין לעבען פערבראַכט? און איז דען איבערהויפּט דען נישט מעהר ווי אַ פּוסטע מליצה? זעה, דו מיין ליעב שוטה'לע, מיין ליעב בלאָנד גולמ'ל! דו ביסט דאָך אַ מענש מיט פינף געזונטע חושים און קאָנסט אַ זאַך אליין אונטערזוכען און בעקלערען, אדרבא, זאָג דו אליין: וואָס הייסט דען „אייביג"? איז דען פאַרהאַן אינ'ם לעבען עפּעס אַנדערש חוץ דער איצטיגער מינוט, די היי־שעה? האָסטו געלאָזען פאַרבייגעהן אַ שעה און האָסט זי נישט אויסגענוצט פאַר דיר, פאַר דיין לעבען, דאָס הייסט פאַר דיין פיהלען און דיין חוש — דאַן איז זי באמת פאַרביי און זי וועט שוין קיינמאָל נישט צוריקקומען. חיי־שעה איז באמת דאָס איינציגע, וואָס מיר

האָבען ממש. און אָט דאָס, וואָס זיי רופען חיי עולם, דאָס איז אַ מין מליצה, וואָס מען קען זי נישט בעווייזען און וואָס ליגנערס אָדער נאַראָנים אָדער פערפיהרער האָבען זי ערפונדען. אַ שאָד אַ מינוט, וואָס דו לאָזט פארביי און לעבסט נישט, און לעבסט נישט אויף אַלע כלים. דאָס לעבען איז אויך אָהן דעם שוין געגנוג קורץ. לעבען מוזטו און געניסען דאָס לעבען . . .

איהם דאַכט זיך, ער האָט שוין דאָס אַלץ ביי זיך אַליין אויך געפיהלט. אַלע די דאָזיגע ווערטער זענען עפּעס אַ מין אָבקלאַנג פון דעם, וואָס בלאָנ־קעט זיך ביי איהם אין זיין אייגען הארץ.

און ער שליסט נישט די אויגען און זי קושט איהם פאַרט אין די אוי־גען און זי קושט איהם אויף די ליפען און אויפ'ן שטערען — און איהם איז אַזוי לייכט, אַזוי לייכט.

*

דער טאָג איז געווען נאַס און פויל און אומעטיג. אַ רעגען איז געגאַנ־גען אַזוי לאַנגזאַם אַ גאַנצע נאַכט און ביז אין טאָג אַריין אָהן אויפהער. די שטיינער זענען געווען אָבגעצוואָגען, די ביימער האָבען געטריפט און עס האָט זיך פון זיי פון מינוט צו מינוט אַ גאָס געגעבען. אַלץ האָט אויסגע־זעהן אַזוי פערלאָזט און אָהן טרייסט און אָהן האָפנונג. אָנ'אָבגעצוואָגענע הוהן איז געשטאַנען ביי אַ גאַסען בארג מיסט און האָט גענאָרעט עטליכע קערנלעך.

אויף נאָכמיטאָג איז געווען אָנגעזאָגט די לויה פון ר' מרדכי מייזיל'ס דעם קצין פון דער יודישער קהלה, וועלכער איז פּלוצלינג געשטאָרבען. די גאַנצע שטאָדט האָט זיך מכין געווען צו דער לויה פון דעם בעריהמטען בעל־צדקה. די שווארצע מטה, וועלכע איז געשטאַנען פאַר דער טיר פונ'ם גע־שטאָרבענעם, האָט פערשפּרייט, דורך דעם אומעטיגען רעגען, אַ נאָך גרעסע־רע טויט־טרויעריגקייט ווי געוועהנליך. די לומדים פונ'ם „בית ועד לחכ־מים", וואָס דער געשטאָרבענער האָט אויסגעבויט, זענען געקומען אָבגעבען דעם לעצטען כבוד, די קינדער פון זיין אייגענער ישיבה זענען דעסגלייכען געקומען, און אַלץ האָט אויסגעזעהן, ווי עס וואָלט שוין די גאַנצע וועלט און דאָס גאַנצע לעבען געהן אין נאַסען קבר אַריין.

ביים קבר האָבען דעם געשטאָרבענעם מספיד געווען די גדולי הדור. איינער פון זיי, ר' יום־טוב ליפּמאַן העלער, האָט גערעדט, ווי דער שטיינער איז, פון דעם, וואָס עס בלייבט איבער, מישטיינס געזאָגט, נאָכ'ן מענשענס לעבען. דער נפטר האָט געהאַט שלמה המלכ'ס עשירות, טויזענדער רענד־לעך און טויזענדער אבנים טובות, איצט קוקט און זעהט, אויב מען לעגט איהם אין זיין קבר אריין אפילו איין איינציגס פון זיינע רענדלעך און פון זיינע אבנים טובות. דער עיקר זענען נאַטירליך נאָר זיינע מעשים־טובים — און כדומה האָט גערעדט ר' יצחק ליבוש כ"ץ, דעם מהר"ל'ס אנ'איידעם, ער האָט גערעדט פון דעם פּרוזדור, וואָס איז פאַר דעם טרקלין, און פון דעם טרקלין אליין און וואָס א מענש האָט צו טהון אינ'ם פּרוזדור, און ער האָט דערמאָהנט א מדרש וועגען א בוימייסטער, וואָס האָט געבויט א טרקלין און האָט דערצו געגומען די ציגעל פון פּרוזדור. דעם עולם איז עס שטאַרק נעפעלען געוואָרען. פּלוצלינג איז אלץ אנטשוויגען געוואָרען. עס האָט זיך געהערט, אז דער מהר"ל אליין, וואָס האָט פריהער גאָרנישט געהאַט בדעה צו רעדען, איז צום סוף פּלוצלינג מרוצה געוואָרען א הספד צו זאָגען. יעדער האָט זיך בעמיהט, וואָס נעהנטער צוצוקומען.

עס איז וואונדערליך: זיינע רייד האָבען גאָרנישט געהאַט קיין שום שייכות צום נפטר. ער האָט דעם נפטר נישט דערמאָהנט מיט איין איינציג וואָרט. דער גולם איז געשטאַנען צווישען עולם, און איהם האָט זיך אויסגע־וויזען, אז מיט יעדען וואָרט, וואָס דער מהר"ל רעדט, מיינט ער נאָר איהם און איז מכוון נאָר צו איהם אליין צו רעדען.

דער מהר"ל האָט גערעדט פונ'ם עולם קיים און פונ'ם עולם עובר, און ווי מיר, וואָס מיר זענען נאָר עוברים, קענען גאָר קיין מושג נישט האָבען, וואָס א קיים איז. און קומט די תאוה און פערפיהרט אונז, רעדען מיר זיך איין, אז נאָר די מינוט, דער עובר, איז דער רעכטער אמת, און מיר ווילען נישט פערשטעהן, ווי נאַריש דאָס איז, צו ווילען פערגלייכען די זיעבעציג קורצע יעהרלעך פון דעם עובר מיט די מיליאָנען מיליאָסען יאָהרען פון דעם קיים. מען מוז זיין משוגע צו פערבלענדט פון דער תאוה, אז מען זאָל גאָר ווילען פערגלייכען איינס מיט דעם אנדערען.

דער גולם איז געשטאַנען און אלץ האָט אין איהם געציטערט. איהם

האָט אויסגעדראכט איין מינוט, אַז נאָר צוליעב איהם איז ר׳ מרדכי מייזילס געשטאָרבען, כדי ער זאָל דאָ שטעהן און כדי דער גרויסער ר׳ ליב זאָל דאָס אַלץ איהם זאָגען.

און נאָך אַהיים געהענדיג פון דער לויה, האָט איהם דער מהר״ל גענו־מען אין א זייט און האָט מיט איהם געטענה׳ט.

— דען זעהסטו, קינד — האָט ער צו איהם ווייך און גוט גערעדט — וואו דו זאָלסטו זיך נישט וועלען אויסדרעהען, דו וועסט קיינמאָל נישט פער־טיג ווערען מיט דעם, אַז די דאָזיגע ערד אויף וועלכער דו לעבסט, איז אַלץ, און חוץ איהר איז גאָרנישט מעהר דאָ. דען ווען אַזוי, וועסטו דאָך אַלע־מאָל פרעגען אויף דעם תכלית פון דעם לעבען, און צו וואָס איז די גאַנצע מאַשינעריע, און וואָס האָסטו דערפון, און וואָס איז דען, ווען מען האָט שוין געגעסען און געטרונקען און געשלאָפען און זיך אָנגעטהון אַלדאָס גוטס, און צו וואָס לעבט דען אַ שטיין, וואָס עסט נישט און טרינקט נישט און טהוט זיך נישט אָן אַלדאָס גוטס, און פאָרט האָט ער דאָך אַ צוועק. מוז איך דאָך נאָר זאָגען, אַז איך ווייס נאָך נישט דעם אמת׳ען צוועק, און אַז דער אמת׳ער צוועק אַלץ דאָ איז בלויז אַן׳הקדמה, און דאָס אמת׳ע לע־בען הויבט זיך ערשט דאָן אָן דאָרט אויבען אינ׳ם הימעל . . .

דער רעגען איז געגאַנגען פאַמעליך, פויל און אומעטיג. יעדעס וואָרט, וואָס דער גולם האָט געהערט, האָט אין איהם צעבראָכען וועלטען און איהם געפייניגט. דאכט זיך אין פלוג, אַז קיין איינציגער מענש, וואָס איז נאָר פעהיג עפּעס צו דענקען, איז נישט אימשטאַנד צו קיין אַנדערען גע־דאַנק צו קומען. דער מהר״ל האָט אויסגעוויזען אין זיינע אויגען ווי אַ געט־ליכער מאַן, וואָס רעדט ווערטער, וועלכע נאָר אַ גאָט קאָן זיי איהם לעגען אין מויל אַריין.

און פאָרט איז איהם געלעגען ווי עפּעס אַ נעבעל אויפ׳ן האַרצען און אויפ׳ן מוח.

*

אויפ׳ן שלאָסבערג זענען זיי ביידע אַרויפגעגאַנגען פריהמאָרגענס. דעם וואָלקען האָט זי איהם אָוועקגעקושט פון זיין שטערען און דאָס

ביטערע פון די ליפען. פון די אויגען האט זי איהם אוועק געקושט דעם שווערען נעבעל, מיט איהר פוס האט זי די שטיינער אבגעשטויסען פון זיין וועג און איבער די גרינגע לאנקעס האט זי איהם געפיהרט. און גערעדט האט זי, אז יעדעס ווארט איז געווען ווי א לינדערנדער באלזאם פאר זיין קראנק געמיט, און ווייך ווי א סאמעט האט עס איינגעטוליעט זיין קראנקען קערפער.

און ווי זיי זענען געווען אויבען אויפ'ן בארג, האט זי זיך אויף דעם גראז אויסגעצויגען און האט זיין קאפ געהאלטען אין איהר שויס. דער אייביגער, גריבלענדער שטורם אין זיין הארץ איז אויף א מינוט שטיל געווארען. ער האט זיך אוועקגעזעצט און האט איהר געקוקט אין די אויגען אריין. און ווי ער האט איהר קערפער מיט זיין האנד ארומגענומען, האט ער געפיהלט, אז ארומגענומען האט ער דאס לעבען און ער האלט עס. וואויל איז דעם, וואס האלט דאס לעבען ארומגענומען אין זיין האנד און שפירט עס!

און זי האט גערעדט וועגען ערד און וועגען הימעל. אך נאריש איז עס, מיין זיסער גולם, וואס זיי דערצעהלען דיר פון א הימעל! דאס איז אזעלכעס, וואס זיי האבען זיך אויסגעטראכט, און דו מוזט זיי גלויבען, אז עס איז פארהאן. איך אבער דא נעבען דיר, זעהסטו, איך עקזיסטיר באמת. איך בין נישט קיין לופט, אז דו זאלסט עם רופען הימעל; מיך קענסטו האלטען אין דיין האנד מיך פיהלען און מיך שפירען. אט דא, זעהסטו, נעהם די ברוסט אין דיין האנד אריין, האלט זי, פיהל זי — דאס איז נישט קיין לופט, דאס איז דיין. אלעס אנדערע, וואס דו קענסט נישט נעהמען אין האנד אריין, איז א ליגען, דעם הימעל קענסטו נישט האלטען אין דיין האנד. אלץ וואס דו קענסט נישט האלטען אין דיין האנד, איז נישט פארהאנען.

ער וואלט וועלען, אז זי זאל גארנישט אויפהערען אזוי צו רעדען. אלץ וואס זי רעדט איז אמת, ווי גאטס תורה, און עס איז אונמעגליך עס אבצולייקענען. ער קען פלוצלינג גארנישט פערשטעהן, וואס עס האט זיך מיט איהם ביז איצט געטהון און ווי קען א מענש, וועלכער האט פינף געזונדטע חושים, גאר אנהויבען אנדערש צו דענקען.

*

אין די אַלטע חורבה פונ׳ם ווײטס־קלױסטער אויף דעם הראַדשין־באַרג זענען זײ געקומען מיטאָג־צײט.

ווען זײ זענען דאָרט אַרײנגעטרעטען, האָט זײ אַרומגענומען אַ האַלבע טונקעלהײט. דער אַלטער װעכטער, אויפקומענדיג פונ׳ם שלאָף, האָט אויסגעזוכט זײן בונט פערזשאַװערטע שליסלען און האָט זײ געפיהרט אין די טויטען קאַפּעלע. אַרום און אַרום, בײ די װענד, זענען געשטאַנען אויסגעסדרעטע הױלע שאַרבענס פון קעפּ פון געשטאָרבענע מענשען מיט די הױלע אויגען. דורך אַ הױל אױג פון אײנעם פון די שאַרבענס איז געקראָכען אַ װאָרים. דער גולם האָט גענומען אַזאַ שאַרבען אין די הענד אַרײן . . .

אין דרויסען אויף דעם טויטען־הויף זענען זײ אויף שטײנער געזעסען, פעראײנזאַמט און אַלײן. אויף דער גאַנצער װעלט איז קײנער מער נישטאָ, אַ חוץ זי און ער. װאָס געהט זײ איבערהויפּט אָן די גאַנצע װעלט? װאָס איז זײ חילוק דער נעכטען, דער הײנט, דער מאָרגען? װאָס הײסט צײט? װאָס הײסט אָרט? װאָס הײסט לעבען — ער האָט געהאַלטען איהר קערפּער פעסט אַרומגענומען און האָט זי געקושט און געקושט . . .

*

אונטער אַ קאַרשענבױם אינ׳ם גאָרטען זענען זײ געזעסען פאַרנאַכט.

װײסע קאַרשענבליהטען זענען אויף זײ געפאַלען און האָבען זײ בעדעקט. װי אַ רעגען איז עס געפאַלען איבער זײערע קעפּ און איבער די פּלײצעס און איבער דעם שױס, און אײנגעהילט זענען זײ געװאָרען גאַנץ אין װײסען. זײ האָבען הױך געמוזט לאַכען.

פּלוצלינג איז ער ערנסט געװאָרען, און ער האָט זיך שטײף אַנידערגעזעצט און געהאַלטען די אויגען צו דער ערד. ער האָט זיך שטאַרק פערטראַכט.

דער הימעל איז אזוי בלוי און די לופט אזוי ווייך און די ערד אזוי גרין. וואס ווילען זיי האבען, וואס זיי גראבלען אין אלע ווינקעלעך ארום, אום נאר אויסצוגעפינען עפעס קאליע צו מאכען די לוסט צום לעבען? און פארט איז דאך נאר פארהאן די חיי־שעה, דער אויגענבליק אליין. לאז איך פארביי די איצטיגע מינוט און נוץ זי נישט אויס, אום דאס ביסעל לעבען צו געניסען, דא האב איך זי אנגעווארען אויף אייביג, אויף אייביג, און זי קומט קיינמאל שוין נישט מעהר צוריק. וואס ווילען יענע מענשען, אז זיי קומען און זוכען אומישנע אויס, ווייסט גאט וואס, אום זיך דאס לעבען צו פעריאמערן מיט זייערע פינסטערע געדאנקען? ווער בעט זיי צו קלערען און די מענשען דאס ביסעל אנגענעהמע צו פערביטערן? און פארט איז דאך נאר פארהאנען דער עובר אליין, קיין שום קיים איז גאר נישטא. עס און טרינק און לאז דיר וואויל געהן. דעם הימעל קענסטו נישט נעהמען אין די האנד אריין, און וואס דו קענסט נישט מיט דער האנד ארומנעהמען, דאס עקזיסטירט נישט . . .

ער האט זי ארומגענומען און האט זי געקושט און געקושט.

ער איז געווען גליקליך!

*

אויף א שיפעל זענען זיי געפאהרען איבער דער מאלדאווא אין דער אוונד־צייט.

א ווייך ווינטעל האט זיי געבלאזען אין פנים אריין. זי האט לייכט געארבייט מיט דעם רודער, און ער איז רוהיג געזעסען, פערלעגט די הענד, און האט געחלומט. ביי יעדען קלאפ מיט דעם רודער האט זיך דער ווייסער שוים געזאמעלט, און דער שוים מיט דעם וואסער האבען געשפריצט זיי אין פנים און איבער די קליידער, און זיי האבען הויך געלאכט. זיי האבען געלאכט ווי קינדער. ביסלעכווייז איז געווארען שטילער און שטילער.

זיי האבען געחלומט און ווייסען נישט וואס.

*

האנד אין האנד זענען זיי געגאנגען ביינאכט.

פון מינוט צו מינוט האט דער אבקלאנג פון זייערע טריט זיך געלאזט

הערצן. עס איז קיין שום לעבעדיג נפש נישט געווען חוץ זיי. און זיי זענען געגאנגען און געגאנגען.

טויזענדער קולות און האלבע קולות, אונבעשטימט און נישט קלאר, האבען זיך ארויסגעהערט פון דעם נאכט־ים ארום און ארום. עס האט זיך געראיעט און עס האט געזשומעט און עס האט זיך געשושקעט, און קיינער האט נישט געוואוסט וואס, און קיינער האט נישט געוואוסט וואו. אויף דעם וועג צום וואלד האבען זיך אופ'ן פעלד פייערלעך געוויזען. יאהאנעס־העל־צער און יאהאנעס־ווערימלעך האבען פון מינוט צו מינוט אויפגעלויכטען.

אויף א גראז־באנק זענען זיי ביידע געלעגען, ארעם אין ארעם און פעסט ארומגענומען. די נאכט האט זיי איינגעהילט. און די נאכט איז גע־ווען שטיל און פערשוויגען און האט דעם סוד אין זיך פערגראבען.

*

דער גרויסער ר׳ ליב האט איהם ווי א קראנק קינד צוגעטוליעט צו זיך און האט איהם מיט דער האנד געגלעט איבער די האר און געגלעט אי־בער'ן שטערען.

ווי א הערבסט איז געלעגען, שווער ווי בליי, א וויסטע טרויעריגקייט איבער בארג און טהאל. געלע בלעטער זענען פון מינוט צו מינוט געפאלען פון די ביימער. אמאל האט א בלאז געטהון א רויה ווינטעל און שווערע אומעטיגע טראפענס זענען געפאלען. אפטמאל האט זיך געדאכט, אז אליץ עקט זיך שוין און דער זומער נעהמט־איין א סוף, און דער מענש נעהמט־איין א סוף, און דאס לעבען נעהמט־איין א סוף. די לופט איז געווען אזוי עלענד און שווער. פון אנ'אבגעבלעטערטען בוים איז געפלויגען איבער א דאך עפעס א קראה און האט מיט א צרייסענדער שטים גערופען: קרא, קרא.

ווי א קראנקען האט ער איהם געהאלטען צוגעטוליעט צו זיך, נאר פון מינוט א מינוט האט ער זיך אראבגעבויגען צו איהם און האט איהם גע־קוקט אין די אויגען אריין.

און גערעדט האט ער צו איהם, ווי מען רעדט צו א קראנקען, מילד

און ווייך. אין סאמעט־ווייכע ווערטער האט ער איינגעוועבט זיין טראכטען און פיהלען.

— און זעהסטו, מיין קינד — האט ער געזאגט — עס זענען פאראן מענשען, וואס דאס לעבען איז שטארקער פון זיי און זיי קענען עס נישט גובר זיין. עס קומען תאוות, און מיר וויסען מיט וואס עס שמעקט, נאר מיר קענען נישט אנדערש. עס איז דא, למשל, א תאוה פון א יונגען מענשען צו א יונג מיידעל. איך ווייס עס — זיי רופען עס ליעבע. מען הוליעט, מען איז ממלא די תאוה, מען האט הנאה — און דאס איז דאס לעבען. מען טראכט קיינמאל נישט פון דעם, וואס איז נצחיות און וואס איז קיים, און מען לעבט. מיך וואונדערט נאר דערביי איין זאך: ווי קען עס פאסירען א מענשען מיט מוח און קאפ? ווי קומט דאס נישט דעם מענשען אין דער רעכטער מינוט דער געדאנק אין קאפ אריין: יא, איצט איז דאס דאזיגע יונגע פלייש אזוי שעהן און אזוי בעצויבערענד, אז צוליעב דעמזעלבען גיב איך אוועק אלץ וואס האט אן'איביגען ווערט. אבער ווי וועט עס זיין א יאהר צוואנציג־דרייסיג שפעטער? דאס ליכטיגע פנים וועט זיין געל און איינגעפאלען, די העלע אויגען וועלען זיין האלב פערלאשען און בלינד, די בליצעדיגע ווייסע צייהן וועלען זיין געל אדער ארויסגעפאלען, און האט עס געלויהנט צוליעב דעם פערגעניגען פון טעג, פון שעה'ן, פון מינוטען אוועקצוגעבען און צו אפפערען מיט דעם, וואס איז איביג און ענדערט זיך קיינמאל נישט? איצט טהו איך מיין תאוה, און מיר איז אזוי גוט א גאנצע מינוט לאנג. נאך דער מינוט אבער, ווען מען האט זיך נאר אויסגעניכטערט, ווערט אזוי פאסקודנע אויף דער נשמה, אזוי אז מען שטעהט זיך אליין אין וועג און מען וואלט זיך אליין וועלען שפייען אין זיין אייגענעם פנים אריין. איך פרעג נאר: ווי קאן עס טהון איינער, וואס האט מארך אין קאפ?

ער האט איהם ווי א קראנקען געהאלטען צוגעטוליעט צו זיך און האט אזוי ווייך גערעדט.

דער גולם איז געזעסען בלאס און זיין גאנצער קערפער האט געציטערט.

א ווייסטע טרויעריגקייט אהן האפנונג איז געלעגען ארום און ארום.

עס האָט זיך געדאַכט, ווי מיט דעם דאָזיגען הערבסט עקט זיך די וועלט. אַלץ איז געווען אַזוי מיעד און אָהן פרייד. וואָס לויהנט דאָס לעבען? וואָס גיט אונז אפילו דאָס גוטע לעבען? און וואָס איז אַ מינוט נאָך דעם גוטען? און וואָס האָט מען פון דעם גוטען אַליין? כאָטש געה און טהו דיר אַ מעשה אָן!

דער גולם האָט געפיהלט, ווי יעדעס וואָרט איז אמת, ווי אַ תורה מן השמים. ער האָט פּלוצלינג ווידער גאָרנישט פערשטאַנען, ווי האָט ער נאָר געקאָנט אפילו איין מינוט פערגעסען זיך.

אין אָוועגד, ווען אַלע זענען שוין געשלאָפען, איז ער נאָך אַרומגע־גאַנגען לאַנג אין זיין הדר אַרויף און אַראָב און איהם האָט בעשעפטיגט אַלץ נאָך דער זעלבער געדאַנק. ווי אָבער די בעשטימטע שעה איז געקומען, איז ער אַרויס דרויסען אין דעם גאָרטען־הייזעל, וואו חוה'לע האָט אויף איהם געוואַרט.

*

אַ גאַנץ יאָהר לאַנג האָט דער גולם געשריבען זיינע זכרונות. עס איז אַ וואונדערליך בוך געוואָרען. איין קאַפּיטעל, האָט זיך געדאַכט, איז גע־שריבען געוואָרען מיט דער האַנד פון'ם רבין, און דאָס צווייטע קאַפּיטעל — מיט דער האַנד פון חוה'לען. און פאַרט האָט נישט דער רבי און נישט חוה'לע דאָס בוך געשריבען, נאָר דער גולם.

עפּעס אַ צעריסען לעבען, אַ צעריסען געמיט, צוויי נשמות אין איין גוף — און דאָס נישט אויף איין טאָג און נישט אויף איין יאָהר, נאָר אויף דאָס גאַנצע לעבען.

צו וואָס האָט ער איהם געמאַכט? און ווען יאָ געמאַכט, צו וואָס מיט צוויי נשמות, וואָס איינע ציהט אַהין און איינע אַהער?

און וועמען זאָל דער מענש געבען די בכורה? דער ערד אָדער דעם הימעל? דעם מוח אָדער דעם האַרץ? דער וויסענשאַפט אָדער דער שעהנ־קייט? דער חקירה אָדער דער פּאָעזיע? דעם וויסען אָדער דעם געפיהל? דעם גוף אָדער דער נשמה? דעם מהר"ל אָדער חוה'לען.

ער האָט געזוכט און געזוכט — און האָט געשריבען און געשריבען. איינמאָל האָט דער מהר"ל פון איהם אַרויסגעשריבען און איינמאָל חוה'לע.

רבונו של עולם! מיט וואָס וועט זיך דאָס אויסלאָזען? מיט וואָס וועט זיך דאָס ענדיגען?

אַ ווינטער איז אַריבער און אַ זומער איז געקומען און ווידער האָט זיך גענעהנטערט אַ נייער ווינטער.

*

דער ערשטער טאָג ראָש־השנה האָט פון דער יודענגאַס אַרויסגעפיהרט אַ סך מענשען אין די גאַסען. אַ גרויסער עולם האָט זיך געלאָזט צו דער מאָלדאַווא צו תשליך.

גרויס און קליין, אַלט און יונג זענען געגאַנגען צו תשליך.

די זון האָט נאָך געלויכטען און געוואַרעמט, אָבער די געמיטער זענען שוין געווען אַזוי שווער און ציטערדיג.

און די אַלטע רבי'צין איז געגאַנגען צו תשליך און איז געשטאַנען ביים וואַסער און האָט געזאָגט איהר תחינה און האָט זיך אויסגעשאָקעלט איהרע קעשענעס. און דער אַלטער רבי ר' ליב איז געקומען צו תשליך און איז געשטאַנען און האָט מתפלל געווען און האָט געוואָרפען זיינע זינד אין וואַסער אַריין. און חוה'לע איז שפּאַצירען געגאַנגען און איז געשטאַנען ביים ברעג פון וואַסער און האָט אָהן געדאַנקען געשאָקעלט די קעשענעס און האָט אַריינגעוואָרפען און האָט נישט געוואוסט וואָס. אַ ווייס וואָלקענדעל ביים ברעג פונ'ם רויטען הימעל האָט גראָד צוגעצויגען צו זיך איהרע אויגען.

און דער גולם איז געקומען.

ער איז געשטאַנען און האָט געגלאָצט אין וואַסער אַריין. דאָס וואַסער האָט געצויגען און געצויגען.

„... ותשלך במצולות ים כל חטאתינו".

די זינד זענען אַזוי שווער, און ווי מען וואַרפט זיי, ציהט עס מיט מיט זיך.

אַט פּאַלען זיי, אַט זינקען זיי אַראָב אין די טיעפעניישען, אוי, ווי זיי שלעפּען־מיט מיט זיך!

וואָלט נישט גלייכער זיין, אַנשטאָט איינציגווייז אַריינצוואַרפען, זיי אַלעמען מיטאַמאָל צוזאַמענצונעהמען און זיי מיטאַמאָל אַריינוואַרפען, און טאַקי צוזאַמען מיט זיי אויך זיך אַליין? צו וואָס טויג און צו וואָס נוצט אַזאַ צעריסען לעבען?

אָבער ווען זיין צעריסען לעבען וועט איצט דאָ אויפהערען, וועט דען דורכדעם אויפהערען דאָס צעריסענע לעבען פון אַנדערע?

„... בעל־כרחך אתה חי"! און ער ענטשליסט זיך, אַוועקצוגעהן פון וואַסער.

אַ מינוט שפּעטער, אָבער, האָט זיך פּלוצלינג אַ שריי געלאָזט הערען.

ווי די פישער האָבען איהם אַרויסגעצויגען, האָבען זיי איהם אַוועקגעטראָגען צום גרויסען ר' ליב.

*

אַ ביסעל האָט איהם דער גרויסער ר' ליב מיט דעם שם־המפורש צוריק מחיה געווען און אַ ביסעל חוה'לה מיט איהרע ווערטער.

און אין פּראָג זאָגט מען, אַז דער גולם לעבט ביז אויף דעם הייַנטיגען טאָג.

און נישט נאָך אין פּראָג — מען זאָגט, אַז אויך אין אַנדערע קהילות, אומעטום, און אין אַלע צייטען לעבט דער גולם.

# דער קינסטלער

איך בין שטאָלץ דערויף, וואָס ער איז מיין בעקאַנטער און קומט אַמאָל אַריין צו אונז אין הויז, און גאַנץ בעזונדערס שטאָלץ איז מיין ווייב דערויף. קומען קומט ער עטליכע וואָכען כסדר אַ צוויי־דריי מאָל יעדען טאָג; פּלוצלינג, פון דער הוילער הויט, הערט ער אויף צו קומען און ער בעווייזט זיך נאָר איינמאָל אין פינף, איינמאָל אין זעקס וואָכען. אַזוי געהט אַוועק אַ צייט לאַנג, און פּלוצלינג ווערט ווידער אַ שינוי און ער קומט שוין ווידער אַ צוויי־דריי מאָל יעדען טאָג כסדר. ער איז אַ קינסטלער און דאָס איז קינסטלער־נאַטור. געהט אַ שלאַגס רעגען, האָט ער הנאָה צו געהן אָהן אַ שירעם. ווען ער קומט, פרעגט ער האַסטיג, צי איז פאַרהאַן אַ גלעזעל „מיל פליר אַ לאַ באָמאַרשיי” אָדער „שאַרטרעז אַ טרוא קרוא” אָדער עפּעס אַנ׳אַנדער מין משקה מיט אַ מאָדנעם אויסגעוואָרפענעם נאָמען. טיילמאָל טרינקט ער אַ דריי־פיער אַזעלכע גלעזלעך כסדר, טיילמאָל אָבער גיסט ער זיך פול דאָס ערשטע גלעזעל און גיסט אוים אויף דער ערד, גיסט זיך דאַן פול דאָס צווייטס און גיסט עס ווידער אויס, גיסט זיך צום סוף אָן אַ דריטס און לאָזט עס שטעהן און טרינקט עס גאָרנישט. דאָס זענען קינסטלער־קאַפּריזען. אָפט ביי דער טרויעריגסטער געלעגענהייט, געפינט ער פּלוצלינג אַנ׳אורזאַך, אַרויסצושיסען מיט אַ העליש געלעכטער, און אומגעקעהרט, ווען אַלע לאַכען גראָד איבער עפּעס, ווייזט ער אונז, ווי טיעף טראַגיש דווקא דאָס דאָזיגע איז. מיר הערען זיך צו מיט גרויס כונה, און דערהויפט מיין ווייב, און מיר זענען דאַנקבאַר פאַר די בעלעהרונג. אָפט, אַז מיר זענען נתפּעל פון עפּעס אַ שעהן פרויענצימער, קוקט ער אונז אָן מיט רחמנות און שמייכעלט און דערלאַנגט אַ שפּיי; פערקעהרט אָבער, ווען מיר בעגעגענען אַמאָל עפּעס אַ פרוי, וואָס אַ פּראָסטען בן־אדם וועט נישט נעהמען אַזוי שטאַרק אַ חשק זי אָנצוקוקען, קען זיך מאַכען, אַז ער, דער קינסטלער, וועט קומען אין התלהבות און וועט אָנהויבען צו רעדען פאַר

פייער אין פאר וואסער און וועט אונז ערקלערען, ווי איהר פנים איז „קלאַ־סיש", „פריגיש", „דאָריש", „יאָניש", און ווייסט גאָט וואָס נאָך פאר אַ בערגעל ווערטער, און דערהויפּט געפעלט איהם עפּעס דאָרט אַנ'אַנטיקע „ליניע" אויף איהר האלז — אַ, דער האלז! דער האלז! קוקט נאָר אָן דעם ראַזיגען האלז! — אָדער עס געפעלט איהם עפּעס אַ געוויסער „פּונקט" אויף איהר פּלייצע אָדער אַ דרעה פון איהר — און מיר פערשפּיצען די אויערען און הערען גאָטס וואונדער און הויבען אָן צו בעוואונדערן. אָפּט געפעלט איהם נישט דער טענאָר, וועלכען מיר האָבען געהערט אין דער אָפּערע, און איהם געפעלט גאָר עפּעס אַ שייגעצעל, וואָס האָט געבלאָזען אויף אַ פייפעל ביי אונז אין הויף. אָפט געפעלט איהם נישט אונזער פערגע־טערטער גיואַי דע מאָפּאַסאַן אָדער טשעכאָוו — די „ליניע" איז ביי זיי אזוי גראָב! דער „שטריך" שטעהט נישט אין קיין שום פערהעלטנים צו דער „פּערספּעקטיוו"; — און איהם געפעלט גאָר עפּעס אַ מאָדנער פעליע־טאָן פון אַ מאָדנעם שרייבער אין אַ מאָדנער צייטונג. מיר זיצען און האָר־כען און קלויבען די ווערטער און מיר פערשטעהען און זענען דאנקבאר.

מיר האָבען ביי זיך אַנ'אַלטען וואנד־זייגער, אַ ירושה־זאַך פון אַנ'־עלטער־זיידען, איינגעפאסט אין אַ רויטען מאַהאָגאָני־קאַסטען, וועלכער גרייכט פון דער ערד ביז איבער די פענסטער; די ניאַניע פון אונזערע קינדער האָט אַנ'אַלטען טערקישען שאַל מיט אַלטע פערלאַטעטע לעכער, דעסגלייכען אַ ירושה־זאַך, וואָס מיין ווייב האָט גענומען פון עפּעס אַנ'־עלטער־באָבען און וועלכען זי האָט אָוועקגעשאָנקען דער ניאַניע. דער קינסטלער אָבער, אזוי באלד ווי ער קומט, הויבט אַלעמאָל אָן פונדאָסניי אונז צו ערקלערען די שעהנקהייטען פון די דאָזיגע זאכען. דערהויפּט רעדט ער וועגען דעם געזימס פונ'ם זייגער. דער געזימט איז האלב שפּיציג און האלב קיילעכדיג. דאָס איז דער סמיל פון האלב־שפּיץ־קיילעכדיג. עס איז גאָטיש און רענעסאַנס צוזאַמען. דאָס ראָקאָקאָ פאלט אריין אין באַראָק. און אַז מיר דערצעהלען איהם, ווי מיר זענען פון קינדורייז־אָן געוועהנט גע־ווען תמיד דעם דאָזיגען זייגער בכבוד צו האלטען און מיר האָבען אַלעמאָל געוואוסט, אַז דאָס איז אַ „שעהן שטיקעל ארבייט", וואַרפט ער אונז צו אַ האלב בייזען און אַ האלב שטראָפעדיגען בליק און זאָגט: „איהר זענט אַלע

נאַראָנים און גאָרנישט ווייסט איהר!", און הויבט אָן אונז צו ערקלערען די שעהנהייטען פונ'ם טערקישען שאַל און ווי אפילו די געלאַטעטע לעבער זענען שעהן, און דאַן לאָזט ער זיך אריין אין א שמועס מיט דער ניאַניע מכח דעם שאַל, וועלכען ער וויל אָבקויפען פון איהר און פון וועלכען ער וויל זיך מאַכען א טעפּיך אויף דער וואַנד אין זיין קאַבינעט.

נעכטען איז ביי אונז געווען א קליינע געזעלשאַפט — טיי מיט צוביים. נאַטירליך האָט מיין פרוי אַלץ געטהון, אז דער קינסטלער זאָל אויך זיין. עס איז גראָד געווען ביי אונז א פריינדין פון מיין פרוי, א יונג ווייבעל, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון איהר האָכציימס־רייזע. איך האָב איהם פאָר־געשטעלט איהר.

— מאַדאַם, וויפיעל קינדער האָבען זיי? — האָט ער זי פּלוצלינג א פרעג געגעבען.

די דאַמע איז זעהר רויט געוואָרען. מיין פרוי האָט זיך פערשעהמט. די דאַמע האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טהון, און האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— גאָט זאָלען זיי דאַנקען, וואָס זיי האָבען קיין קינדער נישט. עס איז גלייכער צו געהן אויף דער גאַס און זיך פערקויפען יעדען מאַנספערשוין, אבי קיין קינדער נישט צו האָבען. קינדער דאָס איז מיסט! קינדער דאָס איז בלאָטע! (די דאַמע איז טויזענדמאָל רויטער געוואָרען. דער קינסטלער האָט ליעב זיך צו בענוצען מיט זעהר שטאַרקע ווערטער). אָבער ווען זיי וואָלטען האָבען א זוהן, וואָלט איך זיי אַיין זאַך ראַטען: למען השם, לאָזען זיי איהם נאָר נישט ווערען קיין קינסטלער. בעסער א שוסטער, א פליק־שניידער, א קוימען־קעהרער, א מיסטוואָגען־שלעפּער, א קויהלען־טרעגער, א קלאָזעט־ריייניגער, אָבער נישט קיין קינסטלער. א קינסטלער דאָס איז א פערשאָל־טענער מענש! קיין לאַסט איז נישט אזוי שווער ווי די לאַסט פון א זשעני — דאָס קאָנען זיי מיר גלויבען! — דאַן האָט ער א טיעפען זיפץ געגעבען.

פּלוצלינג האָט ער אָבגעווענדעט זיין פּנים און האָט א מינוט בעטראַכט די פענסטער פון אונזער גאַסט־צימער, ווי ער וואָלט זיי צום ערשטען מאָל געזעהן, און האָט אָנגעהויבען אונז צו ערקלערען די „ריטמיק" פון פענס־טער בכלל און פון אונזערע פענסטער בפרט. פענסטער מוזען זיין אזוי הויך

ווי ברייט, און אזוי ברייט ווי הויך. מיין פרוי האט צוגעהערט און איהרע באקען און איהרע אויגען האבען געגליהט. דאן פלוצלינג האט ער אנגעהויבען רעדען פון די טאפעטען, וואס מיר האבען אין עס־צימער, און ווי עס איז בעסער, אז אנ׳עס־צימער זאל זיין געמאלט און נישט טאפעטירט; דאן האט ער אנגעהויבען רעדען פון אונזער געמאלטען סאלאן און ווי עס איז „סטילמעסיגער", אז א סאלאן זאל זיין מיט טאפעטען און נישט געמאלט. מיר האבען דאנקבאר געהערט. פלוצלינג האט ער דערזעהן סירענא, אונזער קעצעל, ווי זי שטעהט נעבען איהם, און ער האט אונז ערקלערט, ווי עס איז ריטמישער, אז א הויז קאץ זאל הייסען א נאמען מיט צוויי זילבען און נישט מיט דריי; מיט דריי פאסט בעסער פאר א הונד. דאן האט ער גיך אויסגעשפיגען אויף דעם פארקעט און האט פלוצלינג א מאך געטהון צו מיר מיט דער האנד — איך בין אויפגעשטאנען, און מיר זענען ארויסגעגאנגען.

— דאס איז שוין אזוי אונזער גורל, האט ער געמאכט צו מיר, ווי מיר זענען געווען אויף דער גאס — נאר געבען, געבען, אלעמאל געבען! אונזערע אויגען, אונזערע אויערען, אונזר מוח מוזן מיר אוועקגעבען פרעמדע מענשען! און וואס איז דער דאנק דערפאר, וואס די נאטור גיט אונז? זי גיט אונז אנ׳עמפינדונגס־קראפט וועלכע פערצעהרט און פערברענט תמיד! — פלוצלינג קוקט ער מיך אן מיט א מאדנער פריינדליכקייט, ווי מען קוקט אן א געליעבט פערד. „אך, וואס ווייסטו, דו גליקליכער! דו האסט נישט יענץ פערצעהרענדע פייער אין דיין אינערן. דו קענסט דיר רוהיג עסען, שלאפען טרינקען, פלוימען קייען, האבען צו טהון מיט פרויען, געהן אין טעאטערס, קנאקען נים, לייענען צייטונגען, קיצלען און זיך לאזען קיצלען. אבער דער קינסטלער מיט זיין טויזענדפאכער עמפפינדליכקייט, ער שפירט די גאנצע וועלט, ווי א מורא׳דיגע קוואהל. אייך איז גוט, וואס אייער הארץ איז אזוי בעלהבתיש פיין איינגעווירטשאפט און יעדעס פיצעלע געפינט זיך ריכטיג אויף זיין ארט, ווי דאס געפעס ביי א גוטער קעכין אין קיך. אבער א מענש ווי איך מיט א ים פון איינדרוקען אין יעדער מינוט! עס איז א מין אייביגער בויך־וועהטאג אין דער נשמה, וועלכע קאן דאס עמפפונדענע נישט פערדייען!" — ער האט זיך הייזעריג צעלאכט.

דאַן האָט ער מאַך געגעבען: „נו, פּטור! זאָל שוין זיין וואָס וועט זיין!" און איז מיט דער רעכטער האַנד אַריינגעפאָהרען אין זיינע געדיכטע האָר ביז צום נאַקען, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַראָבגעכאַפּט דעם הוט.

פלוצלינג האָט ער מיך אַ כאַפּ געטהון פאַר'ן אָרעם. „קוק נאָר, קוק! אָט איז דער שפּיץ דאַך פונ'ם קלויסטער! אַך, וואָס פאַר אַ קאָנטורען! ווי שטאַפּעלט זיך דאָס אָב און שניידט זיך איין אין די לופט פון הינטען! עס מאַכט אויף מיר דעם איינדרוק ווי שאָפּענ'ס נאָקטורנאָ אין „דעס", נאַטירליך מיט דעם חילוק, אַז דאָס איז „דור" אָנשטאָט „מאָל"! קושען האָט מען עס דאָך געדאַרפט. אָבער די פערד, די שלעק, די מענשען מיין איך, שלעפּען זיך טאָג טעגליך דאָ פאַרביי, און וואָס זעהען זיי פון דעם אַלעם? וואָס געניסען זיי פון לעבען? טויזענדער פיהלען גאָרנישט, אָבער פלוצלינג קומט איינער, וועלכער פיהלט פאַר טויזענדער!" — איך בין געגאַנגען נעבען איהם און האָב שטאַרק דרך־ארץ געהאַט פאַר דעם ראָזיגען איינעם.

אַ קליין מיידעלע, וועלכעס פערקויפט שוועבעלעך, איז פאַר אונז פאַר־בייגעגאַנגען. ער האָט זיך אָבגעשטעלט און האָט זי געפרעגט, וויפיעל, פּעק־לעך זי האָט בסך־הכל. זי האָט דורכגעצעהלט און געענטפערט אַז 27 פּעק־לעך האָט זי. ער האָט איהר דערלאַנגט אַ האַלב קערבעל און האָט ביי איהר צוגענומען אַלע פּעקלעך, וועלכע זי האָט געהאַט. דאַן האָט ער דערזעהן אַ בעל־עגלה און האָט איהם אַוועקגעשאָנקען דעם גאַנצען אוצר. ווי ער איז צוריקגעקומען צו מיר, האָב איך נישט געוואוסט, צי האָב איך דאָס אַלץ געזעהן אָדער ניין. איך בין געגאַנגען און האָב געשוויגען. ווי עס ווייזט זיך אויס, האָב איך נישט געטראָפען; עס האָט אָנגעהויבען אין איהם צו קאָכען און צו זידען. פלוצלינג האָט ער אַ זאָג געגעבען: „דער שטומער קוק, מיט וועלכען דאָס מיידעל און דער בעל־עגלה האָבען מיך אָנגעקוקט, איז מעהר ווערט ווי טויזענד ווערטער פון מענשען!"

און ווי מיר זענען אַרויסגעקומען אין די אויאַזדאָווער אַלעען, דאָ ערשט האָב איך געזעהן, וואָס פאַר אַ מין התקרבות, וואָס פאַר אַ זיווג־הגוף עס איז צווישען איהם און דער נאַטור. די נאַטור געהערט אינגאַנצען

איהם. ער האָט אראָבגענומען זיין הוט און האָט זיך ארומגעקוקט ארום און ארום, אזוי ווי דער בעל־הבית, ווען ער קומט אין זיין נחלה אריין. אַלע איבעריגע, וועלכע זענען פאַרבייגעגאַנגען, זענען געוועזן עפּעס ווי פרעמדע וועלכע ער אין זיין גרוים פריינדליכקייט, לאָזט זיי אריין און פער־וועהרט זיי נישט צו קוקען. ער האָט לאַנגזאַם געגעבען א שאָקעל מיט׳ן קאָפּ, און דאָס איז געווען, ווי ער וואָלט ענטפערען א בעקאַנטען בוים אויף א „גוט מאָרגען", וואָס ער האָט איהם בהכנעה אָנגעגעבען. ער האָט קיין וואָרט נישט גערעדט און פאָרט האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי ער וואָלט האַלטען אין איין שרייען און אין איין בעריהמען זיך.

דאַן האָט ער אָנגעהויבען די נאַטור מיר צו צעקייען און זי מיר אריינ־לעגען און מויל אריין. די נאַטור איז זיין, זי איז זיין פּריוווילעגיע. ער האָט גערעדט וועגען ליניעס און וועגען גרין און בלוי און געל, און פּלוצלינג האָט ער זיך א וואָרף געגעבען מיט ווערטער צום טעאַטער און מוזיק, און מאַלעריי, און ליטעראַטור. א פּנים אז איך האָב דאָס געהאַט צו פער־דאַנקען דער נאַטור; זי האָט אויף איהם געמאַכט דעם רושם. אָנגעקומען אין דעם לאַזיענקי־גאָרטען, האָט ער מיר פּלוצלינג ערקלערט, אז די קאָרע פונ׳ם בוים, דאָרט הינטען ביים טייך, ווייזט איהם אויס ווי דער פּיטאַגאָ־רעאישער לעהרזאַץ. איך האָב זיך גוט איינגעהערט. פּלוצלינג אָבער האָט ער אָנגעהויבען שווייגען, און פאָרט האָט זיין שווייגען געמאַכט א גערודער. זיין שווייגען האָט געהילכט. זיין שווייגען האָט געשריען. אזוי שווייגט א קינסטלער.

שפּעטער האָט ער זיך נוקם געווען פאַר זיין שווייגען און האָט אָנגע־הויבען רעדען. ער האָט גערעדט אין איין אָטעם און אָהן אנ׳אויפהער. איך האָב אויפגעהערט איהם צו פערשטעהן און האָב אָנגעהויבען מורא צו קריי־גען פאַר איהם. ער האָט זיך ארייגערעדט אין א מין התלהבות — און פאָרט האָט מען געקאָנט וויסען פאָראויס יעדעס וואָרט, וועלכעס וועט קומען. ער האָט עפּעס אזוי געמאַכט, אז עס זאָל זיין, ווי עס וואָלט ארויסרעדען

פון איהם. די נבואה איז איהם אָנגעפּאַלען. אַרום איהם איז געוואָרען ווי א נעבעל — —

ווען איך בין מיט איהם געקומען צוריק אַהיים צו אונז, האָט ער אַלץ נאָך גערעדט. די דאָמען זענען געזעסען און האָבען פערשלונגען יעדעס וואָרט. אויגען האָבען געגליהט. דער קינסטלער האָט אָנגעהויבען זיך צו בענוצען מיט שטאַרקע אויסדריקען.

# וועגן איין איינציג פינטעלע

דאָס א פינטעלע קען אַלץ אָנמאַכען אין לעבען! א רבי'ן האָב איך געהאַט ר' משה ברוך דער בעל-מדקדק. אָנגעהויבען האָט ער מיט א פינטעלע — און געענדיגט אין סיביריען. און פאַרט איז דאָס געווען איינער פון די אָרענטליכסטע, בעסטע, פיינסטע מענשען פון דער וועלט.

מיינט איהר דאָך אודאי: עפּעס א פּאָליטישער פערברעכער. פאַר א פּאָליטישען פערברעכען איז דאָך נישט שייך צו זאָגען; עס קען אמאָל אויך דער אָרענטליכסטער, בעסטער, פיינסטער מענש אריינפאַלען אין די דאָזיגע מעשות. זאָג איך אייך: ניין, עס הויבט זיך אפילו נישט אָן! א מלמד איז עס געווען, וואָס עס איז איהם נישט געלעגען קיין „הוריות" אין קאָפּ. זיין זיעבענטע דאגה איז עס, אויב די וועלט פירט זיך אזוי אָדער אזוי. ער האָט זיך געהאַט זיין וועלטעל, און דאָס דאָזיגע וועלטעל איז בע־שטאַנען אין דקדוק. א שוא נע מיט א שוא נח מיט א דגש, דאָס איז געווען אַלץ, וואָס האָט בעשעפטיגט זיינע גאַנצע מוחות. און אָט טאַקע דער דאָזי־גער דקדוק איז עס, וועלכער האָט איהם צום סוף געבראַכט קיין סיביריען. א קליין פינטעלע איז עס געווען, א דגש הייסט עס; און נאָך דערצו וואָס פאַר א דגש! נישט ס'מאָל א ריכטיגער, נאָר איינער וואָס האָט זיך געמאַכט על־פי־טעות, און אפילו נישט קיין מענש האָט איהם געהאַט געמאַכט . . .

ווער עס האָט מיין רבי'ן דעם מדקדק נישט געזעהן, האָט אזוי לאַנג ווי ער לעבט נישט געזעהן, וואָס עס הייסט א מדקדק. על־פי־דקדוק האָט ער געפּלעגט עסען און על־פי־דקדוק האָט ער געפּלעגט טרינקען, על־פי־דקדוק — זיין ווייב, די רבי'צין, דורכצוקלאַפּען און על־פי־דקדוק — צו געהן שלאָפען; דער דקדוק האָט איהם אויסגעפּילט זיינע מוחות ביי טאָג און זיינע חלומות ביינאַכט. איינמאָל אין חלום האָט ער געזעהן א דגש, רייטענ־דיג אויף אַ'עזעל, און אין מויל האַלטענדיג דעם שופר של משיח. און אויך דאָס אויסזעהן פון מיין רבי'ן איז געווען ווי א שטיק דקדוק: דער קאָפּ

איבער די צוויי אויסגעקרומטע פּלייצעס האָט אויסגעזעהן ווי אַ חלום איבער אַנ'עין, די וואָנסעס אונטער דער נאָז — ווי אַ פּתח אונטער אַ וואָו, די נאָז מיט די אויגען — ווי אַ סגול אונטער'ן שטערען; די נאָז איז געווען געקרומט ווי אַ זיין, די צוויי נאָזלעכער פון אונטען — ווי אַ צירה, די באָרד מיט די דריי שפּיצען, איינער לענגער פאַר'ן אַנדערען, האָט אויסגעזעהן ווי אַ שורוק, און ער אַליין, ר' משה ברוך, איז געווען אַ קליין, רונדיג מענשעלע, און האָט מען איהם געזעהן פון ווייטען געהענדיג, האָט זיך איינעם געקאָנט דאַכטען, אַז אַ דגש קייקעלט זיך איבער דער ערד.

און אַ בייזער איז ר' משה ברוך געווען; אַ גוטער מענש אפילו פון דער נאַטור, נאָר אַ כעסן. האָט אַ חדר-יונגעל אַרויסגערעדט אַ וואָרט, נישט אַזוי ריכטיג על־פּי־דקדוק, האָט ער איהם געקענט מכבד זיין, אַז יענער זאָל שוין געדענקען כל־ימיו; האָט אַ פליעג עפּעס אַ נקודה אָנגעמאַכט אויף אַ ספר, גראָד אין אַנ'אות אַריין, האָט ר' משה ברוך געקענט זיין כעס אויסלאָזען נישט נאָר צו אַלע פליעגען, נאָר אפילו צו דער קאַץ און צו אַלע אין דער שטוב; האָט איינער למשל צו איהם געזאָגט „שבת נח-מו" אָנשטאָט „שבת נ־חמו", האָט ר' משה ברוך געקענט איהם פון שטוב אַרויסטרייבען. אפילו זיין ווייב, די רבי'צין, האָט זיך נישט געוואַגט צו איהם צוגעגעהן, ביז זי האָט נישט גוט זיך מכין געווען. אַמאָל ביי מיטאָג האָט זי זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, אַז איהר מוהמע שפּרינצע „עליו השלום" האָט געטהון אַזוי און אַזוי, און האָט פערגעסען אַז עס קומט צו זאָגען „עליה השלום" — דאָ איז ער אויפגעשטאַנען, האָט איהר דערלאַנגט אַ שטופּ, אַז זי איז נעבעך געפאַלען, האָט געכאַפּט די שיסעל מיט די קאַרטאָפלעס און האָט זי אַ שליידער געגעבען אויף דער ערד, האָט אַלע כלים פונ'ם טיש אויף פיצלעך צעבראָכען און האָט אָנגעמאַכט אין שטוב אַ רעכט פיינעם פּאָגראָם. אויך מיט זיין ערשט ווייב, בשעת זי איז אַמאָל געלעגען אין קינפעט, האָט זיך איהם געטראָפען אַ מעשה נורא: זי איז נעבעך געלעגען אין קדחת, וועלכעס האָט געברענט אין איהר ווי אַ העליש פייער, און מיט שוואַכער שטימע האָט זי איהם גערופען: „משה-ברוך!" — און דאָ האָט ער אַ געשריי געגעבען: „אַרורה! ווייסטו דען נאָך אַלץ נישט, אַז עס קומט

צו זאָגען משה־ברוך, דעם בית אָהן אַ דגש ? . . ." און זי האָט זיך נעבעך אזוי שטאַרק דערשראָקען, אַז צום אָווענד איז זי געשטאָרבען . . .

און אָט דער מענש, וועלכער איז געווען אייגענטליך גוט און פיין און אָרענטליך, האָט נעבעך אַ סוף איינגענומען, ווי איך ווינש עס נישט דעם ערגסטען. ער איז איבער אַ פינטעלע פערשיקט געוואָרען קיין סיביריען.

געוועזען איז עס תמוז־צייט. די היץ אויף דער גאַס איז געגאַנגען פון מינוט צו מינוט וואָס שטאַרקער, און נאָר מינוטענווייז האָט אריינגעבלאָזען עפּעס אַ ווינטעלע דורך דעם אָפענעם פענסטער. מיר אַלע, די תּלמידים, זענען געזעסען ארום דעם טיש און האָבען געלערנט. אַ הוהן האָט זיך ארומגעדרעהט איבער דער שטוב און האָט געקוואָקעט. אויבענאָן ביים טיש איז געזעסען ר' משה ברוך, און זיינעביידע אויגען האָבען געלויכטען ווי צוויי דגשים. די קאַפּאָטע האָט ער געהאַט אראָבגעוואָרפען פון זיך, און ער איז געזעסען אין די ווייסע ברייטע אַרבעל פון העמד, פון וועלכע עס האָבען ארויסגעקוקט די בעהאָרטע הענד. געהאַלטען האָבען מיר אין ספר „בראשית" ביי דער פּרשה „תּולדות"; דען מיר־האָבען נישט געפּלעגט צו לערנען סדרות לויט דער וואָך, נאָר כסדר האָבען מיר געלערנט דעם גאַנצען חומש. נאָך דעם לערנען האָט ער אונז געהייסען, מיר זאָלען יעדער אין דער היים די פּרשה דורכגעהן און יעדעס וואָרט בעזונדער לויט דקדוק פונאַנדער־נעהמען, פון וואָס פאַר אַ „בנין", פון וואָס פאַר אַ „זמן" עס איז וכדומה.

צומאָרגענס האָט יעדער פון אונז זיין לעקציע מיטגעבראַכט בכתב. זלמן פּושקע איז געווען דער ערשטער, וואָס איז פערהערט געוואָרען, און איז ארויס בשלום. דער צווייטער איז געווען מענדיל קוואָקע, און אויך ביי איהם איז אַלץ אריבער בשלום. דער דריטער איז געווען פּייטיל קאַלטען. ר' משה־ברוך האָט איבערגעלייענט זיין לעקציע אין דער הויך, גאַנץ בנעימות'דיג, וואָס מלעיל—מלעיל— און וואָס מלרע־מלרע, און האָט אָנגעקוואָלען ליי־נענדיג. פלוצלינג איז זיין פּנים פינסטער געוואָרען און זיין שטימע האָט זיך איבערגעביטען:

— „הברכה (הברכה) אחת היא לך, אבי" — האָט ר' משה־ברוך אראָבגעלייענט פונ'ם פּאַפּיער און זיין שטימע האָט מבשר געוועזען נישט גוטעס — האָסטו דאָס געשריבען, פּייטיל ?

פּיטיל איז געשטאַנען און געציטערט. קוים צום הערען האָט ער געענט־פערט עפּעס אַ מין וואָרט, וואָס האָט געלאָזט הייסען : יאָ.

— און וואָס בעטייט דער דגש אינ׳ם וואָרט „הברכה״ ? האָט ר׳ משה־ברוך ווייטער געדונערט.

דאָסמאָל האָט דאָס יונגעל גאָרנישט געענטפערט און נאָר זיין גוף האָט געציטערט.

— ענטפערען וועסטו, פּיטיל ! איז דער הא פונ׳ם וואָרט „הברכה״ אַ הא הידיעה אָדער אַ הא השאלה ? — וועסטו אויפמאַכען דיין פּיסק ? וועס־טו ענטפערען ?

— אַ הא השאלה ! — האָט דאָס קינד געענטפערט און די ווערטער האָבען איהם געשטיקט אינ׳ם האַלז.

— ווי אַזוי־זשע קומט אריין אַ דגש אין דעם בית פון „הברכה״ ?— האָט ר׳ משה־ברוך געשריגען.

פּיטיל האָט אַ מינוט לאַנג נישט געענטפערט. פּלוצלינג אָבער האָט ער אַ געשריי געגעבען, ווי איינער וואָס האָט זיך פּלוצלינג עטוואָס דער־מאָהנט : — אין דעם בית איז דאָך גאָר קיין דגש נישט פאַרהאַן ! . . . אַזוי זאָל דער טאַטע און די מאַמע לעבען ! איך האָב דאָס דאָזיגע פּינטעלע נישט געמאַכט . . .

די ווערטער האָבען געקלונגען, ווי ווען ער זאָל זאָגען : איך האָב דאָס דאָזיגע בלוט נישט פערגאָסען . . .

— געמאַכט און נאָך לייקענען דערצו ? — האָט ר׳ משה־ברוך גע־שריגען אויף זיין העכסטען קול און די אויגען זענען איהם אונטערגעלאָפען מיט בלוט.

די ווערטער האָבען געקלונגען מיט דעם ניגון פון פּסוק : הגרצח׳נט און נאָך ירשה׳נען דערצו ?

דאָס אומגליקליכע קינד איז געשטאַנען ווי פערשטיינערט, און נאָר די ציינער האָבען איהם געקלאַפּערט.

נאַ, דאָ האָסטו אַ פּינטעל, דו ממזר בן הנידה ! האָט דער מדקדק אויסגערופען און האָט דעם יונגעל דערלאַנגט אַ פּאַטש איבער׳ן קאָפּ — נאָר איין איינציגען פּאַטש.

דאָס קינד איז אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד און איז געבליבן ליגן נעבן טיש, דעם רעכטען פוס אויסגעצויגן.

עטליכע מינוט האָט מען געוואַרט. ווי מען האָט געזעהן, ווי דער בחור שטעהט נישט אויף, האָט מען אָנגעהויבען איהם טאָרגען ביי דער האַנד אַהין און אַהער. פלוצלינג האָט עמיצער דערקענט, אַז דאָס קינד ליגט אין חלשות. אַ בהלה, אַ געפילדער, אַ גע'רעש איז געוואָרען. אַ גרויס געוואַלד האָט זיך געהערט אין דער גאַנצער שטוב.

און דאָס געוואַלד האָט זיך באַלד געהערט אין גאַנצען הויז און פון דאָרט איז עס געקומען אין גאַס אריין און האָט זיך פערשפּרייט ביז צום מאַרק־פּלאַץ.

אינ'ם ווייסען הויז פונ'ם אַפּטייקער זענען גראָד געזעסען אונטען אין דער "ויינשטוב דער לעהרער און דער סלעדאָוואַטעל און דער דאָקטאָר און דער אַפּטייקער און האָבען געשפּיעלט אַ טור ווינט. דער סלעדאָוואַטעל שפּיעלענדיג מיט זיין פּאַרטנער דעם לעהרער, האָט גראָד געהאַט אָנגעזאָגט אַ קליינעם „שלעם בעז קאָזעריי" און איז געבליבען „בעז דוואוך" — פּלוצלינג האָבען זיי געהערט דאָס געוואַלט, און זענען אַלע ארויס אויף דער גאַס. דער דאָקטאָר איז צוגעלאָפען ביז ר' משה־ברוכ'ס חדר, איז אריין און האָט אָנגעהויבען זיך מתעסק זיין מיט דעם קינד. דאָס אומגליק, האָבען אַלע געזאָגט איז געווען, וואָס קיין בלוט האָט זיך נישט געוויזען; ווען עס ווייזט זיך בלוט, וואָלט אפשר גאָרנישט אַזוי שלעכט זיין. מען האָט דאָס קינד אַוועקגעטראָגען אַהיים צו זיינע עלטערן.

אַקעגען אָוונט איז דאָס גאַנצע שטעדטעל געווען אויפגערודערט. פיי־טיל איז געשטאָרבען און דאָס גאַנצע שטעדטעל האָט גערעדט פונ'ם רוצח.

און בשעת ר' משה־ברוך איז אַ טאָג דערויף געזעסען פערשפּאַרט אין דער היים, אַז קיין מענש זאָל איהם נישט זעהן, און האָט ארומגעגראַבעלט אין די פּאַפּיערען פון די פערשיעדענע לעקציעס און האָט געמאַכט די ענט־דעקונג, אַז דאָס פּינטעלע אין דעם וואָרט „הברכה" איז באמת טאַקע נישט געווען אַ פּינטעלע וואָס אַ מענש האָט עס געמאַכט, נאָר אַ פליעג האָט עס דאָרט פליהענדיג אריינגעוואָרפען אין די הוילע בית אריין, — דאָ זענען פּלוצלינג צו איהם אריינגעקומען עטליכע זשאַנדאַרמען מיט סאָלדאַ-

טען און מיט א מין פריסטאַוו און האָבען איהם צוגענומען און אוועקגע־
פיהרט.

ביי דער „דיעלאָ" אינ'ם „אָקורזשנאָי סוד", איז געשטאַנען אויך אַנ'
אדוואָקאַט מצד ר' משה־ברוכ'ן און האָט געטענה'ט מיט שוים אויף די
ליפּען, אַז דער בעשולדיגטער האָט די מעשה געטהון בשוגג. דאָס אַלץ האָט
אָבער נישט געהאָלפען. זעקס יאָהר קאַטאָרגע האָט ער פאָרט געקריגען.

איך אַליין האָב איהם געזעהן פיהרען: א האַלבער קאָפּ אָבגעגאָלט און
אין א מאָדנע מאַנטעל איינגעהילט.

און זאָגען זאָגט מען, אַז ער איז נעבעך געשטאָרבען, דאָרט ערגעץ ווייט
אין סיביריען, באַלד אין ערשטען יאָהר.

וואָס א פינטעלע קען אַלץ אָנמאַכען אין לעבען.

# ביי אַ ספר-תורה

באַרים גורעוויטש האָט זיך צוגעקנעפּעלט דאָס לעצטע קנעפּעל פון זיין הענטשקע, האָט צו אָבשיעד נעגעבען זיין ווייב גאַלאַנט אַ קוש אויפ׳ן שטערען, האָט נאָך אַ מינוט לאַנג זיך בעקוקט אינ׳ם שפּיגעל און ענדליך איז ער אַראָב צו זיך אין זיין קאַנטאָר אַריין. ער האָט רוהיג נאָך געאַרבייט אַ האַלבע שעה: פערדרויכערט אַ ציגאַר, נאָכגעקוקט די קאָרעספּאָנדענץ פון דער מאָרגען פּאָסט, געגעבען זיינע געשעפטס־מענשען פערשיעדענע דיספּאָזיציעס און האָט דאַן געקוקט אויפ׳ן זייגער. נאָך אַ מינוט צוואַנציג האָט ער איבעריגע צייט. ער האָט היינט עפּעס אַ שטיקעל „דיעלאָ" אין געריכט. אויף האַלב עלף איז די „פּאָוויעסטקאַ" אויסגעשריבען, און איצט איז ערשט צעהן. ער האָט נאָך רוהיג נאָכגעקוקט אַ צוויי טוץ רעכנונגען און דערביי וועז־נישט־ווען נאָכגערעכענט אויפ׳ן „שטשאָט". דאַן האָט ער זיך געלאָזט דערלאַנגען פונ׳ם קאַסירער דעם פּאָרטפּעל מיט אַ פּאָסט־וועקסלען, האָט אַ טייל פון זיי זשירירט און האָט געגעבען נייע דיספּאָזיציעס. דאַן האָט ער נאָך אויסגעמוסר׳ט אַ בוכהאַלטער פאַר צו שפּעט קומען און דאַן ענדליך איז ער אַרוים אין גאַס אַריין.

די זון האָט געלויכטען און די שניי־קריסטאַלען האָבען געפונקעלט אינ׳ם זונענשיין. באָרים גורעוויטש האָט בעשלאָסען צוצוגעהן צופוס דאָס קליין שטיקעל וועג ביז צום געריכט אין דעם דאָזיגען שעהנעם וועטער.

ערשט איצט האָבען זיך זיינע געדאַנקען אָנגעהויבען צו בעשעפטיגען אויך מיט זיין שטיקעל פּראָצעס אינ׳ם געריכט. עס איז מערקווירדיג, ווי ביז איצט איז איהם דאָס גאָרנישט געקומען אין קאָפּ אַריין!

עס איז אַ דיעלאָ עפּעס מיט אַ מיידעל. אַ מיידעל, רעגינקאַ מוטערפּערעל, אַ וועש־נעהטאָרין פון דער קראָטאַ־גאַס, האָט אויף איהם איינגעגעבען אין געריכט. אַליין וואָלט זי גאָרנישט האָבען קיין שכל דערצו; זי איז אַ נאַריש מיידעל. שלעכטע מענשען, וועלכע מאַכען זיך פון אַלצדינג

א פרנסה, האָבען זי מסתם אָנגערעדט דערצו. זי פערלאַנגט פון איהם לע־בענסמיטעל און אויסהאַלט פאַר א קינד, וועלכעס זי האָט פון איהם. באַרים גורעוויטש שמייכעלט צו זיך אַליין. דאָס מיידעל, ווי עס ווייזט זיך אויס, איז נאָך זעהר אונערפאַהרען. עס איז קיין וואונדער נישט; זי איז ערשט איינגאַנ־צען זיעבצעהן יאָהר אַלט.

א בעקאַנטער געהט פאַר איהם פאַרביי און גריסט זיך מיט איהם. זיי געהען און פלוידערען צוזאַמען א קליינע שטרעקע. פעל איז געשטיגען. עס איז פאַרהאַן א קלייגער פּאָסטען ביי א בעקאַנטען געגען באַר צו קויפען. הערר גורעוויטש האָט אָן זיין „דיעלאָ" ווידער כמעט פערגעסען. א קליינעם פּאָסטען לויהנט זיך גאָרנישט צו קויפען. חוץ דעם האָט ער איצט גראָד געגוג אויף לאַגער, איבריגענס וועט מען זעהן. איז אייך אפשר א ציגאַר אָנגענעהם? — איהר דיענער! — דיענער!

און ווי דער בעקאַנטער איז אוועק פון איהם, איז ער צוגעגאַנגען פּאַ־מעליך און רוהיג צום געריכט, אזוי ווי מען געהט צו א סוחר, מאַכען מיט איהם זיין חשבון. דאָס מאָל איז רעגינקא . . . ווי הייסט זי דאָרט? יאָ, רעגינקאַ מוטערפּערעל! דאַסמאָל איז רעגינקאַ מוטערפּערעל דער סוחר, מיט וועלכען ער האָט זיך אויסצוחשבונ'ען. אַזעלכע חשבונות זענען איהם ניש ניי, דאָס מיידעל האָט א טעות און קען קיין מענשען נישט, ער — באַ־רים גורעוויטש — א סוחר פערוואַי גילדי, א מענש פון א יאָהר פערציג, א סאָלידע פערמעגליכע פירמאַ, א מאַן פון א ווייב און א טאַטע פון צוויי כמעט דערוואַקסענע טעכטער, איינע אינ'ם זיעבעטען און איינע אינ'ם זעקס־טען קלאַס. ער, זעהט איהר, מוז זיין און מוז בלייבען סאָליד אויך ביי אַזאַ מין געשעפט. ער טאָר נישט זיין שולדיג. ווי עס זאָל נישט זיין שולדיג טאָר ער נישט זיין. דאָס איז שוין זיין פליכט קעגען פרוי און קינדער און קעגען זיין אייגענער פירמאַ; עס איז זיין פליכט קעגען זיין שטעלונג אין דער גע־זעלשאַפט. אמת, ער האָט אפילו רחמנות אויף אַזאַ אָרעם בעשעפעניש, ווי דאָס דאָזיגע מיידעל; און דערצו נאָך דאָס קינד — אָבער ווער האָט זי גע־הייסען זיין אַזאַ נאַר? פאַרוואָס איז זי נישט געקומען צו איהם? — ניין, קומען האָט זי נישט געקענט; ער האָט איהר אָנגעזאָגט, אז ביי איהם אינ־דערהיים זאָל זי מיט איהם קיין עסקים נישט האָבען, אָבער גלאַט אַזוי

האָט זי דאָך געקענט זיך שוין אַנ'עצה געבען — פאַרוואָס האָט זי זיך נישט געזעהן מיט איהם און גענומען אַ ביסעל געלד? ניין, איהר ווילט זיך אָבער בעסער עפענטליכע סקאַנדאַלען, פאַר סקאַנדאַלען און סקאַנדאַל־פּראָצעסען און פאַר מענשען, וועלכע ווילען דורכאויס סקאַנדאַל־פּראָצעסען, האָט ער קיין מורא נישט. אויף אַזעלכע מענשען טאָר אַנ'אַנשטענדיגער מענש קיין רחמנות נישט האָבען . . .

אינ'ם געריכט. אין דער דריטער אָבטיילונג פון דער פּאַלאַטאַ, איז היינט גאָר אַ קליינער עולם, די געשוואָרענע זיצען שוין אויף זייערע ערטער, דער רעפערענט איז שוין ביי דער אַרבייט, די אַדוואָקאַטען און די ריכטער גרייטען זיך, דער פּראָקוראָר, אַ בלוט יונגער מענש, טאַפּט זיך אַלץ ביי די וואָנסעס, דער פּרעדסעדאַטעל זעצט זיך גראָד אויף זיין אָרט. פון יענער זייט אָבגעטיילטען אָרט, וואו די ריכטער און געשוואָרענע זיצען, איז אויך דער דיין, וועלכער איז יעדען טאָג דאָ, אום אָבצונעהמען שבועות, און נעבען איהם דער שמש. דער פּרעדסעדאַטעל, אַ הויכער, אַ דאַרער מיט לאַנגע, גרויע באַקענבאַרדען, האַלט אַקטען־פּאַפּיערען אין דער האַנד און וואָרטשעט פון זיי עפּעס אַרויס, און מען הערט נישט קיין איינציג וואָרט. פּלוצלינג הויבט ער אָן, מיט אַ גענייץ און אוים בלויזער געוואוינהייט, ווי פון אויסענווענדיג אויסצורופען זיין ליסטע.

— גורעוויטש ברוך, אָן־זשע באָרים אָוסעיעוויטש גורעוויטש!

— דאָ!

— מוטערפּערעל רבקה, טאַ־זשע רעגינאַ מאָיסעוונאַ מוטערפּערעל!

אַ קליין מיידעל, לויט'ן אויסזעהן איינע פון קוים פוצעהן יאָהר, מיט אַ בלאַס פּנים און אַראָבגעלאָזטע אויגען, מיט אַנ'איינגעבויגענעם רוקען און נישט שעהן, האָט עפּעס ווי געענטפערט; אָבער קיין מענש האָט נישט געהערט.

— רבקה, טאַ־זשע רעגינאַ מאָיסעיעוונאַ מוטערפּערעל — האָט דער פּרעדסעדאַטעל נאָכאַמאָל איבערגעחזרט.

— איך! — האָט דאָס מיידעל, דאָסמאָל עפּעס דייטליכער, געענטפערט און האָט אויפגעהויבען איהרע אויגען. די אויגען זענען געווען שעהן, און אויך די ליפּען.

אין דער זעלבער מינוט איז אויפגעשטאנען יעפים מיראנאוויטש קאהן, א ווינקעל אדוואקאט און איז צוגעגאנגען צום טיש און האט דערלאנגט זיין „דאוויערענאסט" אלס אדוואקאט פון רעגינא מוטערפערעל. דער פרעזי־סעדאטעל האט זיך געווענדעט צו גורעוויטש'ן מיט דער פראגע, אויב ער וויל אין זיין „דיעלא" אליין רעדען אדער ער שטעלט א פערטרעטער. גורע־וויטש האט אויפן קול געשמייכעלט. ביי אזא קלייניגקייט דארף ער קיינעמס הילף נישט; ער וויל אליין פערטיידיגען.

דאס געריכט האט זיך גענומען צו עטליכע פארמאליטאטען. די שבועה אבנעהמען האט מען בעשטימט אויף שפעטער, ווען עס וועט זיין נויטיג. דער רעפערענט האט אין קורצען רעפערירט דעם פראצעס: אנ'איינפאכער „אלימענטען־פראצעס":

„די אונפערהייראטע און מינדעריעהריגע רבקה, טא־זשע רעגינא מאי־סעיעוונא מוטערפערעל, וואוינט זינט דעם 17־טען פעוורואל 1904 אויף קראטא גאס נומער 42, וואוינונג 3. די וואוינונג האט געדונגען פאר איהר ברוך אוסעיעוויטש גורעוויטש. דא האט געפלעגט דער דערמאהנטער פון צייט צו צייט איהר קומען" . . .

דער רעפערענט האט געמאכט א פויזע. דאס ביסעל פובליקום האט אנגעהויבען צו שפיצען די אויערען. אה, אנ'אינטערעסאנטער פאל! די עטליכע פרויען, וועלכע זענען דארט געוועזן, און הויפזעכליך די מיידלעך, האבען זיך אנגעהויבען נעהנטער צוצורוקען און די באקען האבען אנגע־הויבען גליהען און די אויגען פינקלען. דער רעפערענט האט ווייטער גע־לייענט:

„דעם 24 מ'טען נאיאבר 1904 האט די אונפערהייראטע רבקה מוטער־פערעל געבוירען א קינד. לויט איהרע ערקלערונגען, איז דאס קינד פון ברוך גורעוויטש. זינט דענסמאל אבער האט ברוך גורעוויטש אויפגעהערט זיך צו ווייזען ביי דער רבקה מוטערפערעל. רבקה מוטערפערעל האט געווארט און געווארט, אפשר וועט ברוך גורעוויטש זיך כאטש נאך דערמאהנען אן זיין פליכט און וועט איהר געבען מיטלען צום לעבען פאר זיך און פאר דעם קינד, וועלכעס איז, ווי זי זאגט, זיין קינד. ענדליך, איינזעהענדיג, אז דער פאטער דערמאהנט זיך נישט אן זיינע פליכטען, האט זי זיך ענטשלאסען

צו זוכען איהרע רעכט דורך דעם געריכט. זי פערלאַנגט פון ברוך גורעוויטש, ער זאָל יאהר צאָהלען די סומע פון 48 רובעל מאָנאַטליך, וואָס זי דאַרף צום לעבען פאַר זיך און דעם קינד".

אַלע האָבען געקוקט אויף באָרים גורעוויטש. באָרים גוועריסט איז געשטאַנען לייכט און רוהיג און האָט זיך געשפּיעלט מיט איין האַנד מיט דעם גאָלדענעם קייטעלע פונ׳ם זייגערעל און מיט דער אַנדערער האָט ער זיך געדרעהט דעם איינעם שפּיץ פון די וואָנסעס. אויף זיין פּנים האָט אַרומשפּאַצירט אַ שמייכעל.

— אָנגעקלאָגטער! — האָט זיך דער פּרעדסעדאַטעל געווענדעט צו איהם — איהר זענט זיך מודה אין אייער שולד?

אַלע האָבען געקוקט אויף דעם אָנגעקלאָגטען. רעגינאַ איז געשטאַנען מיט אַראָבגעלאָזענע אויגען. זי האָט גראָד אין דער דאָזיגער מינוט געהאַט פערגעסען, וואו זי איז און האָט געטראַכט פון איהר קינד. הינטער דעם אויערעל פון קינד האָט זיך נעכטען געוויזען אַ רויט בלעטערעל. מען דאַרף נעהמען דערצו עפּעס אַ זאַלב.

— ניין! — האָט באָרים ווילענדיג אויפגעהויבען דעם קאָפּ. זי האָט נאָך גאָרנישט בעגריפען, וואָס עס טהוט זיך דאָ, דער „ניין" איז איהר נישט געגאַנגען אין קאָפּ אריין.

עס האָט גערעדט דער פּרעדסעדאַטעל. עס האָט גערעדט דער ווינקעל־אַדוואָקאַט יעפים מיראָנאָוויטש קאָהן. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַנ׳אהין־און אהער־פרעגען, אום צו כאַפּען דעם אָנגעקלאָגטען אויף דער ווענדקע. גורעוויטש איז געבליבען ביי דאָס זייניגע: דאָס קינד איז נישט פון איהם און איבערהויפּט קען ער נישט די קלעגערין, ער קען זי נאָר פון זעהען, ווייל זי האָט אַ געוויסע צייט געוואוינט פאַר זיין פרוי וועש. ערשט דאָ האָט רע־גינאַ אָנגעהובען צו בעגרייפען, וואָס עס טהוט זיך. אזעלכעס האָט זי נישט געגלויבט. דאָס איז איהר קיינמאָל גאָרנישט געקומען אין קאָפּ אריין, אַז עס איז נאָך פאַרהאַן גאָר אַזא מעגליכקייט. ס׳טייטש, אָבער דאָס קינד איז דאָך זיין?! ער איז דאָך אַ טאַטע! און ווי קען דאָס אַ מענש, וועלכער האָט זי אַזוי ליעב געהאַט און האָט איהר אַלעמאָל צוגעזאָגט חרים וג־

בעות ?! — דער קאפ איז איהר פלוצלינג שטיל געשטאנען, זי האט געטראכט, אז זי פאלט אום.

דער פרעדסעדאטעל אליין האט זיך אנגעהויבען לעבהאפטער צו אינ־טערעסירען מיט דער זאך. ער איז ביי זיך אין הארצען געוועזן איבערצייגט, אז דאס דאזיגע מיידעל איז פערפיהרט געווארען פון אט דעם דאזיגען מענשען. נישקשה, ער, דער פרעדסעדאטעל האט גענוג איבונג אין אויס־פארשען, און ער האט אנגעהויבען טויזענד פראגען צו שטעלען. ער וועט שוין ארויסקריגען דעם אמת. גורעוויטש איז אבער אלץ געבליבען ביי דאס זייניגע: עס איז זאגאר א ליגען, אז ער האט געדונגען פאר איהר די וואוי־נונג. אדרבא, זאל מען דעם קאנטראקט נאכקוקען — זי מוז דאך האבען א קאנטראקט — און מען זאל זעהן. רעגינא איז פערציטערט געבליבען. אמת, די וואוינונג האט זי געדונגען אויף איהר אייגענעם נאמען; ער האט עפעס געזאגט, אז עס פאסט נישט פאר איהם.

עס האט אנגעהויבען יעפים מיראנוויטש קאהן צו שטעלען א גאנצע רייהע פון פראגען דעם אנגעקלאגטען:

— ווען איז ער געוועזן צום לעצטען מאל אינ'ם הויז נומער 42 אויף קראטא־גאס ?

— נעכטען און אויך היינט וועט ער דארט זיין און אויך מארגען (אלע לאכען), דען אינ'ם דאזיגען הויז וואוינט א סוחר, מיט וועלכען ער האט עסקים.

— פארוואס האט דער אנגעקלאגטער געזאגט איינמאל דעם סטרוזש פונ'ם הויז, און האט איהם דערביי געגעבען 20 קאפיקעס, אז ווען מען וועט פרעגען, זאל ער נישט זאגען, אז ער איז אריינגעגאנגען אין דעם דאזיגען הויז ?

— ווייל ער האט קיין פאספארט נישט געהאט ביי זיך, און גראד איז פאליציי פארבייגעגאנגען אויף דער גאס (אלע צעלאכען זיך).

— פון וואנען האט אנ'ארים מיידעל געהאט מיטלען אויסצוהאלטען א וואוינונג פון דריי צימערן מיט א קיך ?

— מסתם האט עפעס איינער, א בעלן פון מיידלעך, דאס געלד דערצו

געגעבען (דאָס פובליקום צעלאכט זיך). איבעריגענס איז דאָס נישט זיין זאַך.

— איבעריגענס — האָט ער ווייטער געזאָגט — קען מען שוין די טאַקטיק פון די דאָזיגע מיידלעך: זיי קלויבען זיך אויס פאַר אַ קרבן אַן־אָנגעזעהענעם מענש פון דער געזעלשאַפט ארויס, געוועהנליך אַן אָנגעזעהע־נעם פאַמיליען־פאָטער מיט אַ געוויסער געזעלשאַפטליכער שטעלונג, כדי איהם צו עקספּלואַטירען און געלד צו ציהען פון איהם. געוויסע מיידלעך, מיט דער הילף פון געוויסע מענשען (גורעוויטש קוקט אהין צו יעפים מי־ראָנאָוויטש קאָהן), האָבען זיך דאָס געמאַכט פאַר אַ פּרנסה. אייגענטליך האָט דאָס געזעץ געדאַרפט שיצען דעם אָנשטענדיגען בירגער פאַר אַזעלכע בעסעלטיגונגען. יעדער פון דעם געריכט אליין איז נישט זיכער פאַר אַזאַ בלבול . . .

רעגינאַ איז געשטאַנען און איהר גאַנצער קליינער קערפּער האָט גע־ציטערט: עס איז איהר מאָדנע קאַלט געוועז. דאָס איז איהר די גאַנצע צייט גאָרנישט געקומען אין קאָפּ אריין, זי האָט גאָרנישט געוואוסט, אַז אויך אַזעלכעס איז מעגליך. זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און איהרע אויגען האָבען געבליצט.

— קוק מיר גלייך אין די אויגען אריין . . . — האָט זי אָנגעהויבען צום ערשטען מאָל צו רעדען און האָט זיך געווענדעט צו באָרים גורעוויטש'ן.

— איך בעט דעם פּרעדסעדאַטעל — האָט באָרים גורעוויטש געזאָגט — מיך צו שיצען פאַר בעליידיגונגען. עס איז נישט פאַר מיין כבוד און איך קען עס נישט ערלויבען, אַז די ערשטע בעסטע פון גאַס אַראָב זאָל מיך דוצען.

— איך בעט אייך, האָט רעגינאַ זיך אויגענבליקלעך פערבעסערט — קוקט מיר גלייך אין די אויגען אריין און זאָגט מיר: צי איז דאָס גאַנצע...

זי האָט זיך פּלוצלינג אָבגעשטעלט און האָט נישט געקענט ווייטער רעדען. זי האָט פאַר צו גרויסער אויפרעגונג נישט געוואוסט, וואָס זי זאָל זאָגען. אַלץ האָט זי איהם געוואָלט זאָגען מיט איינמאָל — און האָט נישט געקענט. זי האָט זיך פּלוצלינג שטאַרק צעוויינט.

דער פּרעדסעדאַטעל האָט גערעדט. יעפים מיראָנאָוויטש האָט גערעדט.

פּלוצלינג האָט דער „טאָוואַרישטש־פּראָקוראָר“ זיך צוגעבויגען צום פּרעדסעדאַטעל צום אויער און האָט עפּעס געזאָגט, און דאַן האָט ער געפּרובט רעדען מיט דעם אָנגעקלאָגטען. אַלץ אומזיסט, דער אָנגעקלאָגטער איז געבליבען ביי דאָס זייניגע: אַ בלבול. די „דאָזיגע לייט“ האָבען אייגענטליך געזאָלט ווערען בעשטראָפט פאַר אַזעלכע בלבולים. „קלעוועטאַ“, דיפּלאָמאַציע, אַ שם־רע. אַ פּרנסה איז עס . . .

רעגינאַ איז געשטאַנען מיט אַן׳אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ ווי פערשטיינערט, זי האָט זיך מער גאָרנישט איינגעהערט.

געשעפטסמעסיג האָט זיך דאָס געריכט גענומען פאַר׳ן די נויטיגע פאָרמאַליטעטען. דער אָנגעקלאָגטער האָט צו שווערען אויף דעם, וואָס ער זאָגט. דער דיין האָט זיך אויפגעהויבען. דער שמש האָט צוגעגרייט אַ קליין ספר־תורה׳לע. באָרים נורעוויטש איז געשטאַנען און די רויטע באַקען האָבען אויסגעזעהען זעהר צופריעדען.

עס הויבט זיך אָן די פאָרמאַליטעט פון דער שבועה.

רעגינאַ איז געשטאַנען און איהר גאַנץ לייב האָט איהר געציטערט. זי געדענקט: זי איז נאָך אַ קליין קינד געווען, דאָ האָט נטע פּאָטשטער ביי זיי אין דער גאַס אין קליינעם שטעדטעל געמוזט שווערען אין שוהל. די גאַנצע גאַס איז געלאָפען. אויך זי האָט זיך געשטופּט מיט אין שוהל אריין. שוואַרצע ליכט האָבען געברענט, וואָס דאָרט האָט זיך אָבגעטהון ווייסט זי נישט. נאָר נטע פּאָטשטער איז געשטאָרבען אין יענעם יאָהר. עס געהט איהר אַריבער אַ גרויל איבער אַלע איהרע ביינער. רבונו של עולם, נאָר נישט שווערען! צו וואָס נאָך אַ פאַלשע שבועה.

דער שמש איז צוגעגאַנגען מיט דעם ספר־תורה׳לע צום אָנגעקלאָגטען. דער דיין האָט דעם אָנגעקלאָגטען אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף, אַז ער האָט אָנצוטהון אַ היטעל אויפ׳ן קאָפּ.

— ניין! — האָט רעגינאַ פּלוצלינג אויסגעשריגען — זאָל ער נאָר נישט שווערען! סטייטש ביי אַ ספר־תורה? . . .

אַלע האָבען זיך אומגעקוקט.

— זאָל ער מיר געבען כאָטש צוואַנציג רובעל אַ חודש . . . איך וויל דאָך אַרבייטען . . .

באַרים גורעוויטש האָט זיך אָנגעטהון זיין הוט.

— זאָל ער געבען כאָטש פאַר'ן קינד צעהן רובעל! זאָל ער געבען פינף! — ס'טייטש ביי אַ ספר־תורה ?! אין וויל נישט, ער זאָל ביי אַ ספר־תורה שווערען!

דער פּרעדסעדאַטעל האָט צוגערופען דעם אָנגעקלאָגטען נעהנטער צו זיך און האָט אָנגעהויבען צו איהם רעדען מיט אַ האַלבער שטימע. עס האַנדעלט זיך דאָך איינענטליך נאָר וועגען אַ קלייניגקייט דאָן האָט יעפים מיראָנאָוויטש זיך גענומען מיט איהם פּריוואַט צו רעדען און צו פּועל'ן וואָס עס איז. באַרים גורעוויטש האָט גענומען דאָס ספר־תורה'לע אין האַנד אריין. ער איז אַ מינוט לאַנג שטיל געשטאַנען. ער טאָר דאָך נישט זיין שולדיג. דאָס איז שוין זיין פּליכט קעגען זיין סאָלידער פירמאַ און זיין שטעלונג אין דער געזעלשאַפט.

— איך וויל קיין איינציגע קאָפּיקע מעהר! איך נעהם צוריק מיין גאַנצע בעשולדיגונג! — האָט דאָס מיידעל אויסגערופען. איהר שטימע האָט געציטערט.

די לעצטע פון די פאָרמאַליטעטען איז שנעל געפטר'ט געוואָרען. צעהן מינוט שפּעטער איז קיינער פון די פּאַרטייען נישט מעהר געווען אינ'ם זאַל. אויך אַ גרויסער טייל פונ'ם עולם איז זיך פונאַנדערגאַנגען.

באַרים אָוסעיעוויטש גורעוויטש איז נישט מעהר געגאַנגען אין זיין קאַנטאָר אריין, נאָר גלייך ארויף צו זיך אין דער היים. זיין פרוי האָט איהם געגעבען אַ קליינעם פּסק: ער האָט זיך נעמליך מיט צוועלף מינוט היינט פערשפּעטיגט צום מיטאָג. באַרים גורעוויטש האָט גאַלאַנט געקושט זיין פרוי אויפ'ן שטערען.

# ווי איך האָב זיך אַליין אַ „פּאָגראָם" געמאַכט

לעבט זענען יענע צייטען געווען — דערצעהלט אונז זלמן דער מלמד — און דער מענש, וועלכער האָט געלעבט אין זיי, וועט זיי קיינמאָל נישט פערגעסען. מען ווערט גרייז גרוי און מען פערגעסט אַזעלכע זאַכען נישט מעהר; מען ווערט אַלט ווי מתושלח און עס מעקען זיך אַזעלבע סצענעס נישט מעהר אָב פון פאַר די אויגען. אַזעלכע צייטען — פערשטעהט זיך — איז גאָר אונמעגליך, אַז זיי זאָלען זיך אַמאָל נאָך אומקעהרען; די וועלט — פערשטעהט זיך — האָט זיך געביטען, און דאָס וואָס איז געווען, וועט מעהר שוין נישט זיין. אפשר דאָרט ערגעץ־עפּעס אין אַ ווייטער מדינה, הינטער די הרי־חושך; אפשר צווישען די ווילדע מענשען ערגעץ־עפּעס אין אַ מדבר קען זיך נאָך אַזעלכעס טרעפען, און דעמאָלט וועלען אַלע גרויסע גאַזעטען מאַכען אַ געוואַלד, אַז די וועלט וועט זיך שאָקלען, און די לעזער וועלען לעזען און וועלען נישט גלויבען, און די אַלטע ווייבער וועלען זיצען מיט'ן זאָק אין דער האַנד און וועלען דערצעהלען, איינע דער אַנדערער יענע וואונדערליכע „אויסגעטראַכטע" מעשיות — אָבער נישט ביי אונז און אין אונזער צייט! דעריבער, איהר יונגע לייט, וועלכע איהר האָט דאָס נישט מיט אייערע אויגען געזעהען, איהר קענט עס גאָרנישט גלויבען; אָבער איך, איך האָב עס געזעהן און געפיהלט און דורכגעלעבט און נישט איין מינוט נאָך זענען יענע סצענעס פערשוואונדען מיר פון פאַר מיינע אויגען. עס זענען דאָך שוין מעהר ווי צוואַנציג יאָהר אוועק פון דענסמאָל ביז היינט — און פאָרט, אַזוי באַלד ווי איך זיץ אַליין פאַרנאַכט אין דער טונקעל־שעה און פערמאַך די אויגען און לעג אַרויף מיין האַנד אויף זיי, דאָ זעה איך באַלד ווידער פאַר מיר אַלץ, אַלץ . . .

אין „חדר" בין איך געזעסען דענסמאָל ביי דער אַרבייט, ווי געוועהנליך — איהר קענט דאָך מיין חדר? עטליכע ספרים, אַ טיש און צוויי בעטען, אַ באַנק און דריי שטוהלען, אַ מעשענער הענגלייכטער מיט פינף רעה־

רען; אויפ'ן קאַמין שטעהען צוויי־דריי טעלער און צוויי־דריי טעפּ; ביים קאַמין שטעהט דאָס וויגעל פאַר'ן קינד, אויף נעגעל אָן דער וואַנד הענגען טלית און תפילין און די עטליכע בגדים, וועלכע מיר האָבען — דאָס איז דער גאַנצער חדר.

פּלוצלינג הערט זיך פון וויטען אַ וואונדערליך גערויש, בעהאַלטען און פערשטיקט ווי אַ וויט וואַסער שטורעמט דורך עפּעס דורך. אפשר איז די וויסעל פּלוצלינג געשטיגען, און דאָס וואַסער רוישט און פליעצט און גיסט זיך. אָבער מיין געסעל, וואו איך וואוין, איז וויט פון דער וויסעל! דאָס גערויש ווערט שטאַרקער, ווערט נאָהענטער — און פּלוצלינג הערט זיך אויך אַ געפּייף, אַ געשריי, אַ געטומעל.

„מען הרג'עט יודען!" — הער איך זאָגען, און איך וויים נישט פון וועמען. איך האָב קיינעם נישט געזעהן, און האָב נאָר געהערט.

אַ מין שווערער וואָלקען פערדעקט איין מינוט דעם ליכטיגען טאָג, און נאָך דעם וואָלקען — אַ שטויב, און נאָך דעם שטויב — אַ שניי. אָבער וואונדערליך! דער טאָג איז דאָך אַ קלאָרער געוועזן און געשנייט האָט דענסמאָל גאָרנישט. פּלוצלינג קומען פון דער דזיקאַ־גאַס אַ סך פּעדערען צו פליהען און לאָזען זיך אַראָב אויף די וואָלינסקאַ־גאַס, דאָרט וואו איך וואוין, און באַלד ווערט אַ גאַנצער באַרג פון פּעדערען אויף דער ערד.

„די יודען שעכט מען אוים! אויף גרזשיבאָווסקאַ און גרזשיבאָוו און טוואַרדאַ האָט מען שוין אַלע אויסגעשאָכטען, אַז ס'איז קיין איינציגער נישט לעבען געבליבען!" — איך וויים נישט, ווער עס האָט גערעדט איך האָב קיין מענשען נישט געזעהן און נאָר אַ קול האָב איך געהערט.

ביי דער „נייער וועלט" האָט עס זיך אָנגעהויבען, ביי דער קאַטוי־לישער קירך, און פון דאָרטען האָט עס פאַרפּליצט אַלע יודישע גאַסען, רעכטס און לינקס. פון איין זייט הערט מען די פינסטערע בשורות פון מאַריאַנסקאַ און באַגנאַ און שליסקאַ און די גאַסען אַרום, און פון דער צווייטער זייט קומען די קולות פון קאַרמעליצקאַ און דזיעלנאַ און נאָוואָ־ליפּקי און די אַנדערע נאָהנטע גאַסען. דאָס בלוט אין די אָדערען הויבט אָן גערינען צו ווערען.

פּלוצלינג הער איך, אַז מיר דאָ, אויף אונזערע גאַסען אַרום, האָבען

זיך נישט וואָס צו שרעקען, די יודען אויף אונזערע גאַסען האָבען זיך צו־
זאַמענגענומען, מיט שטעקענס און מיט אייזענס אין די הענד, און זענען
גרייט מלחמה צו האַלטען און די רוצחים נישט אריינצולאָזען.

אָבער דאָס איז פאַלש געווען. פון עק גענשא הערט מען דעם שרעקלי־
כען רעש: מען ברעכט די שויבען אין די פענסטער, מען צעשמעטערט
די מעבעל, מען צעטראָגט די קראָמען.

איך פערגנב'ע זיך אויך איין רגע אַרויס פאַר די טיר און קוק.

זעקס אָדער אַכט ווילד אויסזעהענדיגע יונגען בעלאַגערען די קראָם פון
נפתלי לפידות און האַקען־אויף מיט העק די טירען. באַלד פליהען פון דאָרט
אַרויס גאַנצע שטיקער זיידענס, אַטלאָס און סאַמעט. איינע, אַ פערשכור־
טע פרוי, וועלכע קען זיך קוים אויף די פיס האַלטען, הויבט אויף פון דער
ערד פערשידענע קליידער־זאַכען און טהוט זיך אָן איין קלייד איבער דעם
צווייטען.

אנטקעגען ביי ראובן מאַרגאָלין וואַרפט מען אַראָב דורך דעם
פענסטער פון צווייטען שטאָק אַ פאַרטעפּיאַן. דער פאַרטעפּיאַן צעברעכט
זיך אויף שטיקער. שטיקער פאַלען אויף די פיס פון צוויי יונגען, וועלכע
שטעהען אונטען. באַלד פליהט פון אויבען אַראָב אויך אַ שפּיגעל אין אַ
גאָלדענער ראַהם, און באַלד דערויף — וואַנד־בילדער מיט אייל געמאָלט.

ביי מרדכי דעם שענקער האָבען זיי געעפענט די קראַנען פון די פעס־
ער, און דער בראָנפען גיסט זיך אין שטראָמען אויף די גאַס אַרויס. דער
עולם איז ווילד און משוגע און ווי די חיות רעות. מענער און פרויען שעפּ־
פען מיט די הוילע הענד דעם בראָנפען.

פאַר'ן בית־מדרש'ל אין ר' אפרים חסיד'ס הויף שטעהט דער שמש,
אין טלית און תפילין אָנגעטהון, און ראַנגעלט זיך מיט דעם ווילדען עולם
און וויל זיי נישט אריינלאָזען אין דעם מקום קדוש. אַ מינוט שפּעטער
שטעהט ער שוין נישט מעהר, נאָר ער ליגט אויף דער ערד אַנ'אויסגעצוי־
גענער. באַלד דערויף פליהען צעריסענע שטיקער ספרי־תורות אַרויס אויף
די גאַס.

וואָס איז דאָס אַזעלכעס ? — פון דעם פיערטען שטאָק, דורך דעם
פענסטער ביים עק גאַס, פאַלט אַראָב אַ קינד אַ קליינס אויף דער ערד און

בלייבט ליגען. אַ פּנים דאָס קינד איז נישט געווען גענוג פּאָרזיכטיג און איז געקראָכען אויף דעם פענסטער און איז אַראָבגעפאַלען.

אויף יענער זייט גאַס רינגלען אַרום אַ מחנה ווילדע יונגען אַ צוועלף־יעהריג יודיש מיידעל. דאָס מיידעל שרייט געוואַלד — דאָס בלוט ווערט מיר ערקיהלט אין אַלע אברים. אַזוי אַ געוואַלד־געשריי האָב איך צום ער־שטען מאָל אין מיין לעבען געהערט.

און פּלוצלינג זעהט זיך אַ שטראַהל פון פייער. אַ קראַם שטעהט אין פלאַמען.

און איך לויף און איך אייל און איך קום צוריק אין מיין חדר אריין. אָבער יענע סצענעס, וועלכע איך האָב געזעהן, יאָגען מיך נאָך; וואו איך שטעה, שטעהען אויך זיי פאַר מיינע אויגען. איין מינוט שפּעטער שטעה איך שוין ווידער אויף דער גאַס. די אונרוהיגקייט לאָזט מיך נישט איינ־זיצען אין מיין שטוב.

הערען הער איך, אַז מאָרגען פריה הויבט זיך אָן דאָס אומגליק אויך ביי אונז אין אונזער גאַס.

און אייביג ווען איך זאָל לעבען — יענע נאַכט וועל איך נישט מעהר פערגעסען; זעהט איהר, קינדערלעך, די דאָזיגע ווייסע האָר אויף מיין קאָפּ, וועלכע איהר זעהט, זענען דענסמאָל נאָך נישט ווייס געווען, נאָר שוואַרץ. אָבער אין יענער נאַכט זענען זיי מיר פּלוצלינג בלייך געוואָרען און איך אַליין בין געוואָרען אַן'אַלטער מאַן.

איך האָב „על חטא", איך האָב „וידוי" געזאָגט — אָבער מעשהשטן: איך האָב אפשר צעהן מאָל אָנגעהויבען און אַלץ נישט געענדיגט. אַ פּנים מיינע געדאַנקען זענען מיר דענסמאָל נישט גאָר אינגאַנצען קלאָר געווען. איך געדענק נאָר איינס: איך בין געזעסען אויף דער באַנק און האָב גע־טראַכט און געטראַכט; איך האָב זיך געפרעגט איינמאָל און צווייטמאָל און הונדערטמאָל: רבונו של עולם! פאַרוואָס קומט דאָס אונז אַזעלכעס? — פּלוצלינג פאַלט מיר איין, אַז זיי זאָגען: ווייל מיר זענען אַזעלכע, וועל־כע זויגען אויס ביי אַלעמען דאָס בלוט. אָבער דאָס איז דאָך נישט אמת, גלויבט מיר אויף נאמנות, אַז דאָס איז נישט אמת! ווען איך וואָלט וויסען, וואו זיי געפינען זיך, וואָלט איך אַהין צו זיי און וואָלט רעדען מיט זיי —

סוף־כל־סוף זענען עס דאָך מענשען און האָבען אַ געהירן אין קאָפּ — און איך וואָלט זיי זאָגען און וואָלט זיי אויסווייזען, אַז איך, זלמן דער מלמד, זויג כלל וכלל נישט אוים ביי זיי דאָס בלוט. מישטײנס געזאָגט, זלמן, די יניקה אײנגאַנצען, וועלכע דו האָסט!

איך שטרעק אוים די האַנד און נעהם מיר מיין טלית און תפילין. אַ טלית קען קיינמאָל נישט שאַדען, אַז אַ יוד זאָל איהם האָבען אַלע מאָל גרייט; וועמ ווייסט, וואָס קען זיין מאָרגען און אויב ער וועט איהם נישט ברויכען צום לעצטען מאָל און אויף אייביג.

איך געה־צו צו מיין ווייב און צום קינד אין וויגעל און הייס זיי זאָגען „וידוי". מיין הייסען איז אָבער געווען אינגאַנצען איבעריג. מיין ווייב אַ פּנים האָט נישט געוואַרט, ביז איך וועל איהר הייסען זאָגען „וידוי", און האָט אַליין שוין געזאָגט די גאַנצע נאַכט און איז נאָך יעצט נישט פאַרטיג געווען; און דאָס קינד — איך האָב פערגעסען געהאַט, אַז עס קען נאָך גאַרנישט רעדען.

און איך נעהם אַלע טייערע זאַכען, וועלכע מיר פערמאָגען, און געה זיי בעהאַלטען אין דעם קעלער ביי אונז: אַז די נישט־גוטע וועלען קומען, מיט אונז זייערע „שטוקעס" צו טרייבען, טאָ זאָלען זיי ווענינגסטענס נישט טרייבען זייערע „שטוקעס" מיט דעם, וואָס איז אונז טייער און הייליג. איך נעהם דאָס קינד און דעם טלית־זאַק און די חומשים און דעם „אור זרוע", וועלכען איך האָב פון דעם זיידען עליו־השלם, און דעם הדס פון דער הבדלה, וועלכען איך האָב בירושה פונ׳ם שווער עליו־השלום, און דעם איינציגען זילבערנעם לעפעל, וועלכען איך האָב דרשה־געשאַנק פון דעם פעטער, דעם גביר, זאָל לעבען, און מיין ווייב רוף איך מיר, און זיי אַלע וויל איך בעהאַלטען אונטען אין קעלער. ווענינגסטענס זאָל קיין סכנה נישט זיין מיט נפשות.

דאַן קוק איך מיך אום. די ערשטע שטראַהלען פון דעם פרישען טאָג בעווייזען זיך אין פענסטער. דאָס טישעל און די באַנק און די בעטען און די איבעריגע זאַכען שטעהען שטיל יעדעס אויף זיין פּלאַץ, און ווייסען גאַרנישט, וואָס וועט געשעהן מיט זיי אַ שעה, צוויי, דריי שעה שפּעטער.

פּלוצלינג, ווי איך קוק אַזוי אויף זיי, געהט מיר אַ וואונדערליכער גע־

דאַנק דורך דעם קאָפּ. נאָר גאָט אַליין האָט מיר דעם דאָזיגען געדאַנק איינ־געגעבען!

און איך שטרעק אוים מיין האנד צו די שויבען פון מיין פענסטער און צעברעך זיי אויף שטיקער און די קישענס און די דעקען נעהם איך פון די בעטען און צערייס זיי און ווארף ארוים די פעדערען אין גאס אריין, און דעם טיש נעהם איך און די שטוהלען און די באַנק און צעהאַק זיי און ווארף־ארוים די שטיקער אין גאַס אריין, און די עטליכע טעלער נעהם איך און די טעפּ און צעברעך זיי און ווארף־ארוים די שאַרבענס אין גאס אריין. בקיצור, איך האָב אַליין געמאַכט דעם „פּאָגראָם" ביי מיר אין מיין שטוב.

און ווען די חברה וועט שפּעטער פאַרביי פאַר דעם הויז און וועט זעהן די פעדערען אויף דער גאס און די צעבראָכענע שטיקער און די שאַרבענס, וועט זי מיינען, אַז דער עולם איז ביי מיר שוין איינמאָל געוועזען, און וועט נישט מעהר אריין אין הויז איגעווענינ צו מיר. אַ גוי מעג מען אָבנאַרען!

נאָר אַזוי האָב איך מיר געראַטעוועט מיין נפש און דאָס נפש פון ווייב און קינד און די חומשים און די תפילין.

איך וויים: „איהר, יונגעלייט, וועלכע איהר האָט דאָס אַלץ נישט מיט אייערע אויגען זעזעהען, איהר וועט עס נישט גלויבען, אָבער איך, וואָס איך האָב עס געזעהן, מיר פערשווינדען יענע סצענעס נישט פון פאַר די אויגען ביז צום היינטיגען טאָג. ווען איך זיץ אַליין איין מינוט לאַנג פאַרנאַכט אין דער טונקעל־שעה און האַלט פערמאַכט מיינע אויגען און לעג אַרויף אויף זיי מיין האנד, זעה איך אַלץ, אַלץ נאָך יעצט . . .

# הרי את

„— — הערר און מאדאם איזידאָר זאבלודאָווסקי האָבען די עהרע, צו בעטען זי צו דער חופה פון זייער טאָכטער רעגינא מיט דעם באַנקירס־זוהן הערר סטאניסלאוו זילבערבערג, וועלכע וועט פאָרקומען פרייטאָג דעם 11־טען אפריל, פונקט האַלב 1 מיטאָג, אין דער סינאגאָגע אויף טלאָמאצקע.
„האַלב 2 — א פריהשטיק א לא פורשעט אין רעסטאָראַן „בריסטאָל”.
„ווארשא אין מערץ, 1902”.

*

אויף טלאָמאצקע, פאר דער סינאגאָגע, פון דעם איינעם עק ביז צום צווייטען, שטעהט א ברייטע און לאַנגע צייל פון פראכטפולע קארעטעס. דאָס זילבערנע בעשלאג גלאַנצט אראָב פון די שווארצע קאָטשען. די קוטשער זענען אָנגעטהון אין ליווריען מיט גאָלדענע טרעסען. די פערד טופען אונגעדולדיג מיט די פיס. א פאָלק פון הונדערטער מענשען שטעהט איבער דער גאַנצער גאַס און שטופּט זיך ביז צו די טרעפּען פון דער סינאגאָגע און ווערט נישט אריינגעלאָזען.

עס איז א טאָג פון זון און פון רעגען צוזאַמען. צוויי, דריי מינוט בעווייזט זיך די זון און שטעכט אין די אויגען און אַלץ ארום גלאַנצט, און צוויי, דריי מינוט לאָזט זיך אראָב א דינער וואַרימער שפּריי־רעגען און הערט פּלוצלינג ווידער אויף — דערנאָך בעווייזט זיך אויפ'ן הימעל א נישט גאַנץ דורכזיכטיגער רעגענבויגען.

פון מינוט צו מינוט קומט אָנגעשטורמט א נייע קארעטע. דער קוטשער שפּרינגט אַראָב פון דער קעלניע, רייסט־אויף דעם שלאג און הערר און דאַמע שטייגען אויס און איילען ארויף אויף די טרעפּ פון דער סינאגאָגע.

אינעווייניג, אין דער סינאגאָגע, איז אויסגעגאָסען א האַלבע טונקעלקייט: א צוזאַמענמיש פון א צוריקגעהאַלטען טאָג־ליכט מיט ליכט פון די

לאמפען. דורך די הויכע פענסטער מיט די בעמאָלטע שויבען ברעכען אריין פון אויבען באַלכסונ'דיגע זיילען פון ליכט־שטויב, ווי דורכזיכטיגע וואַלקען, אין וועלכע מען קען צעהלען יעדעס שטויבעלע בעזונדער, אינם גאַנ־צען הויז פילט זיך עפּעס א שטילקייט און א הייליקייט פון הינטער יעדער זייל און פון יעדען ווינקעלע און פון הינטער יעדען קלייד און נעבען יעדער רעהר פון א לאָמפּ אָטעמט עס א מין הייליגעס און יום־טוב'דיגעס.

און גלאַנצענדיג אויגען און גלאַנצענדיגע ברילאַנטען און גלאַנצענ־דיגע צילינדערס אומעטום, וואו דאָס אויג קעהרט זיך. די ווייסע, בליצענ־דיגע מאַנישקעס פערשפּרייטען א ליעבליבען, ווייכען ריח. די פרויען און די פריילינס זענען איינגעטונקען אין זיידענס און אין שפּיצען, געהען דע־קאָלטירט און האַלטען בוקעטען אין דער האַנד. די עדעלשטיינער לייכטען און בליצען פון זייערע קעפּ, און פון די אויערען ארויס און פון די העלזער אראָב. א מאָדנער, איינענטליכער ריח שפּירט זיך אומעטום: ווערא־פיאָ־לעט, גראַפּ־איפּעל און היליאָטראָפּ־בלאַנק.

אונטער דער חופּה שטעהט דער חתן עטוואָס געבוקט, א מערקווירדיג הויכע געשטאַלט. דאָס פּליסעדיגע ליכט לעגט זיך גראַד אויף זיין פּנים. דאָס פּנים איז עטוואָס איינגעפאַלען און געלבליך־אָבגעוועלקט און זעהט אויס זעהר מאַט און מיעד; עס שלאָגט זעהר שטאַרק אָב פון דער שניי־ווייסער ראַהם פון זיין העמד. זיין שוואַרצער צילינדער אויפ'ן קאָפּ גלאַנצט, אָבער אונטער דעם צילינדער, אויף דיביידע שלייפען, זעהען זיך עטליכע גרויע האָר. ער שטעהט און האַלט אין דער האַנד א זיידען טיכעל, און אָפּט טראָגט ער עס צו נאַכלעסיג צו זיין מויל; בעהאַלטענערהייט גענִיצט ער אמאָל אריין אין דעם טיכעל.

און פאַר איהם די כלה — א יונג, פריש, זאַפטיג מיידעל ווי דער פריש־געפאַלענער טוי: כמעט נאָך א קינד אינגאַנצען. אין איהר געשטאַלט גרייכט זי צו איהם נאָר ביז צו דע אַקסלען. איהרע אויגען קוקען גלייך און אָפען צו איהם ארויף פון הינטער דעם רעקטוך, און די אויגען לאַכען און זענען גרויס און נאַאיווי און פול נייגירגקייט און בעגעהרעניש — די אויגען פון א יונג, גלויביג קינד.

דער ארגעל שפּיעלט און לאזט זיינע מערקווירדיגע טענער הערען: טיעפע, ערנסטע טענער, פול מיט הייליגקייט.

און ער, סטאניסלאוו זילבערבערג, שטעהט איינגעבויגען און הארכט. ער הערט די טענער און שטרענגט זיך אן, זיי צו לאזען איינדרינגען אין זיך. אך יא, א שעהנער הייליגער כאראל! און ער הויבט אן מיטצוחלום׳ען און זיך צו לאזען טראגען אויף די כוואליעס פון די ברייט פליסעדיגע טענער. פלוצלינג אבער רייסט זיך איבער דער פאדעם און ער שוועבט ווייטער, ווייטער, טיעפער, טיעפער, הערט אלץ נאר נאך ווי אין חלום, און דאן הערט ער גארנישט מעהר, און ער פערגעסט וואו ער איז און אלץ וואס טהוט זיך דא ארום איהם. אט איז א חשבון: צוויימאל הונדערט און זעכציג טוידענד באר. ביז יוני האט ער כמעט קיין שום צאהלונג נישט. אמת, יוני וועט אביסעל שווער זיין: אויף יעדען טאג כמעט אויסגעשטעלט.. אבער צוויימאל הונדערט און זעכציג טויזענד! און חוץ דעם די היפּאטעק אויף וואספּולנאגאס, אגב אויך די צוויי היפּאטעקען אין פּראגא. חוץ מזה די ערשטע ראטע צינזען, וועלכע ער האט אנצונעהמען אין מאי. דאכט זיך, דער טערמין איז דעם אכטען. א שאד וואס ער קען נישט יעצט נאכזעהן אין נאטיץ־ביכעל. די הויפּטזאך, אז ער מוז באלד אנהויבען דעם פּראצעס מיט רעגינא׳ס ברידער וועגען דעם זיעבענטעל פון דער ירושה פון פעטער׳ס זייט . . .

פלוצלינג האט ער זיך אויפגעכאפּט. דער ארגעל האט נאך א טיעפען בריטען טאן פלוצלינג אבגעהאקט.

און דער קאנטאר און דער כאר ענטפערען, בעזונדערס זיס איז די דיסקאנט־שטימע. און זי, רעגינא, שטעהט מיט ארונטערגעלאזענע אפענע אויגען. כמעט קען זי דאס גאנצע נישט פערשטעהן און אז דאס אלץ איז נישט נאר א חלום! זי שפּירט א פיבער אין אלע איהרע גלידער. אט איז דער גרויסער סוד, אט ליגט ער פאר איהר. אך, נאר נאך איין טאג, איין וואך. אין אכט טאג ארום וועט זי שוין גאנץ געוויס זיין א „פרוי”. א פרוי, א פרוי. א פרוי, וועלכע האט א מאן. און זי ציטערט. ס׳איז גוט, וואס אין פיער און א האלבע שעה פערלאזען זיי ווארשא און פאהרען. שווייצאריען קען זי נישט ליידען. אויך סטאניסלאוו ליידט נישט שווייצאריען. קיין איטאליען קען שוין קיין שום ארענטליכער מענש היינט נישט מעהר פאהרען;

יעדער שניידער און יעדער שוסטער פאָהרט שוין היינט קיין איטאַליען. בלייבט־איבער אַזויפיעל ווי שווערען און נאַרוועגען . . . אָך, ווען דער דאָ־זיקער חודש וואָלט שוין זיין פארבייגעגאַנגען! ווען זי וואָלט נאָר קענען היינט זיך אַהינלעגען שלאָפען און אויפשטעהן אין אַ חודש ארום! — —

זי פיהלט, אַז זי טופּעט מיט איהר קליין פיסעלע אויף דער פּאָדלאָגע.

און ווידער הויבט דער אָרגעל אָן און ברומט מיט זיינע טיעפע שווערע טענער, און די טענער ציהען זיך און גיסען זיך, ציהען זיך און גיסען זיך.

אָבער דאָסמאָל הערט ער, סטאַניסלאַוו, כלל וכלל נישט די טענער. אָט איז דער בריעף, וועלכען ער האָט נעכטען בעקומען פון לייפּציג. די „בלאָנדע מיצי" שרייבט איהם, אַז זי איז עפּעס נישט געזונד געווען און דעריבער האָט זי איהם נישט געשריבען; אָבער דער „יונגע" איז געזונד און שטאַרק. דער „יונגע" איז גאַר אינגאַנצען עהנליך צו איהם, ווי צוויי טראָפּען וואַסער. דאָס קען ער איהר גלויבען אויפ'ן וואָרט. אָבער וואונדע־רען וואונדערט זי זיך, וואָס דעם צוואַנציגסטען, וועלכער איז דאָך דער טערמין, האָט זי נישט ערהאַלטען פון איהם די ראַטע אַזוי ווי אַלעמאָל איז יעדען חודש. זי זעהט שוין אַרוים, אַז ער מיינט זיך איינציגוויי־ז ארויסצו־נאַרען און שפּעטער זיך אינגאַנצען פון איהר פריי צו מאַכען. אָבער דאָס אַלץ וועט איהם נישט נוצען. זי וואָרענט איהם: אַז זי זאָל מוזען אַרויס־טרעטען קעגען איהם מיט אַ פּראָצעס וועגען „אַלימענטען" . . .

דער אָרגעל ברומט מיט מעכטיגע, ברייטע טענער. אַ סך נייע געסט שטופּען זיך און קומען צו ביז צו דער חופּה: דעקאָלטירטע אַקסלען, געל־זיידענע קליידער און בליצענדיגע ברילִיאַנטען! שפּאָגעל־גלאַנצענדיגע צי־לינדערס, בלענדענד־ווייסע הענטשקעלעך און רויטע קראַוואַטען! און דער קאַנטאָר זינגט . . .

און זי, רעגינא, שטעהט און האָרכט און האָרכט. ס'איז דאָך איהר התונה און זי מוז האָרכען. היינט מוז זי. און באמת איז די ליעבע טויזענד־מאָל שענער פון אַלעם, וואָס זי האָט געלייענט ביי ד'אַנונציאָ און ביי פּרעוואָ. דאָס איז זי דאָס, די ריינע, אמת'ע ליעבע. אַזוי איינעם, ווי ער איז, האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געזעהן. באַלד ווי זי האָט איהם צום ערשטען מאָל נאָר דערבליקט, פאָריגען ווינטער ביי דעם בלומען־קאָרסאָ, האָט זי שוין געוואוסט,

אַז איהר גורל איז געוואָרפען געוואָרען. עפּעס וואונדערליך האָט ער גער־ רעדט צו איהר, ווערטער ווי מען הערט עס גאָרנישט. אויף איהרע אויגען האָט ער געזאָגט, אַז זיי זענען ווי פייגעלכען און אויף די פינגער, אַז זיי זע־ נען ווי ליליעס. נאָך אַזאַ מענש, מיט אַזעלכע ריינע, טרייע אויגען, איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. זי איז זיכער אין איהם און אין זיינע ריינע, טרייע אויגען, אַז זי איז זיין „ערשטע ליעבע". איבריגענס האָט ער איהר אויך מינדליך געזאָגט. און ווי ווייסט ער אין יעדער מינוט אויפמערקזאַם צו זיין צו איהר! עס האָט זיך קיין איינציגעס מאָל נישט געטראָפען, אַז ער זאָל קומען צו זיי און זאָל נישט עפּעס אַ קליינינקייט, אַנ'אָנדענקען, מיט־ ברענגען, אַמאָל יאַספּיס־שטיינער פאַר דרייטויזענד פינפהונדערט רובל. אַמאָל צוועלף מעטער שפּיצען, עכטע וואַלענסיען, פאַר נייע טויזענד רובל. דאָס סאַטען־דע־מערוועליע קלייד מיט די דאָזיגע שפּיצען איז גאָרנישט מיאוס. אויך דאָס גרינע מיט דער ציטרין־געלער אַפּליקאַציע פּאַסט איהר זעהר צום פּנים . . .

פלוצלינג בעריהרען איהר אויער כוואַליעס פון שווערע, טיעפע טענער און נאָך זיי אַ פלוצלינגע פויזע — און זי כאַפּט זיך אויף.

די באַקען גליהען, די אויגען גליהען, דער אָטעם געהט שווער און קייכענדיג.

אַרום און אַרום ברענען און לייכטען די אונצעהליגע ליכט. די געסט שטופּען זיך נעהנטער אַלץ מעהר און מעהר: אויך זייערע אויגען לייכטען צו דעם יונגען גליק, וואָס קריגט דאָ זיין הייליג־צייכען. אָך, ווי לאַנג עס דויערט די צערעמאָניע! און פאָרט וואָלט זיין רעכט, ווען די זעלבע וואָלט דויערען הונדערטמאָל אַזוי לאַנג. אויך די צערעמאָניע איז זיס און ליעב־ ליך און אָנגענעהם . . .

און ער, סטאַניסלאַוו, שטעהט, אין זיין הויכע געשטאַלט איז יעצט אויסגעגליכען און אויפגעריכט אינגאַנצען: — אומעטום איז ער גרייט מיט איהר צו פאָהרען, נאָר נישט קיין מיילאַנד. אין מיילאַנד, אין דעם סקאַלאַ־ טעאַטער, טאַנצט יעצט די סקאַלאַטי, און עס איז דאָך אונמעגליך זיך יעצט מיט איהר דאָרט צו בעגעגענען. דאָס דאָזיגע בעגעגענען זיך קען אַ רעכט ביסעל זיין אונאַנגענעהם . . .

אָך, די צערעמאָניע — ווי לאַנג זי דויערט! ווען עס וואָלט נאָר שוין זיין א סוף . . .

און פּלוצלינג הערט זיך די שטימע פון דעם פּרעדיגער.

„— — — הנה אתם יוצאים בחדש האביב — אָט געהט איהר ארויס אין דעם מאָנאַט פונ'ם פריהלינג. איהר געהט ארויס אינ'ם פריהלינג, איהר געהט צום פריהלינג און דער פריהלינג קומט אייך אַקעגען. און אייך איז פריהלינג און פריהלינג איז ארום און ארום. אייער גאַנץ לעבען איז א גרויס־ער פריהלינג . . . ושקר החן — זאָגט דער פסוק — וחבל היופי — דער חן איז א ליגען און די שעהנקייט איז נארישקייט — אָבער ווען אויך עס איז פאַרהאַן חן און שעהנקייט אין אזא גרויסער מאָס, ווי מיר זעהען דאָס יעצט פאַר אונז, אויך דאַן איז דאָס נאָר א ליגען און א נארישקייט, ווען מען פערגלייכט עס מיט דעם אמת'ען גליק, מיט דער ליעבע . . . ולא יועיל הון, האָט דער פסוק געזאָגט, עס העלפט נישט פערמעגען — אָבער ווען אויך עס איז פאַרהאַן פערמעגען אין אזא גרויסער מאָס ווי מיר זעהען דאָס יעצט פאַר אונז, וואָס העלפט עס און וואָס איז זיין ווערט, ווען מען פערגלייכט עס מיט דעם אמת'דיגען גליק, מיט דער ליעבע, די ליעבע איז העכער פון אלצדינג: די ריינע ליעבע, די וואהרע ליעבע. און וואָס איז די ריינע ליעבע, ווען נישט די, וועלכע איז געגרינדעט אויף דעם פאַמיליען־לעבען? און וואָס איז פאַ־מיליען־לעבען ווען נישט דאָס, מיט וועלכען דאָס פאָלק ישראל האָט זיך פון תמיד אָן אויסגעצייכענט און פאַר וועלכעס אלע פעלקער פון דער וועלט האָבען איהם מקנא געוועזן?" — — —

דער אָרגעל שאַלט, דער קאַנטאָר זינגט, דער כאָר ענטפערט און די טענער טראָגען זיך ווי כוואַליעס איבער דעם גאַנצען הויז.

נאָך א מינוט.

און . . . „הרי את מקודשת, דו זאָלסט מיר זיין מקודש, בטבעת זו, מיט דעם דאָזיגען רינג, כדת משה וישראל, לויט דעם געזעץ פון משה און ישראל!"

און דער אָרגעל שאַלט „מקודשת", און דער כאָר ענטפערט „מקודשת".

הייליג! הייליג! — אלץ איז הייליג . . .

ער און זי זענען א פּאָר־פּאָלק, מאַן און ווייב, א זיווג!

א געטשוויטשעריי פון קושען הערט זיך פון אלע זייטען. אלץ שטופט זיך צום חתן און צו דער כלה, אלץ גראטולירט.

א גליקליך פאר!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף דער גאס גיסט זיך יעצט דער רעגען אין שטראמען. א נאסער ראב פליהט פון איין דאך אויפ'ן צווייטען און קרעכצט: הייליג, הייליג.

אך, ווי הייליג!

אין עק ביעלאנסקא־גאס געהט פארביי א גאסען־מיידעל מיט ארומ־בלאנדזשענדיגע אויגען און זוכט . . . די וועלט איז זעהר קאליע געווארען. אויך בייטאג איז קיין שום מאראל נישט מעהר פארהאנען.

# אויך אויף זומער־וואוינונג

פאר עטליכע יאָהר האָב איך אַמאָל אין פּעטערבורג קענען געלערנט איינעם, אַנ׳אָרימען מענשען, וועלכען די דאָקטוירים האָבען געהייסען דורכוים פאָהרען אויף אַ זומער־וואוינונג. דאָס איז געווען, זאָג איך אייך, אַ מערקווירדיגע זומער־וואוינונג.

געהייסען האָט ער, דאכט זיך ר׳ זלמן, ר׳ זלמן מלמד — אַ לאַנגער, דאַרער, זעהר בלאַסער מענש, מיט אַ שמאָלען האַלז, פון וועלכען ס׳האָט אַרויסגעשטאַרצט אַ גרויסער קאַפּ. געווען איז ער אַ שטיקעל בטלן, פון די, וואָס בעטען ענטשולדיגונג ביי די שטיינער, אויף וועלכע זיי טרעטען, און האָט מען געקוקט אויף איהם, איז ער רויט געוואָרען און האָט אויסגעזעהן, ווי ער פערגראַבט זיך אין זיין לאַנגע קאַפּאָטע און באַהאַלט זיך, ווי ווייט מעגליך, אין די געקרייזעלטע פּאָה׳לעך אַריין . . . געווען איז ער מלמד אינ׳ם הויז פון איינעם פון די גבירישע חסידים אין פּעטערבורג. פון דער „טשערטאָ” האָבען זיי איהם אַראָבגעבראַכט און האָבען איהם אויסגעאַרבייט עפּעס אַ „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ” — דאכט זיך אַ דאָקומענט, אַז ער מאַכט טינט און זייף און פּולווער געגען וואַנצען. חוץ זיין בעשטענדיגער מלאָכה, דעם מלמדות, האָט ער געהאַט נאָך עטליכע נעבען־געשעפטען: גע־ווען בעל־תפילה און בעל־קריאה און תוקע אינ׳ם ניקאָלאַיעווסקען מנין.

נאָך פּאַר זעקס יאָהר, באַלד נאָך דער חתונה בשעת ער איז נאָך גע־ווען אינדערהיים, אין זאַבלודאָוואָ, האָט ער אָנגעהויבען הוסטען. מילאָ הוסטען איז הוסטען. פון אַ הוסט, דאכט זיך, איז נאָך קיינער נישט גע־שטאָרבען. אויב די מאַמע עליה־השלום האָט געהוסט איהר גאַנץ לעבען לאַנג, און אויך דער טאַטע עליו־השלום פלעגט הוסטען; דאָס איז שוין אַזאַ משפחה־זאַך. האָט ער גענומען קאַנדעל־צוקער נאַגען און לאַקרעץ טרינקען — און האָט ווייטער געהוסט. מיט בלוט־שפּייען האָט ער אָבער אייגענטליך אָנגעהויבען ערשט דאָ נישט לאַנג — עס איז אין דעם נאָך

קיין צווייי יאָהר נישטאָ. עטליכע בעקאַנטע האָבען איהם געראָטען סענעס־טיי צו טרינקען; סענעס־טיי איז אַ רפואה בדוקה. ווי ס'איז געקומען חודש אלול, אָט דאָ, אינ'ם לעצטען יאָהר, האָט איהם אָנגעהויבען וועה טהון אין דער ברוסט, און ער האָט שוין קיין שופר נישט געבלאָזען; ער האָט זיך בעגנוגענט דערמיט, וואָס ער האָט געבלאָזען די צוויי טעג ראש־השנה. עטליכע בעקאַנטע האָבען איהם געראָטען ווייכע אייער צו עסען; ווייכע אייער זענען אַ רפואה בדוקה צו אַלע קרענק און נוצען אויך צום קול נגינה. אגב האָבען זיי איהם אַנ'עצה געגעבען, אריינצוגעהן צו עפּעס אַ דאָקטאָר, למשל, צו יענעם בעקאַנטען יודישען דאָקטאָר, וועלכער איז אַזוי זעהער בעוואוסט מיט זיין פריינדליכקייט און וועלכער רעדט מיט זיינע פּאַציענטען אפילו יודיש. ר' זלמן האָט געהוסט און האָט מבטיח געווען צו געהן און איז — נישט געגאַנגען. זעקס הדשים האָט ער זיך געקליבען צום דאָקטאָר, און צום סוף איז ער נישט געגאַנגען. ער געדענקט, אַז דער טאַטע עליו־השלום, גם־כן אַ מלמד, ווען ער איז קראַנק געווען, האָט ער נישט געפלעגט געהן צו קיין שום דאָקטאָר, ווייל דאָס רוסיש רעדען איז געווען אַ שטיקעל עיכוב. דאָס איז שוין אַזאַ משפחה זאַך, הן מכוח דעם הוסטען און הן מכוח דעם רעדען רוסיש. ווען דער־ווינטער וועט אם ירצה־השם קומען — האָט ר' זלמן ביי זיך געטראַכט — וועט איהם מן־הסתם שוין בעסער נישט בעסער געוואָרען. מעשה שטן, איז גראָד אין ווינטער דער שמערץ גרעסער און שטאַרקער געוואָרען הן אין דער ברוסט און הן אין דער פּלייצע. ער האָט אָנגעהויבען שטאַרקער הוסטען און פיעל צי שפּייען און בייגאַכט צו שוויצען. קלאָר, אַז דאָס איז פערקיהלעניש! — האָבען איהם די בעקאַנטע געזאָגט, מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען געדאַווענט אינ'ם ניקאָלאַיעווסקען מנין. זיי זענען צוגעשטאַנען צו איהם, בכל אופן שיהיה, ער זאָל געהן צום דאָקטאָר, און האָבען איהם אַוועקגעפיהרט אויף איזמאַילאָווסקי פּראָספּעקט.

און ווי ער איז געשטאַנען אויבען אינ'ם וואַרטע־צימער, האָט איהם דאָס האַרץ שטאַרק געקלאַפּט. פיעל פּאַציענטען זענען געזעסען ברייטליך אויף די רויט־פּלושענע שטוהלען; פיעל האָבען געבלעטערט אין די אַל־בומען און אין די געבונדענע זשורנאַלען און אין די פּראָספּעקטען פון די פערשיעדענע קור־ערטער און אין די וויז־בלעטער; פיעל האָבען זיך בעקוקט

אין די גרויסע וואנד־שפיגלען, און די דאמען, וועלכע האבען געקוקט, האָ־
בען אַ פנים אַ גרויסע הנאה געהאַט פון זייער קראנק בלאַס אויסזעהן און
פון זייערע נייע זומער־היטען — ער אָבער, אזוי ווי ער איז אריין, איז
ער געשטאנען נעבען דער טיר, דאָס היטעל האַלטענדיג אין איין האנד און
מיט דער אַנדערער זיך צוהאַלטענדיג פון מינוט צו מינוט דאס מויל, אום
צו פערשטיקען דעם הוסט. דער הוסט איז אָבער געווען שטארקער פאר
איהם. ר׳ זלמן האט איבער׳ן גאנצען קערפער געציטערט און איז זעהר רויט
געווען. אזוי איז פארביי אַ פערטעל שעה, אַ האַלבע, אַ גאנצע. די פאציענ־
טען האבען זיך איינציגווייז אָבגעפאַרטיגט, און אויך די, וועלכע זענען גע־
קומען נאָך איהם. ער איז געבליבען דער לעצטער. עס איז שוין פינסטער־
ליך געוואָרען, און אינ׳ם צימער האט זיך כמעט גאָרנישט מעהר געזעהן.
דער לאָקיי איז אריין און האט דאַ און דאָרט עפּעס צורעכט געמאַכט, און
האט איהם גאָרנישט בעמערקט. אויך דער דאָקטאָר איז אריין און האט
איהם נישט בעמערקט. און ער שטעהט נאָך אַלץ און ציטערט און שווימט
ארום אין אנגסט־שווייס. פּלוצלינג האט ער דערלאנגט אַ שטארקען הוסט.
דער דאָקטאָר האט זיך אומגעקוקט און האט איהם דערזעהן.

דער דאָקטאָר האט איהם אונטערזוכט, האט איהם געטאַפּט, האט איהם
אויסגעהאָרכט און דאן איז ער אָבגעטרעטען פון איהם און האט אָנגעהויּ־
בען זיך די הענד וואשען, און וועהרענד ער האט זיך זיי רוהיג אָבגעווישט
מיט אַ האנדטוך, יעדען פינגער בעזונדער, האט ער געזאָגט:

— דער לינקער לונגען־פליגעל איז ביי אייך אָנגעגריפען. פרישע לופט
איז די הויפּטזאַך. איהר מוזט זעהן טרינקען פיעל מילך. יעדען טאָג איינ־
דערפריה מוזט איהר זיך מאַכען קאַלטע איינרייבונגען איבער׳ן גאנצען קער־
פער. אייזעל־מילך וואָלט נישט געקענט שאַדען. אויך וואָלט זיין רעכט,
צו מאַכען אינהאַלאַציעס פון קיעפער־לופט. איבריגענס וויל איך ביי אייך
מאַכען אַ פּראָבע מיט קרעאָזאָט (דער דאָקטאָר האט זיך גוט געווישט די
שפּיצען פון די פינגער) איז, נאָך אַלע זאכען וואָס זיי שרייבען געגען איהם,
פאָרט אַנ׳אויסגעצייכענט מיטעל. אָבער די הויפּטזאַך, די הויפּטזאַך, ווי
איך האָב געזאָגט, איז דאָס קלימאַ, די לופט.

ר׳ זלמן האט נישט פערשטאנען קיין איינציג וואָרט. בלויז די איינ־

צעלנע ווערטער „מילך", „לופט" זענען איהם געבליבען קלעבען אין אויער און זענען איהם געווען עטוואָס פערשטענדליך. אויך דאָס וואָרט „קאַלטע" האָט ער געהערט, נאָר דאָס זעלבע איז שוין געוואָרען שטאַרק פערטושט דורך דעם צווייטען אונקלאָרען וואָרט „איינרייבונגען". ער האָט מיט איין האַנד געזוכט עפּעס א מטבע אין דער הויזען־קעשענע און מיט דער צוויי־טער האָט ער אָנגעהויבען ווי אין חלום זיין אויפגעמאַכט העמד ווידער צוריק צו פערשפּילעווען. עס איז קלאָר, אז דער דאָקטאָר האָט גערעדט פון הויכע ענינים. עס איז קלאָר, אז עס איז א וויכטיגער ענין.

— מיין פריינד! — האָט זיך דער דאָקטאָר ווייטער געלאָזט הערען מיט א בעזונדערער פריינדליכקייט — איהר מוזט פאָהרען קיין איטאַליען. מען פאָהרט אין אזעלכע זאכען אויך קיין מעראַן און אויך קיין קאַירא.

די לעצטע צוויי נעמען זענען איהם כלל וכלל נישט געגאַנגען אין מוח אריין, און נאָר דער קלאַנג פון'ם ערשטע נאָמען איז איהם געבליבען אין די אויערען.

— איטאַליען? — האָט ער איבערגעפרעגט, און איהם איז פאָרגע־קומען, אז ער מוז שוין האָבען אמאָל אין זיין לעבען דאָס דאָזיגע וואָרט געהערט, נאָר ער געדענקט נישט וואו און ווען; אפשר האָט ער עס געלייענט גאָר אין א ספר אָדער אינ'ם „המליץ".

דער דאָקטאָר מוז האָבען פּלוצלינג איינגעזעהן, אז דאָ איז נישט דאָס אָרט צו וויצלען זיך און האָט גיך און ערנסט געזאָגט:

— וועניגסטענס, מוזט איהר פאָהרען אויף פרישע לופט, איהר מוזט זעהן צו קומען אויף א זומער־וואוינונג, עפּעס א „דאַטשע", דאָ נישט וויט פון פּעטערבורג. אפשר אין צאַרסק אָדער אין פּאַוולאָווסק, אין ליעסנאָי אָדער אודיעלנאָ. ליעסנאָי דאַרף זיין גוט פאַר אייך; אין ליעסנאָי וואוי־נען צומייסטען יודען.

— ליעסנאָי? — האָט ר' זלמן איבערגעפרעגט שטאַרק פערחלום'ט און פערטראַכט.

דער דאָקטאָר האָט געקוקט אויף זיין זייגערעל.

*

די זומער־וואוינונגען ארום פעטערבורג זענען שוין בעזעצט. עס קאכט און עס לעבט זיך אומעטום. מען געהט אין די וועלדער און אין די פארקען, מען עסט און מען טרינקט פאר צוויי און מען לאזט זיך וואויל געהן. די ווייבער און קינדער בלייבען כמעט שטענדיג אויף דער זומער־וואוינונג, און נאר די מענער פאהרען געוועהנליך יעדען טאג אינדערפריה קיין פעטערבורג און בלייבען דארט, צוליעב די געשעפטען, דעם גאנצען טאג, און קומען יעדען פארנאכט צוריק ארויס אויף די זומער־וואונונג. די עטליכע, וואס בלייבען אויף דער זומער־וואוינונג שטענדיג, אדער די דאזיגע, וועלכע זענען בייצייטענס צוריקגעקומען, זיצען געוועהנליך זאלבעדריט אדער זאלבעפערט אין א גארטען ביי א קליין טישעל און שוויצען און הארעווען שטארק אין שפיעלען פרעפעראנס אדער ווינט. וואס טוהט נישט אליין א מענש פאר זיין געזונד!

אויך ר׳ זלמן, איז זיך נוהג כמעט ווי אלע גבירים, וואס וואוינען אויף זומער־וואוינונג, דעם גאנצען טאג איז ער אין דער שטאדט, אין פעטערבורג, צוליעב זיינע געשעפטען, און יעדעס מאל אקעגען אוועגד, אדער שוין שפעטליך ביינאכט, חאפט ער זיך ארויס אויף זיין זומער וואוינונג ביז פארטאגס. דער דאקטאר האט געזאגט א זומער־וואוינונג, טא מוז זיין א זומער־וואוינונג.

דעם גאנצען טאג איז ער בעשעפטיגט אין פעטערבורג. ער הארעוועט דארט עהרליך און באדט זיך אין שוויים פון גאנץ פריה ביז אין די זינקענדיגע נאכט; ער קנעלט מיט די יונגלעך, דאוונט פאר׳ן עמוד און לייענט אין דער תורה אלע מאנטאג און דאנערשטאג. אמת, זינט עס האט זיך איהם געטראפען דאס אומגליק מיט דער זומער־וואוינונג און איהם איז צוגעקומען א נייער עסק, א נייער עול איז ער געווארען א רעכט ביסעל אונגעדולדיג און טהוט אלץ כאפעדיג; ער איז זעהר נערוועז און אויפגערעגט דעם גאנצען טאג. ער האט אנ׳עול אויף זיך, א צוטשעפעניש, וועלכעס ער איז געצוואונגען אבצו׳פטר׳ן. און ער לעבט ווי אין פיבער. ער וויים, אז ס׳וועט איהם גארנישט נוצען און ער מוז יעדען טאג ארוים אויף דער זומער־וואוינונג, אזוי ווי ער מוז יעדען טאג נעהמען כך וכך לעפעלעך מעדיצין. ער האט נאר די איינע האפנונג, אז באלד וועט ווערען ווינטער, דאן

וועט ער וועניגסטענס בעפרייט ווערען פון אט דער דאָזיגער לאַסט — פון דער זומער־וואוינונג. אַקעגען אָווענד, אַזוי אַרום זיעבען אַ זייגער, כאַפּט ער אויף דער גיך עפּעס טועם זיין — אייגענטליך איז דאָס זיין פריהשטיק און מיטאָג — עסט שטעהענדיגערהייט און כאַפּט זיך אויף לויפט. — זיין זומער־וואוינונג איז אין ליעסנאָי.

פון פּעטערבורג קיין ליעסנאָי קען מען קומען אויף פערשידענע אופנים: מיט אַ בעל־עגלה, מיט דעם טראַמוואַי און צופוס. ר' זלמן האָט זיך אויסגעקליבען איינעם פון די דריי אופנים — ער איז געגאַנגען צופוס. אַז מען לויפט גיך, קען אַ גוטער לויפער גאַנץ גוט אהינקומען שוין אין צוויי־דריי שעה. און ר' זלמן האָט געפלעגט לויפען, ר' זלמן האָט געפלעגט לויפען גיך און ר' זלמן איז געווען אַ גוטער לויפער; ער איז אהינגעקומען יעדעס מאָל שוין אין צוויי־דריי שעה. אמת, ער איז יעדעס מאָל אהינגעקומען געבאָדען אין שוויס, מעהר טויט ווי לעבעדיג און כמעט אינגאַנצען אָהן אָטעם — אָבער וואָס טהוט נישט אַ מענש אַלץ צוליעב זיין געזונד? דער דאָקטאָר האָט געהייסען אַ זומער־וואוינונג, טאָ מוז מען.

אָבער נישט אַלע טעג זענען געווען גלייך. טיילמאָל איז געגאַנגען אַ שלאַגס־רעגען און ר' זלמן, ווייל ער האָט געוואוסט זאַ ער „מוז", האָט געפלעגט אויפשטעלען דעם קאָלנער פון זיין קאַפּאָטע און אַריבערצוכאַפּען די פּאָלעס איבער'ן קאָפּ און האָט געפלעגט לויפען אין איין אָטעם איבער שטיינער און ביינער גלייך צו זיין זומער־וואוינונג. בעזונדערס האָט ער זיך געמוזט איילען, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז מען וואַרט דאָרט אויף איהם; ניין פּאַרשוין האָבען געפלעגט וואַרטען אויף איהם, דעם צעהנטען, צו מנין, ווייל דאָרט איז געווען איינער, וועלכער האָט געדאַרפט זאָגען „קדיש יתום". קוים נאָר ווי ער האָט בעוויזען אויפצומאַכען אַ טיר, האָט מען שוין אַ געשריי געגעבען: „והוא רחום וכו' ברכו!"

דען אייגענטליך איז זיין זומער־וואוינונג נישט געווען זיין זומער־וואוינונג, נאָר עס איז געווען עפּעס אַ קלויז אָדער אַ בית־המדרש, וואו עס איז געשטאַנען, אַחוץ אַנ'אָרון'קודש מיט אַ שולחן און אַנ'עמוד, אויך אַ הילצערנע באַנק, און יודען רחמנים בני רחמנים, ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז דער דאָזיגער מלמד האָט עפּעס אַ „מיחוש", האָבען זיי איהם

ערלויבט, ער זאָל אַרויסקומען דאָרט יעדען טאָג נעכטיגען. פערשטעהט זיך, אז די דאָזיגע זומער-וואוינונג איז עפּעס נישט געשטאַנען אויבענאָן צווישען די גערטנער און די פּאַרקען, און די פרישע לופט אַרום איהר איז עפּעס נישט געווען אזוי מחיה'דיג.

נאָך מעריב האָט געפּלעגט ווערען זעהר שטיל. ר' זלמן האָט געפּלעגט איבערבלייבען אויף זיין זומער־וואוינונג איינער אליין, האָט געפּלעגט אַרויסכאַפּען פון דער הינטער־קעשענע אַנ'אויסגעזאָטען איי און האָט עס געקייעט הוסטענדיג און האָט געפּלעגט זיך צושפּאַרען אויף דער הילצערנער באַנק.

אָבער שלאָפען האָט ער נישט אַלעמאָל געקענט. און נישט בלויז ווייל די באַנק איז געווען האַרט, און ער האָט די גאַנצע נאַכט געהוסט און געשפּיגען, נאָר גאַנץ בעזונדערס ווייל ער איז געווען אונגעדולדיג און האָט געהאַלטען אין איין איילען זיך; ער איז געלעגען און האָט געפיבערט, און אַלע ווייל האָט ער געקוקט אויפ'ן זייגער, אויב ס'איז שוין צייט אויפצושטעהן. די גאַנצע נאַכט האָט ער געקלערט נאָר פון איין זאַך: אז ער מוז בייציייטענס אויפשטעהן, אום צו קומען וואָס גיכער אין שטאָדט אַריין, דען די קינדער וועלען וואַרטען. ער האָט קוים בעוויזען אָבצודאַווענען, האָט ער זיך שוין געכאַפּט צו דער מלאכה און איז געלאָפען.

ער איז געלאָפען אין איין אָטעם, ער האָט זיך געבאָדען אין שוויים, און אָנקומענדיג אין חדר, האָט ער געפּלעגט אַנידערפאַלען אויף דעם ערשטען בעסטען שטוהל מעהר טויט ווי לעבעדיג. טיילמאָל איז געגאַנגען אַ שלאַגס רעגען, דאָ האָט ער געפּלעגט אויפשטעלען דעם קאָלנער פון דער קאַפּאָטע און אַריבערכאַפּען די פּאָלעס איבער'ן קאָפּ און אזוי האָט ער געפּלעגט לויפען אין איין אָטעם ביז קיין פּעטערבורג און אַריין גיך אין חדר.

אָבער אַקעגען אָווענד אזוי אַרום זיעבען אַזייגער, האָט זיך אָנגעהויבען ווידער דאָס לויפעניש צוריק. ער איז געלאָפען אַרויס צו דער זומער־וואוינונג.

און צומאָרגענס ווידער צוריק. אהין און אהער, אהין און אהער.

אזוי האָט ער עס געמאַכט עטליכע וואָכען. וואָס טהוט נישט אַ מענש אַלץ צוליעב זיין געזונד?

צום סוף אָבער האָט איהם קיין מענש שוין נישט מעהר געזעהן, נישט אהין און נישט אהער. עס האָט איהם קיינער נישט מעהר געזעהן. דער לעצטער, וועלכער האָט איהם געזעהן, איז געווען דער אויפזעהער אין דעם אַלעקסאַנדער־האָספּיטאַל.

אויך דאָס איז געווען אַ מענש מיט אַ זומער־וואוינונג! אויך דאָס איז געווען אַ זומער־וואוינונג!

# דאָס לעצטע מאָל

דרויסען וואָיעט דער ווינד און פייפט, און דער רעגען פּאַטשט אין די שויבען און אויף די דאַך־שינדלען — אינעווועניג אָבער, אין דער שטוב, איז ליכטיג אין יעדען ווינקעלע, און ליכטיג איז אין דער נשמה.

אין דעם זילבערנעם חנוכה־לעמפּעל ברענט שוין דאָס אַכטע ליכטעל און ביי איהם דערנעבען שטעהט איינגעבוקט און האַלב־פערשמאָלצען דער וואַקסענער „שמש", און קנאַקעדיג און שפּריצעדיג פלאַקערט זיין פייערעל.

אינ'ם לעדערנעם פאָטער־שטוהל זיצט די באָבע, יום־טוב'דיג אויסגעפּוצט, און די גרויסע אויגען לייכטען. די געלע אַטלאַסענע בענדער פון דער טיעפער הויב פלאַטערען אַראָב פונ'ם קאָפּ, די ברילאַנטענע גרויסע אויער־רינגען בליצען אַראָב פון די אויערען, און זי זיצט אַלץ פער'חלומ'ט, און מיר אַלע זיצען אַרום איהר, און איך — אויפ'ן בענקעלע צו איהרע פיס, דעם קאָפּ אויף איהר שויס, און די אַלטיטשקע זיצט נאָך אַלץ און חלומ'ט און האַלט די דינע ליפּען פעסט פערשלאָסען און נאָר די גרויסע הערליכע אויגען לייכטען. עפּעס ליגט אַ סוד פון גאָט אין די דאָזיגע גרויסע, קלוגע און אייביג לויכטענדע אויגען! — דער שטערען איז פול מיט קנייטשען, דער רוקען איז איינגעבויגען, די הענד ציטערען, די שטימע ציטערט ווען זי רעדט — און נאָר די גרויסע אויגען ברענען און לויכטען!

וואָס האָבען שוין די דאָזיגע אויגען נישט אַלץ געזעהן? וואָס איז פאַר זיי שוין נישט פערבייגעגאַנגען זינט זיי שטעקען אינ'ם קאָפּ פון דער דאָזיגער פרוי?

שטיל! יעצט הויבט זי אויף איהר מיעדען און שווערען קאָפּ פון איהרע שטומע אונענדליכע חלומות.

— קינדערלעך! כ'בין דאָך אַלט, אַ יאָ, כ'בין אַלט? . . . מעהר ווי דער זאָמד ביים ים זענען מיינע טעג און נעכט, אַ יאָ, מעהר פונ'ם זאַמד?... אָבער זעהט איהר: דאָס, וואָס איך וויל אייך היינט דערצעהלען, איז גאָר

נאָך עלטער פאַר מיר, א קנאַפּע צוויייטויזענד יאָהר עלטער? יאָ, יאָ, קינ־דער, א צווייטויזענד יאָהר, זאָג איך. — און יעצט מוז איכ'ס אייך דער־צעהלען; עס מוז מיר אראָב פון הארצען, איך בין געזעסען און האָב געטראַכט און געטראַכט, לאַנג האָב איך געטראַכט, און מיין הארץ איז אזוי פול דערמיט . . .

און אין דרויסען וואָיעט נאָך אַלץ דער ווינד און פייפט, אָבער די שטים פון דער אַלטער שטייגט היינט אריבער דעם ווינד און איהרע ווער־טער קלינגען קלאָר — און איך זיץ און האָרך.

שטיל! — די אַלטע רעדט יעצט, און דעם קאָפּ האַלט זי הויך ארויף:

— קינדערלעך! איהר מיינט דאָך אודאי איך וועל אייך דאָ ווידער דערצעהלען עפּעס א מעשה פון חנוכה? איהר האָט א טעות! חנוכה און וואָס דער רשע אַנטיוכוס האָט געטהון, קענט איהר שוין אַלע! — אַנ'אַנ־דערע, א נייע מעשה וויל איך אייך דערצעהלען, א זאַך וועלכע איז דעם־גלייכען געשעהן אין ירושלים, און דעסגלייכען אין די צייטען פונ'ם רשע אַנטיוכוס, נאָר זי איז עלטער מיט א פינף־זעקס יאָהר פון דער מעשה מיט חנוכה! — עס איז א מעשה מיט א יודיש יונגעל, וואָס איז געגאַנגען אין „חדר" אַריין און האָט אין „חדר" זיך צעוויינט — און נישט ווייל עמי־צער האָט איהם געשלאָגען, נאָר ווייל דאָס הערצעל האָט איהם וועה גע־טהון און ווייל עס האָט איהם וועה געטהון ביי דער נשמה . . . עס איז א טרויעריגע מעשה.

און פּלוצלינג שווייגט די אַלטע און איהרע דינע ליפּען שליסען זיך און אויך די ליכטיגע אויגען פערמאַכען זיך אויף א מינוט — און איך זיץ צו איהרע פיס, דעם קאָפּ אויף איהר שויס, און איך האָרך און האָרך . . .

*

— — — די גאַסען פון ירושלים.

די הייזער אויף דער גאַס באָדען זיך אין א ים ליכט און דער הימעל איז בלוי, אונענדליך בלוי. ווייסע קליינע וואָלקענדלעך שלעפּען זיך מיעד

און פויל אויפ׳ן הימעל און דורך דעם בלויען. די לופט איז ריין און וואַ־רים. די בוימער טראָגען גרויסע גרינע בלעטער, און די דאָזיגע בלעטער בעוועגען זיך נישט אין דער ווינד־שטילער לופט . . .

עס איז אַ הייסער זומער. דער זומער פונ׳ם יאָהר דרייטויזענד פינפ-הונדערט און נײַנציג זינט די וועלט איז בעשאַפען!

און אויף דער גאַס שפּיעלען זיך די קינדער און לאַכען און שטיפען און פרעהען זיך: „דער זומער, דער זומער איז דאָ!" — אונטער די פּי־סעלעך פינקעלט דאָס געלע זאַמד, איבער די קעפּעלעך ברענט דאָס גאָלד פון דער זון, און זייערע יונגע הערצעלעך עפענען זיך ווייט און קלאַפּען און שטורמען און ווילען שיער נישט צעבראָכען ווערען פאַר גרויס תענוג . . .

און פּלוצלינג הערען זיי ווי אַ שטימע רעדט צו זיי: „לערנען לערנען, קינדער! עס איז צייט אין חדר אַריין!"

די קינדער קוקען זיך אום: אַנ׳אַלטער הויכגעוואַקסענער מאַן שטעהט פאַר זיי מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד און מיט אַנ׳ערנסטער שטרענגער מי־נע. ווער פון זיי קען נישט דעם דאָזיגען אַלטיטשקען? ווער ווייסט נישט, ווער עס איז יוסי בן יועזר פון צרדה?

און וואָס לענגער ער שטעהט און בעטראַכט די קינדער, ווערט אַלץ זיין פּנים מילדער און די אויגען ווערען עפּעס אַזוי ווי פייכטליך. „עס זע־נען אונז נאָר נאָך די קינדער געבליבען — רעדט ער שטיל צו זיך אַליין — עס איז אונז געבליבען נאָר נאָך די דאָזיגע איינציגע שטיצע, אויף וועלכער עס לעהנט זיך אָן אַ גאַנץ פאָלק . . . מיר האָבען נאָר נאָך די קינדער . . ."

און ווי אין חלומות פערזונקען בלייבט ער שטעהן און טראַכט און טראַכט . . .

וואָס איז פון זיין פאָלק געוואָרען אין די לעצטע יאָהרען? אמת, זיין פאָלק וווינט נאָך אין זיין לאַנד, אין ארץ־ישראל, אָבער דאָס דאָזיגע לאַנד איז נישט מעהר זיין לאַנד; עס געהערט יעצט כמעט אינגאַנצען שוין דעם גריכישען שטאַטהאַלטער אַנטיוכוס עפּיפאַנעס, וועלכער האַלט יעצט מלח־מה אין מצרים און האָט דאָ אָוועקגעזעצט זיין שטעלפערטרעטער דעם רשע אַנדרוניקוס, און דער דאָזיגער שטעלפערטרעטער רעגירט דאָ מיט טיראַני־שער מאַכט און וואָרצעלט אויס מיט זיין גאַנצער קראַפט דעם רעשט פונ׳ם

יודישען גייסט און וויל פון ארץ־ישראל איינציגוויים מאכען א גריכענלאנד. אָט גיסט ער אוים איבער׳ן גאנצען לאנד דעם גריכישען גייסט און פלאנצט אומעטום איין גריכישע זיטען און גריכישע מנהגים און וועט נישט רוהען, ביז ער וועט נישט האָבען גאנץ ארץ־ישראל „גריכיפיצירט". די גאסען אין ירושלים האָבען צום גרעסטען טייל נישט מעהר יודישע נעמען, דען מען האָט זיי געגעבען גריכישע; די געלד־מינצען, וועלכע יודעא האָט ביז יעצט געהאַט, ווערען איינציגוויין קאסירט און עס הויבען אָן צו צירקולירען נאָר גריכישע; יודישע נעמען, מיט וועלכע מען פלעגט רופען קינדער, זע־נען פערבאָטען, און אָפיציעל מוזען זיי גערופען ווערען מיט גריכישע נע־מען; די יודישע פאָהן מיט די יודישע פאַרבען האָט מען אָבגעשאפט און מען האָט גריכישע איינגעפיהרט, און אויך פון דער לשכת־הגזית, וואו די סנהדרין זיצען, האָט מען דעם יודישען הערב אַראָבגענומען און ארויפגע־זעצט האָט מען דעם גריכישען. דאַן אָבער איז נאָך געבליבען דער כהן גדול חוניו, א מענש וואָס האָט זיין גאנץ לעבען אוועקגעלעגט, אום ווי עס איז דעם רעשט פונ׳ם יודישען גייסט צו דערהאַלטען, דאָ איז געקומען אַנדרוני־קום און האָט איהם אומגעבראַכט און אויף זיין אָרט האָט ער געמאַכט פאַר א כהן־גדול מענעלויסען, א מענש וועלכער איז אָנגעפראָפט מיט׳ן גריכי־שען גייסט — און ווער ווייסט, וואָס עס וועט נאָך אַלץ ווערען אין די נעכס־טע טעג?

— מיר האָבען נאָר נאָך די קליינע, געבליבען איז אונז נאָר נאָך דער נייער דור — האָט ער געשעפטשעט צו זיך אַליין, און זיין פּנים איז ווידער געוואָרען ערנסט און שטרענג, און אויפ׳ן קול האָט ער ווידער געזאָגט: לערנען, לערנען, קינדער! עס איז צייט אין „חדר„ אריין!

און די יונגלעך כאפּען זיך און לויפען איילענדיג, און מעהר פון אַלע איילט זיך דער קליינער יועזר, יוסי׳ס יונגסטער זוהן.

די זון אָבער לייכט היינט אזוי פערפיהרעריש, אז נישט אזוי לייכט געהט מען ארוים פון דער פרישער שמעקעדיגער לופט, וועלכע פליסט אונ־טער דעם בלויען הימעל, אום צו קומען אין א „חדר" אריין! לוסטיג און מיט לייכטע געדאַנקען קומט דער קליינער יועזר איבער די קדרון־בריק און שטעלט זיך אָב אויף א מינוט. עפּעס איז דאָרט א קרעמעל פון א גריכע

מיט פרישע נייע שפּיעלצייג, און דאָס קינד גלאָצט אויס די אויגען און בלייבט שטעהן פאַר זיי ווי צוגענאָגעלט באַלד אָבער בעוויזט זיך אויף דער שוועל פון דער קראָם א גריכישער קנעכט, וועלכער זידעלט אָן דאָס קינד, און דאָס יודישע קינד לויפט אין איין אָטעם ווייטער. . .

און איבער דעם יהושפט־פּלאַץ לויפט ער און איבער די אנטיוכוס־בריק און איבער'ן וועשער־פעלד, ביז ער קומט אָן אויפ'ן אנדרוניקוס־מארק. דאָ און דאָרט שטעלט ער זיך אָב, אום די קאָסטבאַרקייטען צו בעטראַכטען, מיט וועלכע די גריכען האַנדלען, זאַכען פון אַטען און פון ספּאַרטאַ און פון ביצאַנץ: גאָלד־סאַנדאַלען, פּערל־שנירלעך און זילבערנע שטערען; באַלד זעהט ער אויך פערשידענע שפּיעל־פיגורען, פערדלעך, הינטלעך און מענשלעך געמאַכט פון האָלץ און פון שטיין און פון גיפּס, און דאָס אַלץ בליצט אינ'ם זונען שיין, אַז מען קען די אויגען דערפון נישט אַראָבנעהמען. — פּלוצלינג אָבער דערמאָהנט ער זיך, אַז ער האָט קיין צייט נישט, און ער לויפט ווידער אין איין אָטעם . . .

און קומענדיג אויפ'ן פּלאַץ הינטערען בית־המקדש, בלייבט ער ווידער שטעהן. אויפ'ן פּלאַץ אינ'ם צפונית־מערבית־ווינקעל איז אויסגעבויט די „בירה", וואָס די גריכען רופען זי „אַקראַ", און דאָרט איז דאָס גימנאַזיאָן, וואו יודישע קינדער לערנען אונטער גריכישער אויפזיכט טורנען און טאַנצען און אַטלעטען־קונצשטיקלעך.

דאָס קינד איז שטעהן געבליבען און די אויגען האָבען זיך איינגעגבערט אין צוויי יודישע יונגלעך, וועלכע האָבען גראָד קונצשטיקלעך געוויזען, און זיין הערצעל איז איהם שיער נישט צעזעצט געוואָרען פאַר תענוג. ווי שעהן איז דאָס לעבען אויף דער גאַס אונטערען בלויען הימעל! צוויי יודישע יונגלעך קומען אַרויס אויף די אַרענע און זיי ראַנגלען זיך איינער מיט'ן אַנדערען, און זיי כאַפּען־אָן איינער דעם אַנדערען און זיי וואַרפען זיך איינער אויפ'ן אַנדערען, און איינער וויל דעם אַנדערען גובר זיין, און קיינער פון זיי קען עס נישט, און נאָך עטליכע מינוטען פאַלען זיי ביידע אַנידער און דאָס פּובליקום פּלאַצט אַרויס מיט א געלעכטער איבער די דאָזיגע יודישע „גבורים". דאַן קומט אַרויס אויף די אַרענע א יודיש יונגעל און א יודיש מיידעל, ביידע כמעט נאַקעט, און זיי טאַנצען ביידע אַזוי

שעהן און אזוי געשיקט, און די מוזיק שפּיעלט און די פויקען קלאַפּען און א שמחה ליגט אויסגעגאָסען איבער דער גאַנצער וועלט . . .

פלוצלינג וואָרט דער קליינער יועזר טרויעריג: ער האָט זיך דער־מאָהנט אָן זיין „חדר" . . .

אָבער זיינע פיס זענען ווי צוגעגאַגעלט און ער קען פון אָרט נישט אוועק, און זיינע אויגען זענען איינגעגעבערט אין דער ארענע. אָט זענען צוויי נייע יונגלעך, אָט זענען פרישע טענץ, אָט זיינען פרישע קונצשטיקלעך! און זיין קליינער יצר־הרע האַלט איהם אָנגעבונדען צו דעם אָרט און לאָזט איהם נישט אוועק. עס איז א שעה אוועק, עס זענען צוויי־דריי שעה אוועק, און נאָך אַלץ שטעהט דאָס יונגעלע אויפ׳ן פּלאַץ הינטער דעם בית־המקדש.

די זון שטעהט שוין אין דער מיטען פונ׳ם הימעל.

א גרויסע שרעק פאַלט פלוצלינג אָן דעם קליינעם יועזר: מעהר ווי א האַלבער טאָג איז שוין אוועק, און ער איז נאָך נישט אין „חדר" געווען. וואָס וועט דער „רבי" איהם זאָגען? ווי וועט ער איהם מקבל זיין ביים אריינקומען אין „חדר"? — און ער שטעלט זיך פאָר פלוצלינג דעם רבי׳ן מיט דעם שטרענגען ערנסטען געזיכט און מיט דער שטרענגער ערנסטער שטימע . . .

און דאָס קינד הויבט אָן צו לויפען ווי א פייל פון בויגען.

און אינ׳ם לויפען יאָגען איהם נאָך אַלע יענע ערשיינונגען, וועלכע ער האָט געזעהן אין דער „אקרא": נאַקעטע יונגלעך און מיידלעך, טענץ און אַטלעטען־קונצען, ברעכען זיך און וואַרפען זיך, מוזיק און רוישענדע פויקען; און פון דעם אַלעם ארויס הערט זיך די בייזע שטימע פון זיין רבי׳ן און זיינע אויגען דערבליקען דאָס פינסטערע פּנים אויך וון זיי זענען גע־שלאָסען . . . און אזוי לויפט ער אין איין אָטעם, וויפיעל די פיס קענען איהם טראָגען, און אזוי קומט ער אויך ביז צום געסעל, וואו דעם רבינ׳ס „חדר" איז. זיין געמיט אָבער איז צו זעהר אויפגערעגט, און ער שטעלט זיך אוועק פאַר׳ן חדר און ווישט דעם שוויס פונ׳ם פּנים און הערט זיך איין, ווי זיין הערצעל קלאַפּערט אין איהם. נאָך א מינוט און זיין האַנד האַלט שוין די קלאַמקע פון דער טיר, און א מינוט שפּעטער איז ער שוין אינ׳ם „חדר" דרינען.

און אַ פינסטערער שווערער אומעט פאַלט איהם אָן און זיינע פיס ווערען איהם שווער ווי בליי.

וואָס איז דאָס? — אַ טויט־שטילקייט ליגט היינט אויסגעגאָסען אויפ'ן „חדר", און אַ טיעפע שוואַרצע טרויעריגקייט בליקט אַרוים פון יעדען ווינקעלע; די יונגלעך זיצען שטום און שטיל און בעוועגען זיך נישט, מען עפענט קיין מויל נישט און מען קוקט איינער דעם אַנדערען נישט אָן — דאָס „חדר" איז עפּעס גאָרנישט דאָס, וואָס אַלעמאָל.

און דער רבי שטעהט אָנגעלעהנט אויף דער קאַטעדרא; זיין קאָפּ רוהט אויף זיין ברייטער האַנד און די אויגען זענען פערמאַכט. שטיל הויבט ער פּלוצלינג אויף דעם קאָפּ און ער דערבליקט דעם קליינעם יועזר.

— מיין זוהן! דו ביסט היינט שפּעט געקומען, זעהר שפּעט, אָבער גוט, אז דו ביסט געקומען . . .

וואָס זאָל דאָס בעדייטען? די שטימע איז אַזוי ווייך און די ווערטער זענען אַזוי מילד, און די דאָזיגע ווערטער גראָבען זיך אַזוי טיעף איין אין דעם קליינעם יונגען הערצעל, ווען האָט דער רבי צו איהם אַזוי גערעדט? פון וואַנען האָט זיך גענומען די דאָזיגע טרויעריגקייט אין דער שטימע און די דאָזיגע מילדקייט און ווייכקייט? — אין דער דאָזיגער מינוט האָט עס דעם קליינעם יועזר אמת'דיג באַנג געטהון, פאַרוואָס ער איז אַ האַלבען טאָג פּוסט און פּאַסט אַרומגעגאַנגען און איז אַזוי שפּעט געקומען . . .

— מיין קינד! — האָט דער רבי ווייטער גערעדט און זיין שטימע האָט געציטערט — נעהם דיין ספר און זאָג דיין פסוק . . . דען . . . . דען וויסען מוזטו . . . היינט איז דאָס לעצטע מאָל . . . מאָרגען וועט מען נישט מעהר לערנען אויף העברעאיש.

און זיין שטימע האָט זיך שיער נישט געשטיקט פאַר טרעהרען. — די קינדער איז אַ ציטער אַריבער איבער'ן לייב, זעהענדיג זייער רבי'ן, דעם דאָזיגען פעסטען שטאַרקען מענשען, וויינענדיג ווי אַ קינד . . .

— אונזער לעצטע קויהל האָבען זיי יעצט פערלאָשען! אונזער שפּראַך האָבען זיי אונז אַוועקגענומען! — זאָגט יעצט דער רבי און קען זיך פון וויינען נישט איינהאַלטען. — וואָס זאָלען מיר יעצט מיט אונזערע שעפּע־לעך מאַכען, ווי אַזוי וועלען אונזערע קינדער יעצט וויסען און ווי וועלען

זיי קענען וויסען, וואָס זייער פאָלק אין געווען און וואָס זיין גייסט און זיין גרויסקייט און זיין געשיכטע איז געווען?! . . .

און מיט דער האנד ווישט ער זיך איבער די אויגען — און די קינדער ארום הויבען אָן צו וויינען.

און שטילער און טרויעריגער פון אלע וויינט יעצט דער קליינער יועזר און זיין הארץ צעגיסט זיך שיער וועגען די זינד, וואָס ער האָט היינט געזינדיגט . . . ער האָט געפיהלט, אז ער איז אין איין מינוט געוואָרען אַן אנדערער.

— דאָס איז דאָס לעצטע מאָל! מאָרגען וועלען מיר אויפהערען צו לערנען אונזער תורה! — הערט זיך יעצט דעם רבינ'ס שטימע צום דריטען מאָל, אָבער זיין שטימע קלינגט נישט מעהר ביטער, נאָר קלינגט אזוי ווייך און פול מיטלייד, אזוי ווי ער וואָלט זאָגען די ווערטער: מאָרגען ווערט אָבגעמעקט א גאַנצע וועלט, און א גאַנצע וועלט וועט זיין וויסט און לעדיג . . .

און די יונגלעך כאַפּען זיך צו די ספרים.

און ווי דער קליינער יועזר האָט זיין ספר גענומען פאַר זיך, האָבען איהם זיינע קליינע הענדטלעך געציטערט און זיינע אויגען האָבען זיך געבאָדען אין טרעהרען. נאָך קיינמאָל נישט האָט ער זיין שיעור מיט אזא חשק געלערנט, נאָך קיינמאָל נישט האָבען זיך די ווערטער אזוי טיעף אין זיין הארץ איינגעגראָבען ווי היינט!

היינט ווערט א שפּראַך אריינגעלעגט אין קבר! היינט ווערט א פאָלק אויסגעראָטען פון צווישען די פעלקער! היינט ווערט א לאַנד אָבגעמעקט פון צווישען די לענדער פון דער ערד! . . .

און דער קליינער יועזר ווייסט און פערשטעהט דאָס אלץ . . .

און דער רבי רעדט צו איהם היינט אזוי ווייך און זיין שטימע איז אזוי מילד און זיין בליק איז אזוי גוט און זיין ערקלערונג איז אזוי זיס, און ווי געטליכע סודות שטייגען־אויף פון די פיערקאַנטיגע אותיות, אזעלכע ווי ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געוואוסט און פערשטאַנען . . .

און וואָס מעהר דער רבי רעדט צו איהם אזוי לייכט און ווייך, פליסען אלץ די טרעהרען פונ'ם קינד מעהר און מעהר און דאָס יונגע הערצעל

צעגיסט זיך שיער נישט פאר וועהטאָג, און ער ווייסט נישט וואס איהם איז . . .

דאָס שווערט דאָס קינד ביי זיך אין הארצען: קיינמאל נישט מעהר צוצוטרעטען ביז צו דער „אסרא״ . . .

די זון איז אונטערגעגאנגען. אין „חדר״ ווערט אלץ פינסטערער, און עס הערט זיך נישט מעהר, ווי די ציטערדיגע שטימע פונ׳ם רבי׳ן לערנענדיג היינט די תורה צום לעצטען מאָל . . .

און פאר דער טיר הערען זיך טריט פון פארבייגעהענדיגע מענשען, וועלכע רעדען גריביש, און די וועלט דרויסען איז פרעהליך און לוסטיג . . .

*

דאָס ליכטעל אינ׳ם חנוכה־לייכטער איז שוין לאנג פערלאָשען.

אינ׳ם לערערנעם פאָטער־שטוהל זיצט נאָך די באָבע, און האלט די הענד אויף איהרע ביידע אויגען און שווייגט. — דרויסען האָט דער ווינד אויפגעהערט צו וואיען און פייפען, און נאָר דרינען ליגט א שווערער טרויעריגער נעבעל אויסגעגאָסען איבער דער גאנצער שטוב.

# שיר השירים

## I

אויף דער ביהנע אינ׳ם אלקהאזאר־נארטען טרעט־אויף יעדען אווענד די זינגערין איליאנא די־קאלאטי. דאס טעאטער איז יעדען אווענד איבערפולט — און אלע אויגען גליהען און באקען ברענען. די קינסטלערין האט אלעמענס הערצער בעצויבערט; באלד ביים ערשטען ארויסטריט האט זי אלעמען געמאכט פאר איהרע שקלאפען. א בחור׳ל פון א יאהר זיעבצעהן האט זי זינגען געהערט, און ער האט זיך געקויפט א רעוואלווער און האט זיך דערשאסען. א יונג אפיצערעל האט זיך געשוואוירען, אז דאסמאל מיינט ער עס אויף אנ׳אמת און ער וועט דורכאוים חתונה האבען מיט איהר. די קינסטלערין אבער איז געווען ווי אנ׳אייזערנע וואנד, וועלכע איז נישט דורכצוברעכען. יעדען אווענד נאכ׳ן זינגען האט זי געפלעגט אראבצוגעהן פון דער ביהנע אין בעגלייטונג פון איהר דיענסט־מיידעל, און קיינער האט זיך נישט געוואגט צו איהר צוצוגעהן.

און יעדען אווענד האט זי איהרע ליעדער געזונגען.

און דאס פובליקום האט יעדעס מאל געפלעגט רעש׳ן און פילדערען און שרייען: „מיר ווילען דאס ליעד „שיר השירים”! זינגט אונז דאס ליעד „שיר השירים”!” —

און די קינסטלערין פלעגט בעצויבערענדיג לאכען און דעם פובליקום צוליעב טהון און זי פלעגט זינגען איהר „שיר השירים”:

„פערשטומט זענען פויקען, צימבאלען און הערנער.
ביי שלמהיס געלעגער האלטען די שמירה
מיט שווערדען בעקליידטע מלאכים־געשטאלטען,
זעקסטויזענד פון לינקס, זעקסטויזענד פון רעכטס.

זיי שיצען דעם קעניג פון בייזע חלומות,
און ציהט ער פערפיגסטערט צוזאַמען די ברעמען,
דאָ בליצען געשווינד באַלד די שטאָהלענע פלאַמען
פון צוועלפטויזענד שווערדען אַרויס פון דער שייד.

נאָר ווידער צוריק אין די שיידען פאַלען
די בליציגע שווערדען, די נעכטליכע שרעקען
פערשווינדען; עס גלעט זיך ווידער דער שטערען
ביים שלעפער און ס׳יהערט זיך שעפטשענד זיין קול:

„שולמית! דאָס לאַנד איז אַרום דאָ מיין אייגען,
מיר זענען מדינות געגוג אונטערטעניג,
בין קעניג פון יהודה און איבער ישראל —
דאָך ליעבסטו נישט, פערגעה איך און שטאַרב."

די ווערטער זענען פון היינריך היינע און די מוזיק צו זיי האָט געמאַכט עפעס א דייטשער קאָמפּאָזיטאָר.

און אינ׳ם טעאַטער, אויף אַנ׳עק־פּלאַץ אין דער צווייטער רייהע, זיצט יעדען אָוועגד א יודישער יונגערמאַן, א סטודענט מיט א שעהן, עדעל געזיכט און האָרכט. די אויגען בליקען אהין נאָר צו איין פונקט, און די דאָזיגע אויגען ווערען וואָסאמאָל גרעסער. און וואָס מעהר ער בליקט און וואָס מעהר די אויגען ווערען איהם גרעסער, ווערט דאָס געזיכט ביי איהם אַלץ בלאַסער . . .

II

— האָסטו מיך באמת׳דיג ליעב ?

דער יונגערמאַן האָט נישט געענטפערט. ער האָט זי נאָר פעסטער נאָכצען פּובליקום.

אויך די זינגערין אויף דער ביהנע האָט איהם בעמערקט צווישען דעם

צוגעדריקט צום הארצען, און דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט, געקלאַפּט . . .

און דאַן, ווי דאָס דיענסט־מיידעל האָט זיי געבראַכט די שוואַרצע קאַווע מיט דעם בענעדיקטען, האָט ער מיטאַמאָל אָנגעהויבען רעדען. ער האָט דערצעהלט און דערצעהלט, און האָט גאָרנישט געקענט אויפהערען. אָנגעהויבען האָט ער זיך מיט דעם שיר־השירים־ליעד. דאָס ליעד, צוזאַמען מיט דער מעלאָדיע און מיט דער שטימע — די דאָזיגע וואונדערליכע שטימע, ווי ער האָט קיינמאָל נישט קיין עהנליכע געהערט — זענען איהם ביז צום הארצען געדרונגען. עפּעס, וואָס ער ווייסט נישט וואָס, האָט אין איהם געגראָבעלט און געגראָבעלט. זינט דענסמאָל האָט ער אין די נעכט נישט מעהר געקענט שלאָפען. —

דאָס מיידעל האָט איהם פּלוצלינג אַ קוש געגעבען.

און דאַן נאָכאַמאָל די זעלביגע פראַגע:

— האָסטו מיך ליעב?

און דאָסמאָל האָט ער מיט׳ן מויל און מיט אַ פריידענגעשריי געענטפערט: יאָ!

— אויך איך האָב דיך ליעב . . . האָט זי געענטפערט שטיל און ווי פערשעמט.

און פּלוצלינג: — וועסטו פאַר מיינעטוועגען אַלץ טהון, וואָס איך וועל פון דיר פערלאַנגען?

— אין פייער און אין וואַסער!

— אין פייער? דאָס זעה איך שוין! אָבער איך וואָלט וועלען, אַז דו זאָלסט פאַר מיינעטוועגען געהן אויך אין וואַסער . . .

ער האָט אין ערשטען אויגענבליק נישט פערשטאַנען.

פּלוצלינג אָבער איז ער בלייך געוואָרען . . .

## III

ווי אַ שאָטען איז ער אַרומגעגאַנגען. ביינאַכט איז ער נישט געשלאָפען אין בייטאָג איז ער געגאַנגען ווי אַ פערחלום׳טער.

ווי זאָל ער אַזעלכעס טהון? ווי זאָל ער אַזעלכעס טהון?

און דער הערבסט איז געקומען און דער ווינטער איז אוועק און ער איז אַלץ נאָך אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטען. ער איז נאָך אַלץ נישט געקומען צו קיין בעשלוס.

און איינמאָל האָט ער זיך ענדליך בעשלאָסען . . .

אָבער — וועניגסטענס נאָך איין מאָל האָט ער געוואָלט אהיים אין זיין שטעדטעל און זעהן זיין טאַטע און זיין מאַמע און דעם אַלטען זיידע. איין חודש וויל ער בעוויינען זיין אידישקייט און דעם רעשט פון זיינע קינדער־יאָהרען . . .

IV

די סדר־נאַכט. אויפ׳ן טיש בליצט דאָס גאָלד און דאָס זילבער און די בעכערס און די באָקאַלען. אין דער מיט שטעהט דער כוס של אליהו. פון די גרויסע שווערע זילבערנע לייכטער פערשפרייט זיך אַ זיסע ליכטיגע רוה. ביים זיידענס טיש זיצען אויך טאַטע־מאַמע — נאָר דער יונגער סטודענט זיצט מיט אַראָבגעלאָזענע אויגען. ער האָט קיין מוט נישט צו קוקען פריי.

דער זיידע ריכט־אָב דעם סדר און זאָגט די הגדה, זינגט און דרעה־דעלט די ווערטער, טיילט־אַרום די חלקים און גיסט־אָן די כוסות, און די זיהן און די טעכטער און די איידעמס און די שנורען זאָגען איהם נאָך. דער יונגערמאַן אָבער זיצט — און ער פיהלט, אז ער איז דאָ אַ פרעמדער.

אַלע זענען פרעהליך און יום־טוב׳דיג, אַלע עסען און טרינקען און רעדען. אליהו קומט אריין שטיל געהט אַרום שטיל. דער יונגערמאַן אָבער זיצט און זעהט נישט און הערט נישט. ער זיצט און חלומ׳ט. אין מזרח איז ער און זיין הארץ איז אין מערב — און דאָס הארץ איז אַזוי שווער, אַזוי שווער . . .

און פלוצלינג שא! עס איז חצות און דער זיידע זאָגט אויפ׳ן קול. ער זינגט . . .

איז דאָס נישט שיר השירים?

„לעהנט מיך אונטער מיט בעכערס,
האַלט מיך אונטער מיט עפּעל,
דען איך בין קראַנק פון ליעבע.
זיין לינקע אונטער מיין קאָפּ און זיין רעכטע נעהמט מיך אַרום."

און דער יונגערמאַן הערט זיך צו און זיין הארץ טריעפט און טריעפט...
און דאַן:

„אָט איז דאָס בעטעל פון שלמה'ן,
זעכציג גבורים אַרום איהם פון די גבורי ישראל,
יעדער מיט זיין שווערד ביי דער זייט, פון נעכטליכער מורא".

וואָס זאָל דאָס בעדייטען? — איז ער וואך? חלומ'ט ער? . . . אָה, די דאָזיגע שטימע! ווען האָט ער זי אמאָל געהערט? ניין, אזוי געהערט האָט ער זי נאָך קיינמאָל נישט, אזוי אינערליך און פול נשמה . . . און פּלוצלינג מיינט ער, ער איז ווידער א קליין קינד . . .
און פּלוצלינג:

„איך שלאָף און מיין האַרץ איז וואַך.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

האָב איך אויסגעטהון מיין העמד, ווי זאָל איך עס אָנטהון?
האָב איך געוואַשען מיינע פיס, ווי זאָל איך זיי בעשמוצען?

— — — — — — — — — — — — — — — — —

בין איך אויפגעשטאַנען, אויפמאַכען מיין געליעבטען,
און מיינע הענד האָבען פון באַלזאַם געטריעפט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

האָב איך אויפגעמאַכט מיין געליעבטען, און מיין געליעבטער
איז פאַרביי און אַוועק.
מיין נשמה האָט זיך געעקט ווי ער האָט גערעדט" . . .

און ער פיהלט, אז זיין נשמה עקט זיך.

„ווער איז דיין געליעבטער צווישען געליעבטע,
דו־שענסטע פון פרויען ?
ווער איז דיין געליעבטער צווישען געליעבטע,
וואָס דו האָסט מיך אַזוי בעשוואוירען ?"

און זיין הארץ ציהט זיך און ציהט זיך . . . ער פיהלט, ווי זיין הארץ טהוט זיך אויף און עס וואקסט און ווערט גרוים . . .
און פלוצלינג פאלט ער זיין מאַמען אויפ'ן האלז און הויבט אָן ביטערליך צו וויינען.

קיינער האָט נישט געוואוסט, וואָס עס איז געשעהן, קיינער האָט נישט פערשטאַנען.

אָבער אויך נאָך פסח איז דער יונגער סטודענט נישט מעהר אוועק פונ'ם שטעדטעל.

# אינהאַלט

# צווייטע רשימה פון אַבאָנענטען אויף דוד פרישמאַנס ווערק אין אידיש

דר׳ פּאָרטעס אברהם
קובא צבי
שאַפּירא וואָלף
פּילץ בנימין
גאָלדשמידט אברהם
סמורזש אברהם
גאָלדפעדער אברהם
בערנער לאַזאַר
קרישטאַל באַצקעל
קוטשער זלמן
רודמאַן שמואל
שאַפּירא גרענאָריאַ
זימאַן לעאָן
ראָזען שמואל
גאָלדגרוב מ.
ליטוואַק דוד
בוראַק חיים
דאַכמאַן משה
אָוסעעוויטש מאַקס
מילשטיין מאַקס
קריימערמאַן אברהם
מייזעל טוביה
דאַנטוס שמואל
רודאַי אברהם
סוראַסקי לעאָן
נימלין ישעיהו

גאָלדהאַבער משה
פּיער מאַוריסיאָ
לאַסק מאַוריסיאָ
לעווינשטיין ברוך
קאַזשוך משה
פּיער הערמאַן
ראָטבערג יצחק
ליבערמאַן יעקב
פעלדמאַן שמעון
לאַסקי כוליאַן
יאַגאָדאַ הערש
דובאָוואַי מאַקס
גערשענזאָן פסח
טענענבוים מאיר
מינדלין שמואל
גערשענזאָן סאַלאָמאָן
דובאָוואַי יוסף
לאַסק אהרן
גראָסמאַן דוד
אייזען איזידאָר
נערוביי ראובן
וואָלפאָוויטש ארמוראָ
דערזאַוויטש פרומע
בעלקינד חיים
קליפּ דוד
קאַראַסיק אליהו

סטאָלאַרסקי מאיר
לאַנדוי יצחק
אבראַמס יעקב
לעווינטאַל לייב
אוניקעל אברהם
דר׳ פּוטיאַנסקי חיים
ווייספעלד ראָמאַן
ליפשיץ משה
גורקאַ לייזער
זאַכאַריאַש יוסף
רייזבוים זיגמונט
מאַוס מאַרקאָס
שיימאַן באַריס
גורוויטש משה
גאָראָדזינסקי חיים
זאַביצקי משה
גראָפּאַ כוליאַ
גאָרענשטיין י.
טראָטנער משה
ראָסטענבערג אייזיק
ביקאַס יצחק
האַמבורג משה
גאָלדשמידט מאיר
צפת שמחה
סולקעס ענריקע
הרב ראַפּאַלין שלמה דוד